נח שטײנבערג

# יונג אַמעריקע

צװײטע אױפלאַגע



פאַרלאַג לעבן
נױיאָרק 1930

# אינהאלט:

# פאָרוואָרט צו דער צווייטער אויפלאַגע

אַ קריטיקער זעט שרייבער אַנדערש ווי זיי זען זיך אַליין... פון דעם נעמט זיך דער קאָנפליקט צווישן קינסטלער און קינסטלער קריטיקער. דאָס איז אויך די אורזאַך וואָס שרייבער זענען אָפטמאָל אַנטוישט אין קריטיק.

די צען שריפטשטעלער, וועגן וועלכע איך האָב געשריבן אין דעם בוך, זענען אויסגעוואַקסן זינט דאָס בוך איז דערשינען, נאָר מיר שיינט, אַז מיינע קריטישע ראַמען פון דרייצן יאָר צוריק זענען נאָך היינט גענוג גרויס פאַר זייערע פאָרטרעטן. אויב אייניגע פון זיי זענען נישט דערגאַנגען צו דער העכסטער מדרגה, איז אפשר די שולד פון דער פאַטאַלער סביבה, וואָס שרויפט יעדן אַריין אין אַ וועלט פון שטאָל און שטיין. אַמעריקע, דער אייזערנער מאָנסטער, שלינגט איין נשמות און וואַרפט אַרויס כיטרע פּאָליטישנס... קומט אַ רעוואָלוציאָנער, ווערט ער אַן עקספּלואַטאַטאָר; אַ נביא — אַ דעמאַגאָג; אַ קינסטלער — ווייזט ער זיין קונסט... מיט רעקלאַמע. — —

שלעכט איז דאָ, נישט ווייל מענטשן האָבן נישט קיין גאָט... נאָר ווייל די געטער האָבן דאָ נישט קיין מענטשן... צווישן די מאַשינען האָט זיך פאַרלוירן דער מענטש — — דערפאַר פעלט פיינע באַציאונג און ריינמענטשלאַכער ווערט — — — מען איז אינערלאַך פוסט, רעקלאַמירט מען גרויס דעם קליינעם איך — — — מען זוכט דערפאָלג אויפן חשבון פון צווייטן — — — אַלע זענען קראַנק אויפן סוקסעסקאַמפּלעקס. מענטשן זענען איינע פאַר די אַנדערע קרענקלאַכע מאַריאָנעטן, וואָס טאַנצן לויט ווי דער גאָט פון צופאַל ציט זייערע נערוועז. — — —

אונזערע קינסטלער דאַרפן זיך נעמען מיט קרעאַטיוון כח און אַריינבלאָזן אין דעם אַמעריקאַנער דאָלאַר-גולם אַ נשמה... מיט נביאישער סאַטירע אויסשניידן די היגע צינישע הפקרדיקייט — — נישט אַוועקגיין פון דער שטאָל-און-שטיין ווירקלאַכקייט און וויזיאָנירן אַן אויסגעטראַכטע וועלט, נאָר אויסלייטערן דאָס נייע לעבן און אָנצינדן אַ בענקשאַפט נאָך נייע הייליקייטן. אָן הייליקייטן קען די נשמה נישט אָטעמען...

די יונגע האָבן געמאַכט אַ גוטן אָנהויב, האָבן אַריינגעבראַכט אין דער אידישער ליטעראַטור עכט קינסטלערישע אויפריכטיקייט, זיי האָבן

ראפינירט די שפּראַך, געבראַכט מיט זיך סטיל, שטימונג און אינטימיטעט — — — האָבן באַרייכערט די ליטעראַטור מיט ריינמענטשלאַכע מאָטיוון.

וואָלט איך היינט געשריבן „יונג אַמעריקע", וואָלט דאָס געשריבענע געווען געמישט מיט איראָניע און סאַטירע... אָבער די אָפּשאַצונג וואָלט אין גרונט געווען די זעלבע. עס וואָלט בלויז צוגעקומען אַן עלפטער דיכטער: י. י. שוואַרץ, וואָס באַלאַנגט צום זעלבן דור פון די צען, און איז פון זעלבן וויכטיקן באַדייט.*)

אַ גרויסע צאָל פון די נייע שרייבער, וואָס זענען געקומען נאָך די „יונגע" — וואָס זענען שוין היינט נישט יונג — האָבן נישט באַוויזן צו דערגיין ווייטער פון זיי — — טייל זענען געבליבן פון הינטן... אייניגע גאָר יונגע, וואָס זענען געקומען מיט טאַלאַנט, האַלטן ערשט אין ווערן...

מעגלאַך עס זענען איצט דאָ נייע שרייבער, וואָס פאַרדינען מען זאָל וועגן זיי שרייבן מיט אַזוי פיל ערנסט און ליבשאַפט ווי איך האָב געשריבן דאָס בוך... נאָר איך לאָז דאָס פאַר אַנדערע — — נישט אַלץ קען מען זאָגן... דערצו אין אַ קורץ פאָרוואָרט.

פונקט ווי אין לעבן: גייט מיט יעדער זון פון פרייד אַ שאָטן פון צער און פאַרגיין... אַזוי אין דער ליטעראַטור: ארום יעדן געבורט און אויפגאַנג, לויערט באַ אונז אונטערגאַנג און טויט —— און קיין גאָר וויכטיקע נסים באַוויזט נישט דער צופאַל אויף דער ערד. — — —

---

די מייסטע עלטערע שרייבער זענען צוגעגאַנגען צו „יונג אַמעריקע" מיט אַ פיינטלאַכער שטימונג. די קריטיקער האָבן דאָס בוך אויפגענומען מיט אינטערעס, טייל מיט באַגייסטערונג. (ב. ריווקין, אַלגין, בעל מחשבות.) נאָר די רכילות פון טייל שרייבער איז געווען געננג קליינלאַך און געמיינלאַך... דאָס איז געווען דער לוין פאַר אנשטרענגען זיך מיט אַלע כוחות דאָס בוך זאָל זיין אַזוי אינטים און גרינדלאַך ווי מעגלאַך. אָבער די האַנט פון צייט וועט אָפּבאַרשטן אַלע אומזיניקייטן — בלייבן וועט בלויז, וואָס האָט אַ זין און אַ ווערט. — — —

---

*) אין דעם זאַמלבוך: „אידיש אַמעריקע" האָב איך פאַרעפנטלאַכט אַ פּאָרטרעט פון י. י. שוואַרצן.

# פארווארט.

דאס בוך וואלט זיך ניט גענויטיגט אין קיין פארווארט, ווען „לייט" וואלטען זיך ניט צוגעאיילט מיט ביזווילינע פארערעדעס אין די ציימונגען, אום דעם בוך צו פערלויפען דעם וועג.

עס איז קלאר, אז דאס בוך, וואס איז געווידמעט „10 יונגע שריפט־שטעלער", וועט אויפוועקען כעס און שנאה ביי די געשווארענע בייזע פאסטוכער פון אונזער ליטעראטור: ביי די, וואס האבען זייער קאריערע אלס קריטיקער געמאכט דוקא דורך פערשרייען אט די 10 יונגע שריפטשטעלער, וועמען דאס בוך איז געווידמעט —

צו דעם פראפעסיאנעלען קריטיקער־פעראיין, וואס האבען זייערע ציהען זיך קאליע געמאכט מיט טעמפע זידלערייען, וועלען נאך צוקומען די 'אלט־געזעסענע אין אונזער ליטעראטור, וואס גלויבען, אז „על פי שכל און יושר" וואלטען גור וועגען זיי געמעגט אזעלכע ביכער געשריבען ווערען —

א טייל פון די אויסגערעכענטע האבען שוין אנגעגרייט פולע מיילער און ווארטען נור אויף דער געלעגענהייט זיי פונאנדער־צרעפענען. און אייני־גע האבען אפילו קיין צייט ניט געהאט צו דערווארטען זיך...

דעם לעזער, וואס שטעהט נאהענט צו דער ליטעראטור־קאפעען, וועט די פאסקוויל־שטימונג ארום בוך ניט אויפפאלען. ער פערשטעהט גוט די אור־זאכען און די מאטיווען. אבער פאר דעם ברייטען לעזער־קרייז, וואס האט קיין זכיה ניט פערזענליך צו קענען אונזערע ליטעראטען, וועט דער קינסט־ליך־געשאפענער פ א ר א ו ר ט י י ל זיין א שטער, וואס וועט איהם צום בוך ניט צולאזען. און דאס וועט זיין א שאד, דאס בוך פערדיענט א פ ר י י נ ד ל י כ ע אויפנאהמע.

דארום פיהל איך, כאטש א זייטיגער מענש צום בוך, אויף זיך די פליכט צו זאגען א פאר ווערטער וועגען ־בוך, וואס דער פערפאסער אליין וואלט זיי ניט געקענט זאגען...

דאס בוך איז פריהער פון אלץ א ב ו ־ך. ד. ה. אן ארבייט. ביז איצט פלעגט מען יוצא זיין געגען די יונגע מיט לייכטינקע רעצענזיעס, פון דעם סארט וואס מען שיט פון ארבעל ארויס. דאס איז צום ערשטען מאל דא ביי אונז, וואס מען געהט צו צו א שרייבער מיט אזוי פיעל כבוד. איהר קענט אפשר אמאל ניט איינשטימען מיט די אבשעצונגען פון דעם פערפאסער, דער־פאר גיט ער אבער פון דעם שריפטשטעלער גופא איבערגענוג, אז איהר זאלט זיך קענען שאפען אייער אייגענע מיינונג. ער האט אין זיין מא־טעריאל אזוי פיעל אריינגעגעבען, אז דער מאטעריאל קען שוין בעשטעהן אהן איהם אויך. אייניגע פאעטען וועלען זיך ערשט פון דעם בוך אליין אויסגעפינען. ניט נאר איז יעדען פון זיי געווידמעט א 30 זייטלאך, נאר 30 טעג, און 2 און 3 מאל 30 פון מיטדענקען, מיטפיהלען און מיטלעבען מיט זיי.

דעריין איז נח שטיינבערג א פיאנער. ער האט מיט זיין ערשטען שריט אריבערגעיאגט אלע יענע היגע קריטיקער אונזערע, וואס זייער איינ־ציגע מעלה איז געווען דאס ביסעלע הארעוואניע. זיי פלעגען צונויפסקראבען א מיינונג דא און א מיינונג דארט, און זיי צוזאמענקלעפען מיט א טראפעלע שוויים. אבער ער איז אהן א פערגלייך העכער פון זיי — סיי די אוועקגע־פאהרענע און סיי די נאך געבליבענע — ווייל איהר געפינט ביי איהם אן אייגענעם קעהר און ווענד, א פלינקע באוועגונג, א פלוצלינגען איינפאל, א בליץ, א שיין... פיעלע זייטלאך פון דעם בוך זיינען געשריבען מיט אריגי־נעלען שוואונג...

ווי ער וואלט געגעבן א ראמאן. ווי ער וואלט געקומען ניט צו שאַפן, נאר צו פ ע ר א י נ ט ע ר ע ס י ר ע ן. דאס איז ניט קיין מבינות־זאגעריי אויף די שרייבער, נאר א צוזאמענלעבן מיט זיי: צו וועלכן דער לעזער ווערט אויך איינגעלאדן אלס דריטער צו מזומן.

שטיינבערג דערצעהלט פערבייוועגס א געשיכטע, פערפיהרט מיט דעם שרייבער א שמועס, כדי צו געבן דעם לעזער א געלעגנהייט צו שליסן בעקאנטשאפט מיט'ן שרייבער אונגעצוואונגענערהייט.

בעת ביי יענע קריטיקער־הארעפּאשניקעס אונזערע, האבן אט די אלע גוטע זאכן אבסאלוט געפעהלט. אין טעמפּער אונבעוועגליכקייט פלעגן זיי אקערן מיט דער נאז, אין שוויים פון זייער פּנים — און איהר פלעגט מיט זיי בלייבן דארט, וואו איהר זייט פון אנפאנג געשטאנען — ניט א טריט ווייטער. מיט זייער אומגעלומפּערטען קלעטערען אויפ'ן שרייבער, פלעגן זיי זיך קיינמאל ניט אויפהויבן העכער פון אייגענעם נידעריגן שטערן. און דאס זיינען זייערע סמנים: א בערישער שטעל, א בערישע טובה אדער אן עזעלשער בריק.

נח שטיינבערג מיט די ערשטע פּאר זייטלאך איבער יעדען שרייבער וויעגט אייך פונאנדער, און איהר קענט זיך שוין אליין בעוועגן איבער'ן שרייבער און זיינע ווערק. אויב איהר וועט זיך דערמאנען, האט איהר פון יענע קריטיקער קיינמאל די טובה ניט געהאט. ער איז געקומען ניט נאר פערנעהמען זייער פּלאץ: נאר, ניט האבענדיג עס אפילו אין זינען, האט ער געמאכט, אז זיי זאלען זיך שוין קיינמאל ניט קענען צוריק אוועקזעצן אויף זייערע פלעצער. מיר וועלען צו זיי זאגען: זיצען איז קיין קונץ ניט, קענט איהר זיך אבער אויפהויבן? נח שטיינבערג קען עס.

דאס בוך איז געווידמעט "צעהן יונגע שריפטשטעלער". מעגליך אז עס האבן בעדארפט זיין 12 אדער 16, איהר קענט מיט איהם אין דעם ניט איינשטימען. זיין מיינונג. אבער די אריינגענומענע זיינען זיכער בערעכטיגט צו זייער פּלאץ צווישען די צעהן יונגע שריפטשטעלער אין אמעריקא. יעדער פון זיי — און נח שטיינבערג האט עס בעוויזען און דאס איז זיין פערדיענסט — יעדער פון זיי האט פערוויקעלט אן אייגענעם קנויל, וואס הויבט זיך אן אין איהם גופא, ניט אין וועלכען עס איז עלטערען שרייבער. און ער קען מיט רעכט זיך אבווארפען פון דעם יחוס, וואס דער אדער יענער עלטערער שרייבער וויל אויף איהם ארויפצווינגען.

די אויפגאבע פון קריטיקער פון די יונגע איז דעם קנויל פונאנדערצוּוויקלען. נח שטיינבערג טהוט עס אויף זיין שטייגער. ער האט אנגעכאפּט א פאדעם ביי יעדען פון די יונגע, ציהט איהם פון קנויל אראב — און וועבט אויף איהם בילדער און שטימונגען, טיילווייז דעם שריפטשטעלערס, טיילווייז זיינע אייגענע. און פאר יעדען פון די שרייבער בעקומט זיך א בעזונדער וועלטעל, וואו ער, שטיינבערג, וואהנט בשותפות מיט דעם שרייבער, און וואו אייך, דעם לעזער, ציהט מיט נייגעריגקייט אריינצוקוקען.

דאס איז אן אויפטהו. קיינער פון די פריהערדיגע קריטיקער — סיי די גוטע און סיי די שלעכטע, סיי די וויציגע און סיי טעמפּע — האבען קיין שכל און קיין ווילען ניט געהאט דערצו.

א בוך מיט צעהן וועלטען איז נח שטיינבערג'ס בוך וועגען די צעהן יונגע שריפטשטעלער. מען וועט עס פון בוך ניט אוועקנעהמען.

ב. ריווקין (אבא ליליען).

# דוד איגנאַטאָוו

מיר שטרעבען היינט מעהר צו דעם אייביג מיסטישען
ווי אַמאָל. און כאָטש מיר גלויבען מעהר ניט אין
איבערנאַטירליכע ערשיינונגען און אין מעשות וועגען
גייסטער, גלויבען מיר אָבער דערפאר אַז מיר אַליין
זיינען גייסטער און — זעהר אונבעגרייפליכע...

נח שטיינבערג.

# 1.

איבערלעזענדיג דוד איגנאטאוו׳ס „פיבי״ בין איך זעהר פער־אינטערעסירט געווארען אין פערפאסער און איהם געוואלט קענען פערזענליך.

ווען איך בין געקומען אין ניו יארק, בין איך אוועק אין דער ליטעראַרישער קאפע דארט צו טרעפען איגנאַטאוו׳ן, אבער אויף מיין מזל איז ער פונקט דעמאלט ניט געווען.

ביי זיך אין גערדאנק האב איך שוין געהאט אויסגעמאלען א בילד פון איגנאַטאוו׳ן. אין אויסזעהן, האב איך זיך פארגעשטעלט, מוז ער זיין עהנליך צו א יונגען אפיציר, וואס האט ליעב צו רייטען אויף א שעהן פערד און איז שטארק געבויט, אין טעמפעראמענט איז ער אודאי עהנליך צו זיין העלד „ברוך״ פון זיין ראמאן „אין קעסעלגרוב״.

אריינקומענידג אמאל אין קאפע, האב איך דערזעהן א גרופע יונגע דיכטער ביי א טישעל. די מעהרסטע — צארטע, מיט בלא־סע געזיכטער, מיט א מילדען אויסדרוק אין זייערע אויגען. נאר איינער זיצט צווישען זיי א בייזער, אנגעבלאזען, מיט א הארט גע־זיכט און שטייפע האר אויפ׳ן קאפ, מיט ברייטליכע פלייצעס און א געזונטען קארג. ער האלט אין איין שארען די שווארצע שטייפע האר זיי זאלען זיך אוועקלעגען, נאר זיי בלייבען עקשנות׳דיג שטעהן אויף זיין קאפ, ווי זיי וואלטען געווען נאדלען.

מיר איז איינגעפאלען אז דער מיט די שטייפע האר מוז זיין איגנאַטאוו.

לאנג איז ער ניט געזעסען. ער האט זיך אויפגעהויבען, זיך גע־דרעהט פון איין טישעל צום צווייטען און איז באלד אוועק.

פון דעמאלט אן פלעג איך איהם פון צייט צו צייט טרעפען אין קאפע. ער פלעגט שנעל אריינשפרינגען, אנשטעלען אויף אלע־מען זיינע שארפע אויגען, אריינוואַרפען דא און דארט א ביין

װאַרט; זעלטען גערעדט צו עמיצען געמיטליך, נאָר זיך געדרעהט מיט שטייפע גלידער אהין און צוריק און שנעל ארויסגעלאָפען.

איך האָב געקראָגען דעם איינדרוק, אז דאָס איז א מענש מיט אן אייביגע אונרוה. ער האַלט נאָר אין איין לויפען...

דער פערלאַנג זיך מיט איהם צו בעקענען האָט זיך ביי מיר איבערגעביטען אויף א מאָדנעם געפיהל צו זיין מיט איהם פון דער װייטענס.

צו עס איז מיר געװען דערװידער זיינע שטעהענדיגע האָר, צו זיינע שפּיזיגע אויגען, אָדער זיין דרעהען זיך מיט שטייפע גלידער: אפשר זיין געצװאונגענער שװייגען? —

װער װייס. נאָר איין זאך האָב איך געפיהלט, אז ס'איז בעסער מיט דעם מענשען ניט צו האָבען קיין סך צו טהאָן. אָבער מערק־װירדיג, יעדעס מאָל װען איך האָב איהם געזעהן, האָב איך געמוזט פון איהם טראכטען. ער האָט אין זיך אזא שארפקייט, װאָס מאכט אייך פיהלען, אז ער איז דאָ.

איינמאָל האָב איך איהם געטראָפען אן אויפגערעגטען, מיט גליהענדיגע אויגען. דאָס איז א שטורם־מענש, האָב איך געטראכט. ער קען א ליאדע מינוט ארויספּלאצען. עפּעס טראָגט ער ארום א פערבאָרגענעם כעס אויף דער גאנצער װעלט. איז אימער קריעגס־לוסטיג, גלייך יעדער איינער װאָלט איהם געװען א שטערונג אין װעג...

א לאַנגע צייט האָב איך זיך מיט איהם פערזענליך ניט גע־קענט. ביז ארום יענער צייט, װען א גרופּע פון די גאָר יונגע דיכ־טער האָבען זיך צוזאמענגענומען און ארויסגעגעבען דעם זאמעלבוך „פון מענש צו מענש", האָב איך דעמאָלט װעגען דעם געשריבען א רעצענזיע. פּונקט װען מיין רעצענזיע איז געװען געדרוקט, קומט איג־נאַטאָװ אריין אין קאפע, שטעלט זיך אװעק און קוקט און שװייגט. א בעקאנטער דיכטער שטעלט מיר איהם פאָר:

„דאָס איז דוד איגנאַטאָװ".

ער דערלאַנגט איהם מיין קריטיק, איגנאַטאָװ גיט א נעהם אין האנד און לייענט.

איך זעה, װי זיינע אויגען װערען גרעסער און שפּיזיגער. נאָר די ליפּען װערען װאָס אמאָל קלענער און פעסטער צוגעשלאָסען, און אויפהויבענדיג זיין קאָפּ װענדט ער זיך צו מיר:

„דאָס האָט איהר געשריבען ?!“

„יאָ“, האָב איך געענטפערט.

„אַ נייער בעל דעה!“ וואָס פאַר אַ רעכט האָט איהר צו שרייבען קריטיק?“

„וואָס דען, נאָך אייער מיינונג דאַרף מען גאָר ניט קיין קריטיק?“

„אַ קריטיק דאַרף מען שוין גאָר האָבען, אבער אַ שאַפענדע, אַ בויענדע: אַ קריטיק וואָס זאָל אויפהויבען דעם גייסטיגען פאַרהאַנג פון'ם נייעם דור“.

ער האָט ווייטער געלעזען און זיינע נאָזפליגעל האָבען גענומען ציטערען. ער איז געוואָרען אין גאַנצען אַנגעצונדען מיט כעס און גענומען שרייען:

„וואָס האָט איהר זיך אַנגעזעצט אויף דער אידישער ליטעראַטור? וואָס גיט איהר איהר? וואָס ווילט איהר? קריטיקער!“

איך האָב איהם געוואָלט איינשטילען צוגעבענדיג, אַז ס'איז אמת. יעדער פּאָפּוגאַי, וואָס האָט זיך אויסגעלערענט האַלטען אַ פּעדער, שרייבט ביי אונז קריטיק. אבער מיין אבזיכט איז ניט צו שרייבען די אַזוי גערופענע „קריטיק“ נאָר איך וויל נעהענטער בעקענען די אידישע לעזער מיט די שאַפונגען פון די יונגע שרייבער. ער איז אָבער געווען צופיעל אויפגערעגט, ניט געוואָלט הערען וואָס איך זאָג, נאָר געהאַלטען אין איין שרייען, געגעבען אַ וואַרף די צייטונג אויפ'ן טיש און איז ארויס.

הערענדיג אַזעלכע טענות, האָט זיך מיר געדאַכט אַז ער וויל אימיטירען זיין זעהר ניט קלוגען העלד פּון „קעסעלגרוב“, וואָס „דערפיהלט ווי אריינצורייסען זיך אין קאָפּע מיט ריטער אין די הענד און זיי נעהמען שמייסען איבער די קעפּ, איבער די פּנימ'ער: ארויס! ארויס פון דאַנען! געהט צום טייוועל, טהוט עפּעס.“

„ברוך“ איז דאָך איגנאַטאָוו אויס'ן אויג. ער איז אויך אימער אַזאַ בייזער, אַזאַ אַנגעבלאָזענער ווי זיין בעשעפער, האָב איך געטראַכט.

פון דאַמאָלט אָן ווען איך האָב געטראָפען איגנאַטאָוו'ן, האָב איך אויסגעמידען מיט איהם צו רעדען. נאָר עפּעס איז ער מיר ניט געווען פערשטענדליך. מיר פלעגט זיך שטעלען די פראַגע: ווי קומט דאָס, אַז דער פּערפאַסער פון דער עלאַסטיש בויגזאַמער ער-

צעהלונג וועגען דער קאפריזנער „פיבי" זאל זיין אזא שטייפער? כמעט אלע יונגע שרייבער זיינען אזעלכע מילדע געמיטליכע מענ־שען און ער געהט שטענדיג ארום מיט אן צונגעשטרענגטען בליק ווי ער וואלט זאגען:

„איהר פיהרט זיך ניט אויף ווי גרויסע מענשען דארפען זיך פיהרען".

און ביי מיר האט זיך אבגעשטעלט אזא מיינונג: דעם מענש דאכט זיך, אז ער ווערט ניט פערשטאנען. ער האט ניט וועמען זיינע עצות צו געבען. און געבען ווילט זיך איהם דאך... דאס איז אזא נאטור. ביי איהם איז דא א פערלאנג צו זיין א פיהרער. לאזט מען איהם ניט, ווערט ער קריגעריש, געהט ארום אנגעלאדען, וואס ער האט ניט וועמען צו פיהרען — ווייל יעדער איינער קען זיך היינט בעגעהן אהן א פיהרער...

און אפשר נאך דערפאר איז ער אזוי בייז אנגעלאדען, ווייל ער טראגט זיך ארום מיט בויענדע פלענער און קען זיי ניט דורכפיה־רען און דורך דעם זיין געצוואונגענער שווייגען.

און נאך וואס האב איך פאר דער צייט געהאט די געלעגענ־הייט צו בעמערקען: איגנאטאוו, אפילו ווען ער זיצט אין געזעל־שאפט און רעדט, איז ער אויך ווי אליין... איך האב איינגעזעהן אז ער קען זיך ניט צונויפמישען מיט די איבעריגע. ער איז פון די עקסטרעם איינזאמע... ער לאזט זיך דערפאר שווער דערקענען.

ביי מיר איז דערפאר געווארען שטארק דער פערלאנג צו ווי־סען: ווער איז איגנאטאוו?!

ווי אזוי איז ער אין זיין פערזענליכען לעבען?

וואו איז די עהנליכקייט צווישען דעם אויפגערעגטען צוטרא־גענעם מענשען און דעם פערפאסער פון דער טאקטפולער ערצעה־לונג „פיבי"? און ווי אזוי קען איינער, וואס איז אלעמאל אנגע־שטעלט, פערשטעהן מענשען און זיי מאהלען?

כדי אין דעם קלעהרער צו ווערען האב איך אנגעווענדט די אלטע מעטאדע: אום דעם דיכטער צו פערשטעהן איז דאס בעסטע צו געהן צו איהם א היים.

ביי א געלעגענהייט האב איך אבגערעדט מיט איגנאטאוו'ן זיך צו טרעפען ביי איהם אין הויז.

## 2.

ס׳איז געווען א קיהלער זומער טאָג. איך האָב זיך געפיהלט פריש און אויפגעלייגט. נעהם איך די קאר און זי פיהרט מיך צו איגנאַטאָוו׳ס הויז. דער וועג, וואו מען פאָהרט צו איגנאַטאָוו׳ן, איז זעהר א שעהנער. די קאר פאָהרט פערביי דעם פראָספעקט פארק מיט זיין גרויסען טריאומפולען טויער מיט די בראָנזענע פיגורען. די בוימער פליהען פערביי, און דאָס אויג רוהט דערווייל אויף די גרינע גראָז וואָס איז פאר זיי אויסגעשפּרייט.

און איך האָב זיך אָנגענומען מיט אן איגנאַטאָוו־שטימונג:

פונקט ווי איגנאַטאָוו האָב איך ליעב מיינע אויגען זאָלען קוקען פריי און זיך ניט אָבשלאָגען אן די הויכע גרויע ווענד פון די ריעזיגע געביידען. ווייל אין דער נשמה פון יעדען איינעם פון אונז ליגט דאָך די בענקשאפט צו „רוים און ווייטקייט“, וועגען וועלכער איגנאַטאָוו רעדט אזוי פיעל אין זיין ראָמאן „אין קעסעלגרוב“. צו מיר ווייסען, צו מיר ווייסען ניט, בענקען מיר דאָך אלע צו די ברייטע פעלדער, וואו דאָס אויג קען זעהן פריי און ווייט... אונטער א פרייען הימעל פיהלט זיך דער מענש גרויס. אין דער שטיינערנער ענגשאפט פון דער גרויסער שטאָדט ווערט דער מענש קליין... די נשמה פיהלט זיך ענג, אלט און פערלוירען אין דעם כאאָס פון שטיין און אייזען... מען ווערט אליין א מילב צווישען מיליאָנען רוישענדע מילבען־מענשען...

האָב איך שוין געהאט א פארטיגע ערקלערונג ווארום איגנאַטאָוו וואוינט ווייט פון רוישענדען צענטער פון שטאָדט.

איגנאַטאָוו וואוינט אין פלעטבוש. איינער פון די שעהנסטע ווינקלען אין גרוים ניו יאָרק. גאסען ווי בולווארען שעהנע, ציכטיגע קאטעדזשעס, בלומען, בוימער פאר די הייזער און א ברייטער פרייער הימעל.

אז איך בין צוגעקומען צום הויז, וואס איז איינגעהילט אין

שאטענס פון בוימער און אנגעקלאפט אין טהיר איז מיר איגנאטאוו ארוים אנטקעגען מיט זיין אינגעלע אויף דער האנד. דורך א שעהן פאדערהויז, אויסגעצירט מיט שפיגלען, האט ער מיך אריינגעפיהרט אין זיין שרייב־צימער. גרוים, ליכטיג, די פאדערשטע וואנד בלויז פענסטער. די זון צושפרייט איבער'ן גאנצען טיש, דערלאנגט מיט איהרע שטארהלען צו דער פיאנע, זיך שפיעלענדיג מיט די ווייסע ביינדלאך.

איך קוק זיך ארום. אויף די ווענט הענגען רעפרעדוקציעס. ביי דער לינקער זייט וואנד שטעהט א שראנק מיט געבונדענע ביכער. אויפ'ן שאפע מארמארנע סטאטועו. אויפ'ן טיש ליגען זשורנאלען און ביכער. צווישען זיי א באנד דע־לוקס פון קראפאטקינ'ס „מעמוארען פון א רעוואלוציאנער". עסווארפט זיך אין די אויגען א פיגור, וואס ווידערהוילט זיך אויף די פערשיעדענע בעציהרונגען פון שרייב־טיש — שלאנגען. און אלס הערשענדער סימבאל איבער זיי אלע, דאס אינטערעסאנט בילד פון דעם יונגען מאהלער ליכטענשטיין — „א געשלעג פון שלאנגען". נעבען ראנד פון טיש שטעהט א בראנזען פערד ווי עס וואלט האלטען אין איין לויפען... איך דערמאן זיך גלייך אן דעם פערד, וועגען וועלכען איגנאטאוו רעדט מיט אזוי פיעל פאטהאס אין זיין ערצעהלונג „גאט בעהיט און בעשיץ".

„עס איז שפעט ביי נאכט. אויף מיין טיש שטעהט אויף א קורפערנעם פעדעסטאל אן אומבעצוימטער ווילדער פערד פון קופער — א מתנה פון א פריינד".

איך דערפיהל באלד דעם איגנאטאוו וואס האט ליעב אזוי פיעל רעקאראטיווע שעהנקייט אין אלע זיינע זאכען. א קינסטליכע אטמאספערע. די פיאנא און די צושפרייטע נאטען דא און דארטען, יבען דעם צימער א הויך פון מוזיק. איך האב שוין פון פריהער עוואוסט אז איגנאטאוו'ס פרוי איז א מוזיקערין.

בעת איך בעטראכט אלעם געהט איגנאטאוו ארום איבער'ן צימער, זיין אינגעלע אויף דער האנד, אין א ווײלע ארום לאזט ער איהם אראב אויפ'ן ווייכען קארפעט. וויל ער זיך אליין ניט שפיעלען, שלעפט דעם טאטען פאר דער האנד. לייגט זיך דער טאטע אויך אויפ'ן קארפעט און קאטשעט זיך מיט'ן קליינעם זוהן אהין און צוריק. זיינע האר ווערען צושויבערט, די אויגען קליין און

שמייכלענדיג... איך קוק מיט הנאה אויף דעם גוטען טאטען וואס שפּיעלט זיך מיט זיין קינד... גאר ניט דער זעלבער איגנאטאוו! דאס קינד רייסט איהם ביי די האר, שלעפּט איהם ביים אויער און ווייזט איהם מיט'ן הענטעל אז ער וויל עפּעס. שטעלט זיך דער טאטע אויף און געהט מיט איהם אריין אין זיין אייגענעם צימער.

דעם קינד'ס צימער איז אויך מיט גרויסע פענסטער. די גרינע צווייגעלאך פון א בוים בויגען זיך אריין אין פענסטער גלייך זיי ווילען אריינקוקען. אין דער זייט שטעהט דעם קינד'ס בעטעל. אויפ'ן דיל ליגען זיינע שפּיעלצייגען. אן אנגעשטאָפּטער בער, א פערדעל, א וועגעלע, און נאך אנדערע שפּיעלצייג. דאס קינד זעצט זיך אריין אין דעם וועגעלע. דער טאטע איז דאס פערד. דאס קינד שרייט ער זאל מיט איהם „גיך, גיך" פאהרען, און איגנאטאוו שלעפּט דאס וועגעלע אהין און צוריק איבער'ן שטוב.

„איהר זעהט וואס מען דארף זיין, אז מען איז א טאטע?" לאכט צו מיר איגנאטאוו. גאר אן אנדער מענש, טראכט איך ווי־דער.

דאס קינד פערבענקט זיך נאך דער מאמע און פערלאזט דעם טאטען. בלייבענדיג אליין געהען מיר איבער צו ליטעראַרישע ענינים. אין געשפּרעך האב איך איהם געפרעגט: וואס האט איהר, אלס רעדאקטאר, בעצוועקט מיט'ן ארויסגעבען די זאמעלביכער „שריפטען"?

„א, דאס איז א לאנגע געשיכטע" מאכט ער צו מיר און ציהט זיך אויס אין דער גאנצער לענג אויף דער זאפע, שפּארט אן זיין קאפּ אנטקעגען דעם טעפּעכעל פון דער מוטער רחל'ס קבר און נאך א לאנגע פּאוזע זאגט ער מיר:

„ערשטענס האב איך געוואלט ארויספיהרען די שרייבער, וועלכע האבען זיך ניט געוואלט דרוקען אין די עקזיסטירענדע צייטונגען און זשורנאלען. צווייטענס, האט מיך געלאקט אט דער נייער טאן, וואס קען דורך די מענשען אריינגעבראכט ווערען אין אונזער ליטעראטור".

„און וואס דענקט איהר בעשטעהט אט דאס נייע?" — האב איך געפרעגט.

„הויפּטזעכליך ניי איז דאס פּערזענליכע, וואס זיי ברייננען

אריין. די דאָזיגע שרייבער שרייבען וועגען זיך אַליין, וועגען זייער אייגענעם „א י ך".

„רעכענט איהר, אז דאָס איז טאַקע אזא גרויסע מעלה?" — האָב איך ווידער געפרעגט.

„יא, איך האַלט דאָס פאר א פערדיענסט. איין מענש דאַרף זע־נען אַלע מענשען, ווייל קיינער פון אונז איז דאָך ניט אראָבגעפאַלען פון הימעל, מיר זיינען דאָ אַלע געבוירען און אויסגעוואַקסען צווי־שען טויזענטער מענשען פון אונזער מין. הייסט דאָס, ווען מיר שרייבען פון זיך, שרייבען מיר צו דער זעלבער צייט פון די אַלע מענשען צווישען וועלכע מיר זיינען אויסגעוואַקסען".

„יא. אבער ווי באַלד אזוי, זיינען דאָך די עלטערע שרייבער שוין אויך געווען די פערטרעטער פון זייער דור?"

„אפשר יא און אפשר ניט. יעדענפאַלס די פערטרעטער פון אונזער איצטיגען דור זיינען זיי געווים ניט. מיר דאכט זיך, אז זיי האָבען איבערהויפּט געשריבען פון מענשען, וואָס זיינען צו זיי ניט געווען אייגען, און אויך ניט אייגען צו זייערע לעזער. נעהמט אַלס ביישפּיעל לאָמיר זאָגען, טביה דעם מילכיגען. עס איז קלאָר אז טביה דער מילכיגער אַליין וועט דאָס בוך „טביה דער מילכיגער" ניט לייענען. און דאָס איז אויך ניט שלום עליכם. דאָס אייגענע קען אויך געזאָגט ווערען וועגען „שלמה נגיד". און כמעט וועגען די מעהרסטע שריפטען פון די עלטערע שרייבער. הייסט דאָס, אז דאָס זיינען ווערק געשריבען פון זייטיגע מענשען, אז לייענען זאָלען דאָס ווידער זייטיגע מענשען. אבער דער היינטיגער דור איז א צו פער־זענליכער און וויל לעזען וועגען זיך".

יא. האָב איך זיך אָנגערופען. מען קען דאָך זאָגען אז טאראס בולבא וועט „טאראס בולבא" ניט לייענען; איז דערפון געדרונגען אז גאגאל איז ניט קיין גרויסער שרייבער?

„אָ ניין", האָט איגנאַטאָוו ווידער אָנגעהויבען. — גאגאל איז שוין גאָר א גרויסער שרייבער. ער איז אָבער געווען איינער. ער האָט דאָס גליק געהאט צו זיין אין איינעם מיט פּושקין'ען, טורגע־נע'ן, לערמאנטאָוו'ן, אזוי, אז גאגאל האָט ביי די רוסען געקענט זיין א גאנץ אָנגעלייגטע מתנה. ביי אונז אבער איז די גאנצע לי־טעראַטור ביז איצט, פול מיט אזעלכע טביה'ס און מיט אזעלכע שלומה נגידס, מיט קרומע פישקעס און אזוי ווייטער. און דאָס האָט

געבראכט צו דעם, אז דער געזונטער לעבעדיגער לעזער איז אין גאנצען אוועק פון דער אידישער ליטעראטור, ווייל ער געפינט זיך שוין ביי די גוי'אישע שרייבער גיכער, ווי ער קען ערוואַרטען זיך צו געפינען ביי זיינע אידישע".

ער האָט זיך אויפגעזעצט אויף דער זאפע, זיך צוגעבויגען צו מיר און געזאָגט אויף א נידעריגען טאָן:

„אונזער ליטעראטור איז ביז איצט געווען א שבת־אויבם ליטעראטור און ניט מעהר. צו קומען צו דער באבען נאָך שבת־אויבם איז א גאנץ איינגענעהמע זאך, שבת איז אבער איינמאָל אין וואָך — איהר פערשטעהט? מיר האָבען ניט געהאט קיין קינסטלער בעפאָר פרץ'ן. פרץ איז געווען דער ערשטער אידישער קינסטלער".

ער האָט מיר גענומען קוקען גלייך אין די אויגען אריין.

„איך וויל איהר זאָלט מיך פערשטעהן. שרייבער האָבען מיר יאָ געהאט בעפאָר פרץ'ן. זיי האָבען געשריבען מעשות, אביסעל צו בעלערנען, צו קריטיקירען, אָבער דאָס איז ניט געווען קיין קונסט. פרץ איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט בעהערשט יעדער שורה וואָס ער האָט געשריבען. די איבעריגע שריפטשטעלער, מענדעלע און אפילו שלום עליכם האָבען געשריבען, ווייל ביי זיי האָט זיך פשוט גערעדט. ס'איז אויך ניט בעסער געוואָרען מיט אש'ם קומען. אבער אזעלכע האלט איך ניט פאר קיין קינסטלער. זיי קענען ניט בעפריעדיגען אונזער דור. דערפאר ווען איך בין געגאנגען ארויסגעבען די „שריפטען" איז מיין הויפט אידעע געווען דאָס נייע, דאָס פרישע, דאָס נויטיגע. פערשטעהט זיך, אז איך האָב געהאט גענוג אויסצושטעהן. פיעלע האָבען זיך אָנגעבאטען, צווישען זיי זיינען גראד אויך געווען אזוינע פון וועלכע איך האלט, נאָר דרוקען זיי אין די ערשטע זאמעלביכער האָב איך פונדעסטוועגען ניט געקענט. ווייל ווי גוט זיי זאָלען ניט שרייבען זיינען זיי אבער בלויז אן אבקלאנג פון יענע אלטע. און ווען אזוי פיעל מענשען האָבען זיך געפונען אלס אויסענגעבליבענע — נו, ווייסט איהר דאָך וואָס פון אזעלכע זאכען קומען ארויס..."

ביי די לעצטע ווערטער האָט זיך איגנאטאָוו אויפגעהויבען פון זאָפע און גענומען שפּרייזען אהין און צוריק איבער'ן גרויסען ליכטיגען צימער. א ווײלע האָט ער אזוי אומשפאצירט. איך האָב איהם

נאָכגעקוקט און פּלוצלונג האָט ער זיך צו מיר אָהין א פּאר וואָס א וווּנד געטהאָן:

„אט איהר ווייסט וואָס איך וועל אייך זאָגען — זיי שרייען דאָך אלע אז מען פערשטעהט אונז ניט, מען ווייסט ניט וואָס מיר ווילען; אבער איך גלויב אז דער אומפערשטענדליכסטער קאפּריז פון יעדען איינעם פון אונז איז זיי א סך אייגענער און נעהענטער ווי די אלע אזוי גערופענע פּשוט'ע און אנדערע מעשות וועלכע זיי פערשטעהן יא".

„מאָדנע, אויב אזוי, האָבען די „יונגע" שוין לאנג געדאַרפט פערנעהמען דעם אויבען אָן ביים לעזער?"

„א, ווען אלץ וואָלט זיך לייכט איינגעגעבען..."

איך האָב זיך געגרייט נאָך עפּעס צו פרעגען — נאָר זיין פרוי איז פּונקט אריינגעקומען און אונז געבעטען צו געהן עסען.

זיי האָבען מיך אריינגעפיהרט אין עס־צימער, וואו די ווענד זיינען פון בלויז פענסטער. אזוי אז ס'קומט אריין זון פון אלע זייטען... ער האָט אויפגעעפענט א פענסטער עס זאָל אריינקומען די לופט פון גארטען. מיר האָבען זיך געזעצט עסען. איך בין געוואָרען ערשטוינט, דערוויסענדיג זיך אז ער איז א וועגעטעריאַנער. מיל־כיגע זופּ און אשפּאראגען מיט פּוטער. בעסער ווי פליישׁ. נאָר דאָס וואָס ער איז א וועגעטעריאַנער איז מיר אויסגעקומען א ווידער־שפּרוך צו זיין כאראקטער...

ביסלעכווייז האָט אָנגעהויבען ווערען דונקעל. ווען מיר זיינען שוין געווען פארטיג מיט'ן עסען זאָגט ער צו מיר:

„קומט ארויס אין גאָרטען, איידער ס'ווערט נאכט, וועט איהר קענען זעהן מיינע בלומען..."

מיר זיינען ארויס און שפּאצירט אויף דעם נאָר וואָס געשני־טענעם גראָז. ער האָט מיך צוגעפיהרט צו א בייט בלומען און זיי אָנגערופען ביי די נעמען. קיין גרויסע פערנאַנדערגעוואַקסענע בלו־מען האָט מען נאָך ניט געזעהן. ערשט אָנגעהויבען שפּראָצען.. נאָר טהייל זיינען שוין געווען שעהן. ער האָט מיך צוגעפיהרט צו אַן אנ־דערע בייט און מיר געוויזען. מען האָט נאָך גאָר ניט ארויסגעזעהן.

„די האָב איך ערשט נעכטען פערפלאַנצט. שפּעטער אז זיי וועלען אויסוואַקסען, וועלען זיי זיין אזוי גרויס ווי מענשען".

ער האָט מיך ארומגעפיהרט איבער'ן גאָרטען און מיר געהאל־

טען אין איין ווייזען פערשיעדענע איינגעפלאנצטע בוימלאך. טהייל זיינען שוין געווען היבש אויסגעוואקסען... צווישען זיי האט זיך אנגעזעהן איין בוים, וואס איז געשטאנען אין גארטען ווי א פרעמ־דער.

האט ער מיך א פרעג געטהאן מיט א מיסטעריעזען טאן:

„איהר זעהט דעם בוים? דער איז שוין געווען פערדארט איי־דער איך האב זיך דא אריינגעצויגען. איך האב באלד געזאגט, אזוי ווי איך האב איהם נאר בעטראכט, אז דער אלטער בוים וועט מור־זען אבשטארבען... — איך האב דערפאר גענומען פלאנצען נייע...“

„ווער טהוט דאס אלץ אויף?“ פרעג איך איהם.

„וואס הייסט ווער? איך בעארבייט אליין מיין גארטען“ האט ער מיר געענטפערט פיעלדייטיג. וואונדערליך, א איד זאל זיך אבגע־בען מיט אזוי פיעל ליעבע צו פלאנצונגען... ס'איז טאקע זעהר שעהן. זעהר שעהן, האב איך געטראכט און די גאנצע וועלט האט מיר אין דעם מאמענט אויסגעזעהן צו זיין שעהנער...

## 8.

איך האָב אייגענטליך נאָך פון פריהער געוואוסט, אז איגנאטאוו איז איינער פון די ענערגישסטע צווישען דעם נייעם דור שרייבער. דאָס ארויסגעבען פון די זאמעלביכער „שריפטען“ האָט געפאָדערט פיעל אנשטרענגונג און ער האָט געארבייט שווער ביז ס'איז איהם געלונגען דורכצופיהרען די ארבייט אזוי ווי ער האָט געוואָלט. די זאמעלביכער זיינען טאקע ארויסגעקומען די שעהנסטע וואָס איז ווען געווען אין אידיש. צו דעם האָט זיך געפאָדערט געשמאק און כאראקטער.

באלד האָבען זיך אבער גענומען הערען פראָטעסטען פון די אומצופריעדענע. איגנאָטאָוו איז אן איינזייטיגער מענש. אייגענעקש'נט אין זיינע מיינונגען. איז געקומען צו א ריס צווישען איהם און די אנדערע שרייבער. האָבען זיי אויך גענומען ארויסגעבען זאמלונגען. דערפון איז ארויסגעקומען דער זאמעלבוך „די נייע היים“.

מיט דער צייט זיינען די רייבונגען געוואָרען מעהר און מעהר. דער נאָהענטער קרייז פון די יונגע דיכטער איז זיך אלץ מעהר און מעהר צוגאנגען. יעדער בעזונדער האָט גענומען זוכען אייגענע וועגען. האלפערן איז געוואָרען רעדאקטאר „פון מענש צו מענש“ און שפעטער צוזאמען מיט מנחמ'ן ארויסגעבען א גרעסערע זאמלונג „איסט בראָדוויי“.

איגנאָטאָוו האָט דערפאר זיין גאנצען פּלאַן ניט געקענט דורכפיהרען, ווייל זיין אָריגינעלער פּלאַן איז געווען צום ערשט צו דרוקען אין די זאמעלביכער טאקע בלויז די נייע שריפטשטעלער און שפעטער בּיסלעכווייז אויך נעהמען דרוקען די עלטערע. ער האָט געוואָלט מיט דער צייט צוזאמענפיהרען אלע אידישע שרייבער, אי די אלטע אי די יונגע און אויף אזא אופן צוגעבען פריש בלוט און פארב צו דער אידישער ליטעראטור.

„עס האַט זיך מיר ניט איינגעגעבען!" האָט ער מיר איינמאָל געזאָגט.

אין א קורצע צייט — נאָך מיין בעגעגעניש מיט איהם — האָט איגנאַטאָוו ארויסגעגעבען דעם פירטען זאַמעלבוך „וועלט איין וועלט אויס". איך האָב איבערגעלייענט זיין נייעם „וואָר־וואָר־הו דער שטורם שפּיעלער" און בין געוועזען ענטציקט פון דער שעהנער פאָרם. טרעפענדיג זיך מיט איגנאַטאָוו'ן פרעגט ער מיך:

„נו, ווי געפעלט אייך דער נייער בוך?"

אויסערליך, זאָג איך, זעהר שעהן. אבער דער אינהאַלט איז ניט קלאָר. מען קען ביי אייך קיינמאָל ניט פערשטעהן די אידעע פון דער זאַך.

„נאָך וואָס דאַרפט איהר פערשטעהן די אידעע?" — האָט איגנאַטאָוו געפרעגט מיט א בייזען שמייכעל — „אז א מענש — ניט קיין פּראָפעסיאָנעלער „חכם" — קוקט אויפ'ן הימעל, פרעגט ער וואָס איז די אידעע פון איהם? בעוואונדערט דעם הימעל און האָט א הנאה פון זיין שעהנקייט. און שעהן איז טאקע דער הימעל דערפאַר, ווייל ער בלייבט אן אייביגער סוד... דאָס געהיימניספולע, דאַרפט איהר וויסען, איז דער סוד פון שעהנקייט. ווען מיר וואָלטען אלעם אָנגעהויבען פערשטעהן וואָלט די וועלט פאַר אונז געווען מיאוס..."

לויט איגנאַטאָוו'ן דאַרף דער מענש זיך צוגעוואוינען צו פ י ה ל ע ן די וועלט. ניט בלויז זוכען צו פערשטעהן מיט'ן שכל. ווייל דער שכל איז בעגרעניצט, אבער דער געפיהל איז אונענדליך...

צום ביישפּיעל: ווען איהר שטעהט ביים ראַנד פון ים. די כוואַליעס שלאָגען זיך פאַר אייערע פיס, וועט אייך דען זיין אינטערעסאנטער אז איהר וועט וויסען, אז די גרויסע כוואַליעס זיינען צוזאַמענגעשטעלט פון קליינע מאָלעקולען? א טיעפערער אמת איז, אז די כוואַליעס זיינען ניט קיין מאָלעקולען, נאָר געבונדענע ריעזען, וועלכע ראַנגלען זיך, קעהרען וועלטען פאַר אייערע אויגען; איהר פערשטעהט זיי ניט — אבער ווערט פון זיי אָנגערעגט און האָט א הנאה. אז איהר קוקט אויף זיי, איז אייך גוט. איהר פיהלט א נאָהענטקייט צו זיי און אפשר אויך א שרעק. עס בעשאַפט אין אייך אזא בעזונדערע רוה. איהר ווערט בעהעפט מיט דער אונענדליכקייט ווען איהר קוקט אויפ'ן ים... און ד אָ ס גיט אייך כח,

אינספיארציע! ניט אייער וויסען פון וואס דער ים איז צונויפגע־שטעלט.

דאס זעלבע וויל איגנאטאוו אין דער קונסט. ער שטרעבט אין זיינע ווערק אייך צו אינספירירען אויף א געהיימניספולען אופן. ביי איהם געהט צוזאמען דער בעוואוסטזיין מיט'ן ניט־בעוואוסט־זיין. ער מישט אלעמאל צונויף די וויקרליכקייט מיט'ן חלום. ביי איגנאטאוו'ן איז די ווירקליכקייט א וואונדערליכער חלום און דער חלום א מיסטישע וויקרליכקייט... ברוך דער העלד פון קעסעלגרוב לעבט ניט אין דער רעאלער וועלט. ער שאפט זיך א טרוים־וועלט. דארט זאלען הערשען זיינע געזעצען. געזעצען געשאפען פון זיין אייגענעם ווילען און זיין דמיון. ער וויל די ליעבע זאל זיין אייביג, איז זי ביי איהם אייביג. די ליעבע צו חנה ענדיגט זיך ביי ברוך'ן קיינמאל ניט. זי מעג חתונה האבען מיט'ן פראסטען בחור מאקס'ן, זי מעג ווערען קראנק, אלט און צובראכען, ווערט זי פאר איהם בלויז געענדערט פון דרויסען, וויל אינווענינ איז זי ניט נאר איין חנה, נאר א גאנצער אוצר מיט חנה'ס און חנה'קעס... ביי ברוך'ן איז אלץ אייביג. ער אליין אויך. אט ווי ברוך טראכט: „גלויבסט — איך בין בעזיעגט, איך בין דאך אן אייביגקייט. פון מיר געהט דאך קיין זאך ניט פערלארען — — —"

ברוך איז דער מאן פון ווילען, אבער א ווילען אין זיך גע־ווענדט. זיין ווילען דאס איז א אין־זיך־גלויבען. ער גלויבט, אז ביי איהם קען מען קיין זאך ניט אוועקנעהמען. זיינע גייסטיגע אוצרות קענען ניט געמינערט ווערען. אוועקנעהמען קען מען נאר דאס אויסערליכע, דאס נישטיגע, פערגענגליכע... דאס גייסטיגע איז אייביג. דער העלד פון ראמאן אילוסטרירט זיין שטח מיט א מעשה פון אן איי: „דו מיינסט, אז דו ביזט שוין מעהר ניט שעהן?... פאר וואס מיינסטו אזוי שלעכט? — דו געדענקסט דאך נאך דאס פארביגע איי, מיט וועלכען מיר האבען זיך אמאל געשפיעלט?— צועפענט מען דאס גרויסע רויטע איי, ליגט אין דעם א קליין איי פון אן אנדער פארב, צועפענט מען דאס אנדערע איי, ליגט אין דעם א קליין איי פון נאך אן אנדער פארב, און אויך דאס איי צו־עפענט זיך! און אזוי אלץ ווייטער און ווייטער. — — — און ווען עס האט זיך אביסעל אבגעריבען די פארב פון'ם ערשטען, גרויסען איי, איז וואס? — — — מיר האבען דאך אבער ביידע געוואוסט,

אז אין דעם ליגט א גאנצער אוצר פון שעהנע, ריינע אייער — — אייער, אייער און אייערלאך.

„און ווען כ'האב אמאל פלוצלונג גענומען און פאר דיר אין די אויגען אריינגעווארפען דאס איי אין פייער — — — ווי דו האסט דאס אויף מיר אנגעשטעלט א פאר ווילדע אויגען! האסטו זיך באלד צעוויינט און אין מיטען געוויין אוועקגעלאפען מיך קלאגען צו דער מאמען. אבער איך? — פון מיר געהט דאך קיין זאך ניט פערלארען — איך האב דאך נאך ביז איצט יענע איי און יענע חנה'קע. איך פערמאג דאך א גאנצע טשערעדע מיט חנה'ס, חנה'ס און חנה'קעס — — —".

דאס איי איז צושטערט געווארען, אבער אן אינערליך רייכטום ווערט ניט צושטערט, אפילו ווען דאס ווערט אין גאנצען פערברענט, לעבט דאס נאך אלץ אין זכרון. ווי אבער ווען דער העלד ווערט אליין פערברענט? מיינט ברוך, אז ער איז פון די, וואס ווערען פערברענט, כדי נור פון דאס ניי געבוירען צו ווערען. ער פיהלט אז ער איז אייביג און אלץ וואס ער בעריהרט איז אייביג. איגנאטאוו דריקט דאס אויס מיט די ווערטער:

„דאס, וואס דו האסט געוואלט האבען, פון וואס דו האסט זיך אבגעזאגט, וואס מען האט ביי דיר צוגענומען, בלייבט אימער און אייביג דיינס. עס לעבט, וואקסט און צובליהט זיך אלץ ליעבער און שעהנער פאר דיר".

די גרונד אידעע פון דעם ראמאן „אין קעסעלגרוב" איז, אז די ליעבע ביי אידען איז אייביג. א איד ליעבט ניט בלויז אום צופריעדענצושטעלען זיין תאוה, ווי וויינינגער וויל האבען — נאר די אידישע ליעבע איז ווי די אידישע נשמה — אייביג!...

אבער אין אלגעמיין, וואס פאר א כאראקטער האט ברוך? קיין פאזיטיווער העלד איז ער ניט. אבוואהל ער האט א סך ענערגיע, רייסט זיך צו פיעל זאכען, איז ער אבער אליין געבונדען מיט שטריק. ער האט אידעען דורכצופיהרען און פיהרט זיי ניט דורך. ער איז פול מיט ווידערשפרוכען. זיי זיינען אין איהם און ארום איהם. ברוך פיהלט מען, האט א פערגאנגענהייט, אבער ניט קיין צוקונפט. ער וויל געהן ווייטער. אין איהם ראנגלען זיך כחות. קומט ער צו א וואנד. ניטא קיין וועג. און וואוהין דאס אלץ וועט פיהרען ווייס ער ניט. ער זעהט ניט פאראויס, און געהן פיהלט ער

מוז ער דאך. ברוך איז דער מענש וואס די ווירקליכקייט פון היינט איז פאר איהם צו ענג, וויל ער זי אריבערשפרייזען. און אז ער קען ניט, איז פערצאהמט, שאפט ער זיך א פאנטאזיע־וועלט און דארט געהרט ער פריי וואו נאר ער וויל, — און נעהמט אן די פאנטאזיע פאר א ווירקליכקייט... אבער אויף דעם באדען פון דער פאקטישער ווירקליכקייט קען ער נאך קיין פוס ניט שטעלען.

אבער אין מאמענטען פון גרויס געפאהר און פערצווייפלונג, ווען ער ערוואכט פון זיינע איינבילדונגען, און זעהט ווי ער איז פערפלאנטערט איבער'ן קאפ און קיין אויסוועג איז ניטא: דעמאלט וואקסט פון זיינע אייגענע טיעפענישען ארויס א צווייטע געשטאלט. (ווייל דער העלד—ברוך, איז אפטמאל א פיעלגעשטאלטיגער) און די געשטאלט ברענגט מיט איהר פערבארגענעם בעוואוסטזיין א טרייסט פון אן אונבעקאנטער ווייט, א טרייסט וואס זאגט אן דאס אנקומען פון דעם לאנג־אויסגעבענקטען טאג, און פון דער מיסטישער געשטאלט הערט ער א שטימע:

„איך וויל אייך זאגען, אז ווען מיר וועלען בעזעצען דאס לאנד, וועלען מיר אויסבויען א גרויסען טריאומפולען טויער, און א יום טוב וועלען מיר דאן מאכען א נייעם, דעם יום טוב פון אונזער נאציאנאלען ווידערגעבורט! און אין דער נאכט פון דעם יום טוב וועלען מיר ארום דעם טריאומפולען טויער צולעגען גרויסע פייערען. אונזערע זיהן און טעכטער אויסגעפוצט אין זייערע שעהנסטע קליידער, וועלען ארויסגעהן אנטקעגען דעם טויער מיט פויקען און מיט טענץ. דאס וועלען זיי געהן בעגעגענען די אלע אנטרונענע, פערשטויסענע און פערוואגעלטע. די אלע, וואס מיר האבען פאר דער לאנגער צייט פון אונזער שווערען גלות, צוזעעט און צושפרייט צווישען פעלדער און פעלקער, צו די אלע וועלען מיר רופען: קומט אריין, איהר זייט אונזערע! קומט אריין און זייט בעגריסט, און זייט געבענשט אין דעם נאמען פון דעם איינציגען גאט, אין נאמען פון זיין ענערגישען, אלט־יונגען פאלק! מיר וועלען אייך אויפנעהמען, ווי עס נעהמט אויף א טאטע זיינע קינדער אין דעם טאג פון זיין פרייד, און אין יענעם טאג וועט איהר זיך אומקעהרען צוריק צו אייער פאלק. איהר וועט זיך אומקעהרען און איהר וועט געטרייסט ווערען; איהר אלע איינזאמע מידע, פערמאטערטע. אונזערע צולעגטע פייערען וועלען ברענען אין דער נאכט און זיי ווע־

לען אייך צייגען דעם וועג, און איהר וועט קומען צו אונז מחנות־
ווייז דורך דעם טריאומפולען טויער, ווייל איהר זייט אונזערע.
ווייל ווי פלאמען פייער בעלאנגען צו דעם ברען־מאטעריאל, פון
וועלכען זיי קומען ארויס אפילו דאן, ווען זיי רייסען זיך פון איהם
אב", אזוי בעלאנגט איהר צו אונז. איהר זייט אונזערע! — פלא־
מען פון אונזער הארצען! פלאמען, וואס האבען זיך אבגעריסען און
קאנען ניט פערלאשען ווערען און טראגען זיך ארום ווי בלאנדזשענ־
דע שטערען. בלאנדזשען וועט איהר אבער בלויז ביז דאן, ווייל אין
יענעם טאג וועלען מיר זיך צוריק צונויפגיסען אין איין פייער.
דאס וועט זיין דער גרעסטער, דער שעהנסטער פייער, וואס הימעל
און ערד האבען ווען געזעהן. טויזענדער און טויזענדער דורות ווע־
לען דאן אויפשטעהן און צוקוקען, מיט וואס פאר א פרייד דאס
אידישע פאלק נעהמט צוריק אויף אין זיין שויס זיינע אנטרונענע
קינדער. — — — — — — —

אבער דאס אלץ איז אין טרוים... אין דער ווירקליכקייט בע־
וויזט ברוך אז דא אין אמעריקא קען נאך ניט געשאפען ווערען
קיין אידישער העלד. ס'איז נאך ניטא קיין פונדאמענט. דער איד
לעבט נאך דא אזוי ווי אין דער לופט. האט ניט קיין פערגאנגענהייט
און ווייס אויך ניט וואס זיין צוקונפט וועט דא זיין. די ברוך'ס
זיינען די אבגעבראכענע צווייגען פון דעם אמאליגען אידישען בוים
געטראגען פון דעם ווינד אין דעם נייעם לאנד אמעריקא.

אבער אפילו אלס א העלד פון אן איבערגאנגס־צייט איז איג־
נאטאוו'ן ניט געלונגען צו מאכען פון זיין ברוך'ן. ברוך מיט זיין
גאנצער רוהלאזער ענערגיע, מיט זיינע העראאישע איינבילדונגען
איז ניט קיין העלד, נאר אפשר איינער פון איגנאטאוו'ס „קינדער־
לאך מיט בלינדע אויגען וואס זוכען די לבנה". ברוך דרעהט זיך ארום
אין נויארק אן אנגעצויגענער און בעגעהט אפילו ניט קיין נארישקיי־
טען ווי אלע שטערבליכע.... און אויב א העלד איז אלע מאל שטייף,
הויב איך עפעס אן צווייפלען אין זיין העלדישקייט. מיט אלע זיינע
מעלות מיט זיין „אייביגער ליעבע", נאציאנאלע שטרעבונגען, רופט
ער ביי אונז קיין סימפאטיע ניט ארויס. ער בלייבט אונז פרעמד.
קאלט און ווייט. עס פעהלט איהם דער חוש פאר שפאס. איהם
פעהלט זעלבסטקריטיק, ווי זיין שעפער איגנאטאוו'ן אליין. ער
מאכט אן אנשטעל, אז איהם אינטערעסירען בלויז גרויסע זאכען.

ער איז ניט אינטים. לעבט ניט אין זיך... נאר מיט זיך — ברוך איז אן איינגעגלויבטער ריעז. האלט זיך גרעסער פאר אלעמען. וויל אלעמען לייטערען, שמייסען — אויך דער העלד פון „פיבי" ווערט אזא ברוך, ווען ער רעדט אראב פון בארג: „זאל פאלען דאס וואס קען זיך ניט אויפהויבען".

דאס קלינגט ווי ניטשעס ווערטער פון „צאראטוסטרא" איבערגעזאגט פון א פארם־האנד. א מענש, א געליעבטע פאלט ארונטער פון א בארג און ווערט געהרג'עט, שטעלט ער זיך אוועק פילאזאפירען:

„דאס וואס קען זיך ניט אויפהויבען זאל בעסער פאלען, זאל דאס בעסער פאלען..."

ווען איגנאטאוו'ן פערלאזט די אינטואיציע, ווערט ער פערפיהרט אין רעטאריקע. איגנאטאוו'ס העלדען קענען ניט פועל'ן ביי זיך צו זיין מענשליך, צו פערשווועכען זיך מיט סימפאטיע אפילו אין די טראגישסטע מאמענטען צווישען לעבען און טויט. זיי זיינען שטענדיג שטייפע, בעפאנצערטע — דראטענע העלדען...

איגנאטאוו'ן פעהלט פראפארציע. דאס קלענסטע ווי דאס גרעסטע ווערט ביי איהם געשילדערט מיט איין און דעם זעלבען אטהעם.

אבער נאך וואס זיך גריבלען אין חסרונות, אז מען האט נאך איבער איגנאטאוו'ן קיין איין ערנסטען ווארט ניט געזאגט? דער ראמאן „אין קעסעל גרוב" און די אנדערע ערצעהלונגען האבען אהן א צוויי־פעל חסרונות. אבער איז אין דעם ניט פיעל שולדיג אונזער קריטיק?

און דאך מיט אלע זיינע פעהלערען, ווי ניט קענען איבערגעבען קיין דיאלאג, מיט זיין ניט קלאהרקייט, וועלכע פערקליידט זיך אפט אין געהיימניספולקייט, מיט זיין אנגעשטעלטקייט, ציהט ער דאך מען זאל איהם לעזען. ווייל עס איז ביי איהם פערהאן א פרישקייט, א פארביגקייט אזוי פיעל דעקאראטיווקעס, פאנטאסטישעס, בענקענדעס. ס'איז ביי איהם אויך דא אזוי פיעל קאפריז, אזוי פיעל ווייטעס, אונבעשטימטעס, אז איהר פערלירט זיך אין איהם ווי אין א טרוים...

איגנאטאוו האט די שעהנסטע שפראך אין אידיש. זיין שפראך איז אזוי הארמאניש ווי מוזיק. דער סוד פון די שעהנקייט אין איג־

אנטאָוו׳ס שרייבען איז זיין טאָן. ער האָט פארב, אבער מעהר פון אלעס ט א ן. און זיין טאָן איז ניט דער שטילער לאנגזאמער, נאָר א לעבעדיגער רייך קאלירטער טאָן, וואָס איז נאָך גאָר ניי אין אידיש. זיינע ווערטער וויעגען זיך מיט אזא ריטהם, אז זיי שלעפּערען איין די גרויע ווירקליכקייט און וועקען אויף א וועלט פון טרוימען...

איגנאַטאָוו האָט א רייכע פאנטאַזיע, און דערפאר שפּירט איהר הערצאישעס אין אלע זיינע פיגורען, כאָטש איהר צווייפעלט אין זייער אמת׳ער העלדישקייט. ער גיט זיי אונבעזיעגבארע ווילענס, ברויזענדע טעמפּראמענטען, זיי שטרעבען אלע מאָל צו שאפען עפּעס גרויסעס אין דער וועלט. זיי ווילען ניט וויסען פון קיין גרעניצען אזוי ווי זיין „גבור“. זיי לאָזען זיך ניט בייגען פון לעבען, נאָר בלייבען אונבעזיעגט אין זייערע איינבילדונגען... זיינע העלדען קלעטערען אלע מאָל אויף פעלזען, אויף בערג, און אז זיי פאלען ווערען זיי אויך ניט ענטוישט. אזוי ווי זיי דערכאפּען דעם אטהעם הויבען זיי זיך ווידער אויף ווייטער צו קלעטערען... דאָס וויל איגנאַטאָוו אז זיי זאָלען אזוי זיין. און ער האָט די קראפט אונז אָפּטמאָל צו מאַכען פיהלען אז זיי זיינען אזוי ווי ער וויל. ער האָט אַן ערצעהלונג וואָס ער רופט אַן אַ קאפּיטעל פון „אמאָל איז געווען אַ נאָר“. עס זעהט אויס ווי ער אליין וויל בעטאָנען אז זיינע העלדען זיינען נאַראָנים, אָט די אייביגע נאַראָנים, וואָס האלטען זיך אין איין פערלירען און ווידער געפינען...

ליעבער פון אלע זיינע זאכען איז מיר „פּיבי“.

„פּיבי“ פער׳כשופ׳ט. דער קינסטלער האָט אייך אין זיין נעץ אריינגעצויגען. איך לייען:

„איך האָב ליעב שלאַנגען“, און איך גיב א ציטער. צוגעטראָפען? ניין. נאָר איך נעהם זיי ליעב האָבען אין דער רגע די כשופדיגע שלאַנגען, די וואָס גיסען אריין זייער זיסען גיפט אין די אדערען און מאכען דאָס הארץ שטארקער קלאַפּען... לעזענדיג האָט עפּעס טיעפעס אין מיר ערוואכט... און איך האָב שוין מיט אינטענסיוויטעט פערפאָלגט די געשטאלט פון פּיבי, וואָס האָט זיך די גאַנצע צייט געווארפען, געדרעהט, און געוויקעלט ווי א שלאַנג פאר מיינע אויגען...

פּיבי האָט מיט איהר יונגען כשוף פערגיפטעט דעם העלד און זיך אליין צום לעצט פערגיפטעט. די פּיבים קענען ניט לעבען

לאנג אין דער לענג פון דער צייט — נאָר אין דער טיעף...

דער כאראקטער פון די „פיבים“ איז ווי פון די אייביג יונגע „סאלאמאס“, פון די ערשטע חוה׳ס וועלכע האָבען זיך געשפיעלט מיט שלאנגען און זיינען אליין געווען פער׳כשופ׳טע שלאנגען... זיי האָבען מיט זייער שלאנגישקייט אייביג געשראָקען און געצויגען אין דער זעלבער צייט... די וועלט־מיסטעריע, וואָס מאכט אונז אזוי גוט פיהלען און אין דער זעלביגער צייט אזוי טראגיש... אָט די שלאנגען — מיר האָבען זיי ליעב, כאָטש מ ר געהען צוליעב זיי אונטער... מיר האָבען זיי ליעב מיט זייערע קאפריזען, מיט זייער פייער, מיט זייער גיפט... זיי זיינען דער אייביגער מן פאר דעם אמת׳דיגען קינסטלער.

עס קען נאָך אבער זיין אן אנדער אויסטייטש פאר וואָס די ערצעהלונג „פיבי“ הויבט זיך אָן מיט: „איך האָב ליעב שלאנגען“. דאָס קאן אָנגענומען ווערען אלס א סימבאל צו ערקלערען דעם העלדס בעציהונג צו קריסטענטום. כאָטש דער העלד פון פיבי איז גראד ניט געשילדערט אלס נאַציאָנאלער איד, נאָר אומגעקעהרט, עס זעהט אויס, אז איגנאַטאָוו האָט געוואָלט זאָגען: אָט זעהט א אידען, וואָס איז ווייט פון אידישקייט, און קען, ווייזט אויס, קיין אי־דיש ניט רעדען, האָט מסתמא קיינמאָל קיין אידישען ספר אין האַנד ניט גענומען. ווייל פיהלט זיך דער העלד אמאָל געדריקט און עפענט א בוך כדי דעם אומעט צו פערטרייבען, איז דאָס ניט קיין אידישער ספר, נאָר „דאָס טאָג־בוך פון אמיעל“. אָדער, ער דערמאָנט זיך אמאָל אן א קלוג וואָרט, איז דאָס ניט פון קיין אידישען דענקער, נאָר פון מארק אורעליאוס, קארלייל א. ז. וו. אויך די אידעע אז דער העלד דערפיהלט פלוצלונג אז „זיינע הענד און מוסקלען האָ־בען זיך פערבענקט „נאָך ברייטע און שטארקע בעוועגונגען“, און דערפאר פאָהרט ער אוועק ארבייטען אלס פארם־יונג, איז ווייט ניט קיין טיפיש אידישע מדה. דאָס איז א מענש וואָס איז אב־זיכטליך געמאָהלען ניט אלס קרענקליכער נאַציאָנאַליסט, נאָר אלס פרעמדער און אָבגעזונדערטער, וואָס וויל זיך לעבען זיין אייגענעם לעבען. ניט נאָר פון נאַציאָנאלע אידעען וויל ער זיך ניט לאָזען שטערען, נאָר אויך פון פרויען וויל ער זיך בעשיצען. און דאָך וואָס פאר א אידיש־ביבלישע וויזיאָנען עס וואקסען ארויס פון זיין דמיון:

„ווען איך בין ארויף אויפ'ן בארג און צושיקט מיינע בליקען צו די בערג פון נאהענט און ווייט, האבען זיך שוין אין דער לופט ארומגעטראגען דורכזיכטיגע וואלקענס, וואס האבען זיך גע־קנייטשט ווי גרויסע און דורכזיכטיגע שטיקער זייד מיט נאך ניט קיין דערוועבטע ברעגען — — — און דער נעבעל האט זיך שוין ווי א רויך גענומען הויבען פון דער ערד. ווי א רויך האט זיך גענומען ארויסשפארען פון די וועלדער — — — און ניט א י ך בין איצט געשטאנען אויפ'ן בארג מיט דער האק אויפ'ן אקסעל, נאר עמיצער א גרויסער איז אויפגעגאנגען פונ'ם רויכיגען נעבעל. געווען איז ער הויך און שטארק געבויט. לאנג איז געווען זיין בארד און גרוי זיינע האר, גרוים און ווייט זיינע אויגען, זיכער און קלאר זיינע בליקען. און דער נעבעל ארום איהם האט זיך ארא־געלאזט ביז צו דעם זוים פון זיין קלייד, ביז צו די סאנדאלען פון זיינע פים, און דער נעבעל איז ארום איהם געבליבען שטעהן אין א ברייטען רינג — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער איד מעג זיין ווייט פון אידישקייט, אבער דאס קרים־טענטום קען ער פארט ניט פערדייען. עס קען ניט אריין אין זיין בלוט. אויסערליך שיינט דאס קריסטענטום פאר איהם צו זיין שעהן, אזוי שעהן, גראציעז און בויגזאם ווי א שלאנג — נאר אויך גיפטיג ווי א שלאנג, און אט דערפאר קען אויך זיין הויבט זיך אן די ערצעה־לונג מיט: איך האב ליעב שלאנגען" און ענדיגט זיך מיט'ן צלם אן וועלכען די היסטעריש געווארענע פיבי כאפט זיך אן צום סוף פון דער ערצעהלונג: —

„אבער עס איז שוין ניט מעהר קיין צלם, נאר א שלאנג, א גיפט־גע שלאנג. און די שלאנג ווערט אלץ גרעסער און בייזער, און די שלאנג שלינגט זי איין".

און אויך „פיבי", וואס איז שוין א האלבע גוי'ע, קען ניט שלום מאכען מיט דאס קריסטליכע, און אין איהר ביטערקייט געהט זי אוועק אזוי ווייט אז זי זאגט, איהר דאכט זיך שטענדיג, „אז די גויים פערמאגען אין זיך אזא מין סארט ווילד־פלייש וואס קיין ציוויליזאציאן און קיין רעליגיאן וועט דאס פון זיי ניט אויסהיי־לען". און אזוי ווייטער.

עס פערשטעהט זיך, אז דאס אנטיקריסטליכע איז ניט דער הויפט מאטיוו פון דער ערצעהלונג. וויכטיג איז דאס, וואס

פאר אונז איז אויסגעמאָהלען א מענש, אין וועמען עס לעבען צוויי שטראָמען: דער בעוואוסטזיין און דער אונטערבעוואוסטזיין. זיי געהען אין דעם מענשען גלייכצייטיג הארט איינער לעבען צווייטען אין אלע ריכטונגען און שטערען ניט איינער דעם אנדערען און פערמישען זיך ניט. אָט למשל דער העלד, געהענדיג אליין ביינאכט איבער דער גאס, דערזעהט ער ווי „פיבי" פאהרט אנטקעגען איהם אין אן אויטאָמאָביל, און וועלכען עס פלאצט א ראָד. מיט זיין בעוואוסטזיין, אָדער מיט זיינע פשוט'ע אויגען, זעהט ער אז דאָ איז ניט געשעהן קיין אונגאַטירליכעס, אבער דאָס העלפט איהם ניט. ניט ווילענדיג נעהמט ער ווערמוטיג שמייכלען פון א פארטיגען געדאנק, וואָס קומט צו איהם כמעט געגען זיין ווילען:

„אז די נאכט, די שפעטע שווארצע נאכט, האָט דאָס ארויפגעזעצט פיבי'ן אויף א שווארצען אויטאָמאָביל און זי ארויסגעשיקט מיך בעגעגענען אויף אָט דעם לאנגען און ליכטיגען הייל. און אז דער שאפער איז ניט קיין מענש, נאָר אזא נאכט־גייסט, וואָס האָט שוין געוואוסט צו מאכען אזוי, אז פונקט פאר מיר זאָל א ראד פלאצען..."

אָדער דער העלד ווייסט קלאָר, אז „אין די מזרח געגענדען פון צפון־אמעריקא זיינען דאָ אזוינע פויגלען, וועמעס געשרייען עס זיינען עהנליך צו מענשליכע קלאנגען. ער ווייסט אפילו אז זייער טאָג פאנגט זיך אָן א פאָר שעה נאָך זון־אונטערגאנג" און נאָך אזעלכע איינצעלהייטען. נאָר אָט האָבען זיך די פויגלען צושריען, און כאָטש ער האָט, דאכט זיך, גוט געוואוסט, אז דאָס זיינען ניט מעהר ווי פויגלען, פון דעסטוועגען האָט ער געטראכט, אז דאָס זיינען אזעלכע שטיק פון דעם קליינעם בלאָסען און שטענדיג־לאכענדיגען מעקס. אז דאָס שפיעלט ער זיך איצט מיט זיך אליין, שפרינגט ארום אין גראָז, בעהאלט זיך אוים אונטער שטרויכען און פעלזען און שרייט אין דער נאכט אריין:

שמיים, אָרעמער וויליאם! שמיים, אָרעמער וויליאם!!
(וויפ־פור־וויל! וויפ־פור־וויל!) און אזוי ווייטער.

אָדער אז: „די פויגלען שרייען היינט ווי משוגעים, וואָס האָבען זיך ארויסגעריסען פון ערגעץ א דול־הויז... און דער געשריי פון דעם הא־הא־פויגעל איז ווי פון איינעם, וואָס טרינקט זיך — — — יא, עמיצער טרינקט זיך איצט אין דער נאכט ניט ווייט פון

עונז: רייסט זיך פון מאל צו מאל ארוים אויף דער אויבערפלעך, כאפט איין איילעניש דעם אטהעם: — הא, הא, הא, הא, הא! און ווערט גלייך ווידער ארונטערגעזונקען. און איך האב זיך געטרייסט: זאל זיין, אז אט די פערשיעדענע געשרייען קומען גאר פון דעם קליינעם, בלאסען מעקסעל. זאל זיין, אז דאס שפיעלט ער זיך דאס אזוי מיט זיך אליין. בעהאלט זיך אויס, און לאזט ארוים אט די פערשיעדענע אויסגעשרייען, אט פון דא, און אט פון דארט — —"

און דער העלד נעהמט גאר פלוצלונג מיט ביטערקייט לאכען:

„די מעשה מיט פיבי'ן איז ניט געשטויגען און ניט געפלויגען, נאר דא איז אזא געגענד — פויגלען שרייען ווי מענשען. — —".

אין אן אנדער ארט דערצעהלט ער ווי ער האט געוואוסט, אז אין שטאל איז קיינער ניט געווען, נאר פונדעסטוועגען, ווען ער האט גענומען געהן אויף די טרעפ, וואס פיהרען צו זיין געלעגער, האט ער פאר זיך דערזעהן פיבי'ן — — — „זי האט זיך הילכיג צולאכט, זיך האלטענדיג מיט איין האנד ביים הארצען. פונקען האבען מיר א פליה געטהאן פון די אויגען. נאר איך בין געגאנגען גלייך אויף איהר — — — ווייל איך האב געוואוסט, אז דאס דאכט זיך מיר בלויז, ווייל איך האב געוואוסט, אז אין אמת'ען איז דא איצט קיינער נישטא".

ס'איז דעריבער נאטירליך פאר אזא העלד, אין וועמען עס לעבט גלייכצייטיג דער בעוואוסטזיין און אונטערבעוואוסטזיין, אז צום סוף כאטש ער ווייסט אויף זיכער, אז פיבי איז ארונטערגעפאלען פון בארג און ליגט דארט איצט „אויף די אבגעבראכענע שטיינער", שוין ניט פיבי, „נאר א מאסע רויע פלייש", צו דער אייגענער צייט קען ער זיך פון איהר ניט בעפרייען... זי פער'כשופ'ט נאך איהם אלץ ביי טאג און ביי נאכט. מיט'ן בעוואוסטזיין האט ער זיך שוין פון איהר בעפרייט, נאר זי לעבט נאך אין זיין אונטערבעוואוסטזיין, אין דער נשמה פון זיין נשמה... און זי רעגירט איבער זיינע שטימונגען געגען זיין ווילען...

---

אין אלע אינגנאטאוו'ס ערצעהלונגען געהט דורך א בעשטימטער לעבענס-גלויבען. דאס איז דער גלויבען, אז די וועלט איז ניט, ווי פראפעסיאנעלע קלוגע מיינען, אז זי איז, נאר דאס וואס די אזוי גערופענע נאראנים גלויבען אז זי

איז. דאָס הייסט אז די וועלט איז ניט קיין ענדליכע בעשטימטע מאַשין, נאָר אַ לעגענדע, אַ מעשה — אַן אונענדליכע מעשה... איגנאַטאָוו טרייבט אָפּטמאָל זיין גלויבען מיט נאַאיווען ערענסט ביז — פאַנאַטיזם. עס קאָן אבער זיין, אַז אין דער גאָטלאָזער וועלט, אין וועלכער מיר לעבען, איבערהויפּט אין דער הפקר־דיגער אמעריקאנער וועלט, איז דאָס אַן ערשיינונג וואָס דאַרף בעגריסט ווערען. אבער ווי די זאַך זאָל ניט זיין, איז דער גלויבען איינער פון די וויכטיגע זיילען, אויף וועלכען איגנאַטאָוו שפּאַרט אָן זיין טורעם.

איינע פון זיינע ערצעהלונגען, „דאָס גאָלדענע אינגעלע“ איז אין גאַנצען געבויט אויף דעם געדאַנק. שמעון, דער העלד פון דער ערצעהלונג גלויבט, אַז די וועלט איז אַ מעשה. רחל, די העלדין פון דער ערצעהלונג, אין וועמען שמעון איז אַזוי שטאַרק פערליעבט, „ווייסט„ אַז די וועלט איז ניט קיין מעשה — „אמת, די ביכער און דער עולם צווישען וועלכען זי האָט זיך געדרעהט האָבען זי געמאַכט אביסעל אונבעהאָלפען, וואַקלענדיג, איהר האָט זיך גענומען וועלען, אַז עס זאָל זיין אַזוי און ניט אַזוי“. איהר געפעלט אפילו זעהר שטאַרק דאָס וואָס שמעון קושט זיך אַזוי הייס, דאָס וואָס שמעון פערמאָגט אין זיך אַזוי פיעל ליעבע און דאָס וואָס זי אַליין ציטערט נעבען איהם אַזוי אָפּט אויף און „ווערט אַזוי אָפּט רויט“. אבער ווער ווייסט צו פון איהם (שמעונ׳ען) וועט נאָך עפּעס ווערען ? ווער קען וויסען ? אפשר יאָ, און אפשר ניט. און טאָמער טאַקע ניט ?...“ ניט טראַכטען אַזוי וואָלט דאָך געווען ניט קלוג פון אַזאַ מיידעל ווי זי, ווייל דאָס לעבען איז דאָך (אין איהרע אויגען) ניט קיין מעשה... און שמעון, אויף וועמען עס ברענט די הויט פון ליעבע צו רחל׳ען, איבערהויפּט ווען ער זעהט זי „אין איהר לייכט געקעסטעלט קלייד, וואָס מאַכט זי אַזוי כשופ׳דיג יונג און אַזוי שלאַנגיש גראַציעז“; ער, דער נ אַ ר, קומט ניט טרייסטען רחל׳ען, אַז זי זאָל זיך ניט זאָרגען, אַז ער איז יונג און שטאַרק און וועט זיך זיין וועג געפינען. נאָר אדרבה, ער נעהמט פּלוצלונג און צוברעכט דאָס שטיקעל קאַריערע וואָס ער האָט פאַר זיך געבויט, דורכ׳ן אוניווערסיטעט... ווען די העלדין ווערט פון דעם געוואָהר, פערלירט זי זיך אין גאַנצען און נעהמט פון אויפרעגונג שרייען : „וואָס הייסט ? ! וואָס הייסט איהר פערלאָזט איצט דעם אוניווערסיטעט ? ! עס איז

דאך שוין אייער לעצטער טערמין !..." אבער אין שמעונ'ס שמייכלען דערקענט זי גלייך צוליעב וואס ער האט דאס געטהאן... זי דערפיהלט זיך שלעכט און שרייט אויס רויט ווערענדיג: „כא, כא! אייך א פנים דאכט זיך נאך אלץ, אז דאס לעבען איז א מעשה..." דער „נ א ר" אבער פערענטפערט פאר איהר זיין שמייכעל אויף אזא אופן: — „נעהמט ניט פאר אומגוט, זאגט ער — מיין שמייכלען, דאס איז איבער א פוסטער נארישקייט: — א קלוגער האט מיר אמאל געזאגט, אז ניין און נייציג פראצענט פון אונזערע היינטיגע מיידלאך קענען ווערען ווייבער פון כמעט יעדען מאן. נו שמייכעלט זיך מיר..." שמעון איז דאך אבער איינער פון איגנאטאוו'ס נאראנים, ענדיגט זיך דערפאר די ערצעהלונג דערמיט, וואס עס ווערען צוויי רחל'ס. די אמת'ע רחל קומט צו שמעונ'ען ווי דורך א כשוף. ווען שמעון לייד זעהר שטארק און קאן פאר זיך אין ערגיץ ניט געפינען קיין רוה, געהט ער איינמאל צו צום שפיגעל און קוקט אריין דערזעהט ער דארט רחל'ס אויגען... — „און ער קוקט אויף די אויגען און קוקט, און וואונדערט זיך ווי שטארק איהרע אויגען קוקען דאס ארוים פון זיינע. און ער דערזעהט און דערפיהלט זי אין זיך... זי קוקט דאס איצט ארוים פון איהם..."

„און ביי דער נאכט אויף זיין געלעגער. ער שלאפט נאך ניט, פלוצלונג גיט זיך אין איהם עפעס מיט אמאל א שלאנקען ריס — דאס האט זיך רחל אין איהם אזא ציה געטהאן. ער איז דאס בלויז א מין געוועב, אין וועלכען זי האט זיך אריינגעוועבט און אט האט זי זיך איינגעווארעמט אין איהר געוועב און האט זיך מיט אמאל א ציה געטהאן, ווי איהר וואלט זיך וועלען גרעסער ווערען, ווי איהר וואלט זיך וועלען בעסער דערפיהלען דאס געוועב ארום זיך."

די צווייטע רחל, וואס האלט, אז דאס לעבען איז ניט קיין מעשה, האט שוין לאנג חתונה געהאט מיט אן אנדער מאן און זי איז דאכט זיך א גוטע און איבערגעגעבענע פרוי. נאר ווען ניט ווען דערמאנט זי זיך ווי אין א מעשה'לע, אז אמאל איז געווען א נאר א בחור, וואס האט זיך אין איהר פערליעבט. ווי שעהן דער נאר האט דאס געקאנט ליעבען!... „אבער? — כא, כא! דאס לעבען איז דאך ניט קיין מעשה, דאס לעבען איז ניט קיין מעשה!"

עס טרעפט אבער פארט, „אז שמעונ'ס בליקען צושפאלטען איהר דעם שלאף אין מיטען נאכט..." „אמאל נעהמט זי איבער דעם

פון שלאָף שמייכלען, און אמאָל כאַפּט זי זיך איבער דעם אויף פון שלאָף א צושראָקענע...״ און „אמאָל פאַלט איהר אויך איין אויסזוכען איהר לייכט געקעסטעלט קלייד, דאָס קלייד, אויף וועמעס שמעונ׳ס בליקען פלעגען זיך אזוי רייך צושפּיעלען. — זי טהוט אָן דאָס קלייד און געהט צו צום שפּיגעל מיט דעם חשק צו דערקאָנען אין זיך י ע נ ע רחל, באלד אבער צושמייכעלט זי זיך פון דעם נאַרישען איינפאַל. — צוויי רחל׳ס טראַכט זי. עס זיינען געוואָרען צוויי רחל׳ס און בלויז איינע פון זיי שטעהט איצט ביים שפּיגעל און שמייכעלט...״ און זי דערפיהלט, ווייזט אויס, אז קיין מענש קאָן זיך ניט אינגאַנצען בעפרייען פון דער „אייביגער מעשה וואָס הענגט הויך איבער אונזערע קעפּ״.

עס קען אבער זיין, אז דער לעבענס גלויבען איז אן ארויפגעוואָרפענער פּאַנצער אויף זיינע העלדען. ס׳איז דער ליגען, די מאַסקע, מיט וועלכע ער האָט זיי בעקליידט זיי זאָלען ניט זיין דורכזיכטיג. מען זאָל איהם אליין ניט קענען דורכזעהן... אדער אפשר וויל ער מיט זיי זיך אליין בעפּאַנצערען?... עס קען זיין אז אונטער די אלע שטייפע פּאַנצערס בעהאַלטען זיך גאָר אונבעהאָלפענע צובראָכענע, אויסגעשפּיעלטע העלדען... געפּענטעטע אין זייערע אייגענע נעצען — ווייל מיר זעהען, אז אלע איגנאַטאָוו׳ס העלדען קומען אין אָנהויב ארויס מיט א שטאַרקע קראַפט, שפּעטער ווערען זיי צובראָכען פון זייערע אייגענע כחות. אזוי איז דער גבור, אזוי איז ברוך, אזוי איז אויך דער העלד פון פּיבי. אבער זיי האָבען אזוי פיעל אינערליכען גלויבען, אז אויף די חורבות פון זייער אייגענע צובראָכענקייט בויען זיי אויף א נייע האָפענונג, א מיסטישען טרייסט, וואָס גיט זיי כח ווייטער צו לעבען. פון די ע נ ט ו י ש ו נ ג ע ן וואַקסט ארויס א טרייסט. ווייל דער וואָס ליידט ד ע ר ז ע ה ט ע פּ ע ס א ז ו י נ ס וואָס אנדערע זעהען ניט; און דאָס גיט איהם א נייעם כח. אויב א מענש זאָל דעם כח ניט האָבען אין זיך, וואָלט ער ניט געקענט לעבען. און דער פערבאָרגענער גלויבען ענטפּלעקט זיך כמעט ביי אלע זיינע העלדען. עס וואַכט אין זיי אויף דער אייביגער אידישער אָפּטימיזם. און אמבעסטען ש י י נ ט א ר ו י ס ד י ט ר י י ס ט פ ו ן ע נ ט ו י ש ו נ ג אין זיין ערצעהלונג **„גאָט בעהיט און בעשיץ״,** **וואו ער זאָגט:**

„איך וואָלט וועמען איצט דערצעהלען א מעשה פון איינעם, וואָס האָט געהאט א גאָלדענע זון — ווי ער האָט זיין זון צו דער ערד געשליידערט, זי אין שטיקער צובראָכען, איצט געהט ער ארום זיין גאנצען לעבען און קלייבט, ווי א בעטלער, שטיקלעך זון, — שטיקלעך זון — — — נאָר ניין. — זילבער־ווייסע שטראהלען, שטראהלען פון דער אייביגער מעשה, וואָס שפּרייט זיך הויך און ווייט, אין דער בלויקייט, וואָס איבער אלעמען, הענגען אין א רינג הויך איבער מיין קאָפּ“.

עס איז אויך כדי צו ברינגען איניגע ביישפּיעלע צו ווייזען ווי אזוי איגנאַטאָוו מאָהלט:

„די גאס מיט איהרע עלעקטרישע לאָמפּען, *האָט זיך אין דער נאַכט אויסגעשיינט, ווי א לאַנגע און ליכטיגע הייל*. (פון פּיבי).

„און דערביי האָט זיך איהר פיגור *אזוי שלאַנגיש א ציה געטהאָן, ווי זי וואָלט אין גאַנצען געווען פון שלאַנגען־רינגען*“. (דאָס גאָלדענע אינגעלע).

„דער ווינד בלאָזט אריבער דעם פערד'ס גריווע איבער זיין קאָפּ און עס דאכט זיך, אז דעם פערד, האָט דער ווענד געבראכט. אויפ'ן פערד'ס שטערען איז פארהאן א לאנגליך ווייסער פלעק און אויך אויף זיין בויך איז דאָ א ווייסער פלעק. — און עס דאכט זיך, אז דער (שווארצער) פערד איז ווייס, נאָר מען האָט איהם אריבערגעוואָרפען א שווארצע פעל, און אז אָט וועט דער פערד אויפציטערען, א שפּרונג טהאָן און ארויסלויפען פון זיין שווארצער פעל און וועט בלייבען שטעהן א ווייסער א לויטערער“. (גאָט בעהיט און בעשיץ).

„טויזענטער פייլבויגענס האָבען אנטקעגען זיי *געשפּריצט* און *גערעגענט* מיט פיילען, אבער זיי האָבען זיך ניט גענומען פאר די פיילבויגענס, נאָר מיט אויסגעשטרעקטע שפּיזען האָבען זיי זיך געטראָגען גלייך אויפ'ן שונא און האָבען זיך אין איהם *אריינגעשטאָכען בייז און ווילד*“. (דער גבור).

„יענקעל הויבט אפילו די אויגען ניט אויף (פאר שאנדע) נאָר ס'פּנים ברענט ווי א העליש פייער, *ווי פייערדיגע*

ו ו ע ר ע ם ו ו א ל ט ע ן ז י ך א ו נ ט ע ר ז י י ן ה ו י ט ג ע ו ו א ר פ ע ן. (נאקעט).

„דער ווייסער הונד אויף זיינע (ברוך׳ס) הענד זעהט אויס,— א ווייסער א נאקעטער".

די געבראכטע בילדער און פערגלייכונגען, זיינען ניט נאר בליציג און פול, מיט בעוועגונג, ניט נאר האט יעדער פון זיי א בעזונדערע פרישקייט, נאר זיי צייכענען זיך הויפטזעכליך אויס מיט דעם וואס זיי פערמאגען די אייגענשאפט פון אנרעגונג. זיי וועקען אין אונז אויף עפעס אזוינס, וואס איז מעהרער און ווייטער פון דעם וואס מיר זעהן... אט איז נאך א ביישפיעל ווי דער העלד אין פיבי דערצעהלט, אז זיך וואשענדיג אויפ׳ן צווייטען טאג האט ער מיט שטוינען דערפיהלט, „אז דער קוש וואס פיבי האט איהם געגעבען וואשט זיך ניט אפ, נאר וואשט זיך אינ׳ם פרישען וואסער אין איינעם מיט׳ן פנים, מיט די ליפען".

דער קוש נעהמט דא אן א בעזונדער לעבען. מיר הויבען איהם ממש אן צו זעהן ווי ער ווארעמט זיך אויף דעם העלד׳ס ליפען, אז קיינע וואסערן ווילען איהם ניט אבוואשען...

און אט ווי סוגעסטיוו און מיסטעריעז עס ווערט ביי איגנאטאוו׳ן אויפגעטרוימט א נאכט:

נאך האלבע נאכט.

אונטער דעם אפענעם, פערפינסטעלטען הימעל וויעגט זיך דאס שטעטעל אין שלומער...

וואו־ניט־וואו בעוויזט זיך א פערשפעטיגטער פוס־געהער. די טריט שלאגען זיך אב רעגעלמעסיג, גלייך, און עס דאכט זיך, מען הערט, ווי עס קלאפט דער נאכט׳ס דופק:

אה — אה — אה — אה — — — — !

אויפ׳ן בערגעל האבען די בהמות שוין לאנג פערנומען זייער נאכט־לעגער: ליגען אויסגעלייגט אויף אלע פיער", האלטען וואבעדיג אויפגעהויבען די קעפ — זיינען מעלה־גרה. עס הערט זיך א קייען... זייערע אלעמענס קעפ, אלעמענס אויגען זיינען טיעף פערזונקען, זייערע אלעמענס אויגען זיינען גלייך צועפענט... עס צוּוויקעלט זיך א שווערער זיפץ... איינע פון זיי, א ראבע מיט א ווייסען פנים, שווארץ ארום די אויגען מיט גרויסע צודרעהטע קנעכלען... אט שטעהט זי שוין פעסט אויף איהרע פיס, ציהט זיך

אויס אין איהר גאנצער לענג. ס'פאלען צונויף די ראבע זייטען, ס'דרעהט זיך אויס דער עק, אט צועפענט זי דאס ווייסע מויל, צושפרייט די נאזלעכער און שרייט אויס: מהא — א — אה! מהא — הא — הא! ממה־א — !

דאס שטעטעל גיט זיך א דרייפאכען וויעג.

די פערפינטעלטע נאכט הילכט אב דאס געשריי פון דריי פער־שיעדענע פלעצער: פון ערגעץ טיעף, וויט און נאהענט...

חלומות ווערען דורך דעם איבערגעריסען... חלומות ווערען דורך דעם געבוירען... קינדער ציטערען אויף אין די וויעגען, קינדער הערען פלוצלונג אויף צו זויגען, לאזען פלוצלונג ארויס די מאמע'ס ברוסט פון מויל. („פון גאט'ס וואונדער").

איגנאטאוו האט אויך אנגעשריבען אייניגע זאכען, וועלכע מען קען אפשר אנרופען ליעדער. אט איז:

ס'איז א נאכט.
דאס צימער מיינס איז פינסטער,
דער דרויסען איז גרויס.
און האט א הימעל.
און האט א לבנה.

בענק איך דען נאך וואס?...
א ווייסער שטראהל קומט צו. —
די בלויע נאכט קלאפט אן צו מיר אין פענסטער,
און עמיצער א נאהענטער פון דער וויטען רופט:
— קעניג, דו האסט אזוי פיעל ווייסע פערד!"

---

יא, איך האב אזוי פיעל ווייסע פערד.
און דער דרויסען איז גרויס,
און האט א הימעל,
און האט א לבנה".

## 4

ווען איך בין צום צווייטען מאָל געקומען צו איגנאַטאָוו'ן, האָט ער מיר געזאָגט, אז ער האַלט אין פערענדיגען א ראָמאַן, וועלכער וועט וואַהרשיינליך הייסען „אבגעריסענע בלעטער". ער דענקט אז דער ראָמאַן וועט שוין אלעמען „געפעלען". ווייל ער וועט זיין „צוגענגליך" צו פערשיעדענע קלאַסען לעזער. ער האַלט אויך אין שרייבען אנדערע ערצעהלונגען. נאָר ער איז צופיעל בעגרעניצט אין צייט, דערפאַר קען ער זיי ניט ענדיגען. פיעל זאכען ווערען ביי איהם גאָר צורינען, ווייל ער האָט קיין צייט ניט זיי אויפצושרייבען. דאָס זעלבע, האָט ער בעדויערט, איז מיט אלע יונגע שרייבער. זיי וואָלטען געקענט פיעל מעהר שאַפען, ווען זיי זאָלען ניט זיין אזוי פיעל פערנומען מיט טעגליכע דאגות.

מיר האָבען באַלד איבערגעריסען דעם שמועס און אָנגעהויבען רעדען וועגען פּאָעזיע — די בעסטע פון די „יונגע" זיינען ביי איהם מאני לייב, לאנדוי, אייזלאַנד און ראבאַי. זיי קומען אלע מאָל מיט עפּעס נייעס. די איבעריגע דיכטער שרייבען אויך גוט, נאָר זיי אינטערעסירען ניט, ווייל אזעלכע גוטע זאכען איז שוין דאָ איבעראַל.

איגנאַטאָוו האָט מיר איבערגעלעזען אייניגע ליעדער און נאָך דעם ווי מיר האָבען ארומגערעדט וועגען פערשיעדענע פּאָעטען האָט ער מיך מכבד געווען מיט דזשאָהן גאָלד פלעטשער'ס „אינדיאַנער געזאַנגען" וועלכע ער האָט איבערזעצט אין אידיש פאַר זיין נייעם זאַמעלבוך: „וועלט איין וועלט אוים". דער כבוד איז מיר זעהר געפעלען. נאָך אַ היימישען אבענד ברויט, האָב איך זיך דערמאָנט אָן זיינע פערפלאַנצטע בלומען. זאָג איך צו איהם, וואָס מאַכען עפּעס אייערע בלומען?

„אדרבה, קומט ארוים, בעקוקט זיי מיינע פּריצטעס".

מיר זיינען געגאַנגען אין גאָרטען. די ביימער האָבען זיך שוין געהאַט בּרייט פערנאַנדערגעשפּרייט און די בלומען זיינען איצט

שוין געווע זאויסגעוואקסען, טאקי אזוי הויך ווי מענשען... דאס ערשטע מאל האב איך געזעהן אזעלכע גרויסע בלומען, זיי זיינען געווען פרעכטיג, נאר וואס פערנאנדערגעבליהט. איך האב זיך גע־פיהלט גוט ארומשפאצירענדיג אין דעם שעהנעם פיעלפארבינגען גארטען.

איגנאטאוו האט זיך איינגעבויגען צו די בלומען, ליעבליך אבגעריסען איינע און זי מיר אריינגעשטעקט אין לאץ.

איך האב זיך מיט איהם געזעגענט און בין אוועק אין זעהר א גוטע שטימונג. פאהרענדיג אויפ'ן טראמוויי, האב איך די גאנצע צייט געטראכט פון דעם, וואס מיר האבען גערעדט, א מערקווירדי־גער מענש — ניט זייענדיג קיין רייכער, מאכט ער דעם איינדרוק פון א גרויסען עושר.

אז איך בין אהיים געקומען, האב איך נאך אלץ געטראכט פון איגנאטאוו'ן, פון זיין געפיהל פאר א שעהנעם גארטען. זיין אב־געבען זיך מיט בוימער און בלומען. און יעדעס מאל ווען איך טראכט וועגען איגנאטאוו'ס שריפטען, זעה איך איהם שטעהן א שטאלצען צווישען יענע בלומען, וואס זיינען אזוי גרויס ווי מענשען...

# זישע לאנדוי

דער מענטש דאַרף זײַן אַ בעוואונדערער.
דער שעפֿערישער מענטש אונטערשייד זיך
פֿון דעם געוויינלעכן מענטשן דערמיט וואָס ער
וואונדערט זיך איבער אַלץ — איבער דאָס
קלענסטע ווי דאָס גרעסטע.
וואונדערן זיך הייסט גלייבן, האָפֿן,
זיך צוהערן צו דער שטילקייט,
זעהן די נ ש מ ה פֿון זאַכען —
ניט נאָר דעם חומר...

נח ש.

## 1.

פיעלע יאהרען האבען דיכטער בעזונגען געטער און נימפען, שטערען און בלומען, און די מאהלער האבען בעהאנגען די מוזעאומס מיט אידעאליזירטע שעהנהייטען, און מען האט די שעהנהייטען שוין אזוי פיעל בעוואונדערט, אז מען פיהלט שוין מעהר קיין טעם אין זיי.

די קינסטלער האבען דאס דערפיהלט און אנגעהויבען עקספערעמענטירען מיט נייע פארמען, זוכען א פרישען אינהאלט. זיי האבען גענומען קוקען מיט אייגענע אויגען אויפ'ן לעבען און דערזעהן פאעזיע אין אזעלכע מענשליך טעגליכע זאכען ווי ארבייטען, עסען, שלאפען און גענוצען.

זיינען דאס צו געוועהנליכע זאכען פאר דער קונסט?

פאר וואס?

איז דען ניט דאס סאמע געוועהנליכע אינטערעסאנט?

בעשטעהט דען ניט אונזער לעבען פון געוועהנליכקייטען?

מעטערלינג האט שוין לאנג געזאגט אז אין די געוועהנליכע ווערטער פון א אינגעל, וואס קלאגט זיך אז ס'איז איהם קאלט, איז פארהאן מעהר זין ווי אין די בעהויפטונגען פון א מארק אררעליאום.

די וואס זוכען דאס אויסערגעוועהנליכע אין לעבען פערשטעהען ניט דאס לעבען... ווייל די קלענסטע ערשיינונגען ווערען אינטערעסאנט, ווען ס'איז נאר דא ווער עס זאל זיי אינטערעסאנט אויפפאסען... דערפאר איז ניט פארהאן קיין צו געוועהנליכעס פאר פאעזיע — עס דארף נאר זיין דער פאעט...

אלעס וואס עקזיסטירט, האט זיך זיין שעהנקייט. די אונבעדייטענסטע ערשיינונגען ווארטען אויף זייער דיכטער. ער זאל קומען ארויסזאגען זייער סוד. דער פאעט געפינט פאר זיי דעם ריכטיגען נאמען און ווערטה. די וואס קוקען אויפ'ן היינטיגען לע־

בען מיט אמאליגע אויגען און פערשטעהן ניט דעם נייעם זין, שפעטען פון דיכטער וואס שרייבען וועגען עסען און געניצען. עס איז אבער א פרימיטיווער געפיהל, וואס טרייבט צו פערגרעסערען און איבערשעצען וואס איז ווייט און פרעמד און איגנארירען אדער אונטערשעצען וואס איז נאהענט ארום זיך. דער מאדערנער מענש פערטיעפט זיך אין זיך און אין אלעס ארום זיך און פיהלט די וויכטיגקייט פון דאס קלענסטע.

צום ביישפיעל: ס'איז וויכטיגער צו שרייבען וועגען געניצען ווי וועגען געטער און מלאכים, וועגען פאהרען אויפ'ן „על“ ווי וועגען פליהען פון א מלאך. ווייל דאס לעצטע איז א ליגען פאר'ן היינטיגען מענשען, דאס ערשטע א שטיק לעבען. און דער מענש, וואס לעבט און פיהלט מיט זיינע אייגענע חושים, גיט איבער זיינע איינדרוקען אמת'דיג, אזוי געטריי, ווי ער האט זיי בעקומען. עס איז היינט ניט נויטיג אויסצוטראכטען אויסערגעוועהנליכע פאנטאזיעס צו וועקען הויכע שטימונגען: מענשען זיינען היינט העכער און עמפינדליכער ווי אמאל. א לייכט סוגעסטיווער ריהר איז גענוג צו בעוועגען מיין געמיטה. און „וואס א געפיהל איז אינטימער אלץ אוניווערסאלער איז ער“ — זאגט לאנדוי.

דער היינטיגער פאעט דריקט דערפאר קודם כל אויס זיך. און אויב זיינע עמאציאנען זיינען טיעפע, וועלען זיי מיט דער צייט ווערען אלעמענס... ווייל דער אמת'ער פאעט איז דער טיעפסטער מענש פון זיין צייט... ער שרייבט דערפאר ניט פאר'ן פאלק. די היינטיגע פאעטען געהען טיעפער, זיי שרייבען זיך... דערפאר זיינען זיי אזוי נאהענט צום הארצען די וואס האבען זיך — און ווייט פון יענע, וואס זיינען בלויז גלגולים פון אנדערע...

די אמת'ע קינסטלער פון אונזער צייט זיינען געקומען צו זיך, צום פרייען אויסדרוק פון זייער אינדיווידואליטעט. און וואס עס איז מיט די קינסטלער פון דער וועלט, איז אויך אן עהנליכען אופן מיט אונזערע.

וואס פאר אן ענדערונגען איז פארגעקומען אין דער אידישער פאעזיע?

בעפאר די נייע דיכטער זיינען געקומען איז די אידישע פאעזיע געווען פערטהאן אין קלאגעריי. אונזערע אלטע פאעטען זיינען צוגעגאנגען צו אלע ערשיינונגען מיט א פארטיגען בליק: אז אלעס

אין דער וועלט איז שלעכט און מען דארף אלץ בעווייגען. און זיי האבען טאקע געוויינט. אויף ענטוישטע ליעבע, אויף די ענטוי־ שונגען פון לעבען, אויף די אייגענע יאהרען, וואס געהען אוועק ווי רויך, אויפ'ן בייזען מזל פון אידישען פאלק און אויף די צרות פון די ארעמע ארבייטער. ווינטער האט מען געקלאגט וואס ס'איז קאלט, פריהלינג וואס די נאטור לעבט אויף, די בוימער צובליהען, די גראזען גרינען, נאר דער מענש קען ניט אויפלעבען פריי ווי שוואלבען, און אין הערבסט האט מען דאך אודאי גע־ האט אויף וואס צו קלאגען, די בלעטער פאלען דאך —

מיט דער צייט איז אבער דאס לעבען געווארען אנדערש. איז מען מיעד געווארען פון אזא וויינעריי. פאעזיע איז ניט געוויין, נאר געזאנג. א געזאנג פון דער יום טוב'דיגער נשמה. ניט פון פערטערעהרטע זיפצען. אין אמת'ע פאעזיע ווערען אפילו די ליידען פערוואנדעלט אין פריידיגע מוזיק.

די פאעזיע איז געבוירען פון לעבען, אבער זי הויבט זיך אויף העכער. די פאעזיע פון די אלטע דיכטער איז אבער געשטא־ נען נידעריגער, איינזייטיגער. זי האט זיך בלויז פערנומען מיט דאס שווארצע, קלאגעדיגע פון לעבען. דערפאר האט זיך גענויטיגט אן איבערבייט. און אן איבערבייט איז טאקע געקומען. די צייט האט ארויסגעבראכט נייע אידישע דיכטער. איינער צווישען זיי איז זישא לאנדוי.

לאנדוי האט אריינגעבראכט אין דער אידישער פאעזיע נייע מאטיווען. ער זאגט אז ס'איז ניטא אויף וואס צו קלאגען. ס'לעבען איז גאר ניט אזוי שלעכט, ווי מען האט אונז איינגערעדט. די מעהרסטע ליידען זיינען איינגערעדטע. קינדער, ווייבער, און נארא־ נים האבען ליעב צו וויינען. א פערשטענידגער מענש לערענט זיך אויס צו לעבען. יא. לעבען איז א קונסט. מען דארף עס לערנען... ארעמקייט? ס'איז גאר ניט אזא טראגעדיע ווי מען מאכט דערפון.

אין א בריעף שרייבט ער מיר:

„בכלל איז די גאנצע געשיכטע פון ארעמקייט און רייכקייט א פיקציע, דאס האבען סאציאליסטישע אגיטאטארען אויסגע־ טראכט".

די מאדע צו בעשולדיגען אין אלעם בייז די שלעכטע ארד־ נונג איז געמאכט געווארען פון שלעכטע מענשען, וועלכע פרעדי־

גען אונצופריעדענהייט — די סאָציאַליסטען, טענה'ט לאַנדוי. און ער איז ניט בלויז א געגנער פון סאָציאַליזם, נאָר א שונא פון יעדען ראַדיקאַליזם. (זאָל מען איהם גלויבען?) ער גלויבט ניט, אז אן אנדערע געזעלשאַפטליכע אָרדענונג וועט פערבעסערען דאָס לעבען. ער האָט מיר איינמאָל ציטירט א געדאַנק פון זיין פריינד ד'אברוצי: „אז מען דאַרף איינפיהרען דעם סאָציאַליזם פּשוט דערפאַר אום זיך צו איבערצייגען, אז ניט די אָרדנונג, נאָר דער מענש אליין איז שולדיג אין זיינע ליידען".

לאַנדוי זאָגט, אז די וועלט איז אין אָרדענונג!

אין דעם זעהען מיר לאַנדוי דעם עקסטרעמיסט. דעם צו־להכעיס־מענש וואָס וויל מיט א כיוון זיין פערקעהרט ווי אנדערע. ווייל די מעהרסטע פיינערע נאַטורען זיינען געגען אָרעמקייט, וויל ער זאָגען פערקעהרט. ווייל די רעכטדענקענדע ווייזען אויף, אז די היינטיגע אָרדענונג — וואָס איז אין דער אמת'ן אן אונאָרדענונג— איז אַ שלעכטע, ווילט זיך איהם זאָגען פערקעהרט.

לאָמיר פערשטעהן. עס מיינט ניט, אז ער וויל זיין אנדערש ווי ער איז. דאָס וואָלט געהייסען זיין ניט ערענסט. און דאָס קען קיינער ניט זיין. יעדער מענש איז ערענסט, אפילו אין זיין אונ־ערענסטקייט וואָס מיר רופען... נאָר דאָס איז אזא נאַטור. — באַדלער האָט אויך געוואָלט דאָס פערקעהרטע — אזוי איז לאַנדוי'ס כאַראַקטער. ער האָט ליעב די זיגזאַגען פון דער נשמה. דערפאַר האלט ער זיך ניט צוריק אפילו פון ווידערשפּרוכען.

אין זיינס אן ארטיקעל אין „ליטעראַטור און לעבען", פּאָלע־מיזירענדיג מיט עמיצען זאָגט ער:

„יא, יא — אבער ווידערשפּרעכען זיך? און טאקע באַלד אויף א צווייטען זייטעל אבלייקענען דאָס, וואָס דו האָסט נאָר וואָס גע־זאָגט? שעהן אזוי? א שאַנדע. אפשר — א צופאַל?

„ניין, דוקא ניט קיין צופאַל און קיין שאַנדע ניט: איך האָב געזעהן די ווידערשפּרוכען: וואָס איז מיר אייער לאָגיק? ווידער־שפּרעכען זיך איז די לאָגיק פון מ י י ן נ ש מ ה, מ י י ן ב ע ד י ר פ ע נ י ש, מיין געוואוינהייט.

„א פילאָזאָף הייסט דענקען קלאָהר און מיר הערען איהם ניט. די שוהל־לאָגיק האָט פערבאָטען און מיר ווערען ניט נתפּעל:

שוהל־ביכער זייענען ניט פאר עלטערע מענשען. אין אונזערע געגענדען גילט אן אנדערע פילאזאפיע".

און אזעלכעס אויפשרייבען דארף מען זיכער האבען א סך מוטה און אויך ניט וועניג שארפזין:

„מיר וואס האבען עפעס אן אינדיווידואליטעט, לעבען אין אינערען געזעץ און פיינע קולטור, שרעקען זיך ניט פאר דעם אונערווארטעטען און ניט־פאראויסגעזעהענעם, מיר, די ווילדע יונגען און מוטיגע אוואנטוריסטען, מיר מעגען טרעטען מיט אונזערע פלינקע פיס יערע לאגיק און קולטור און בעגעהן זיך מיט די אלע שטאנדפונקטען, אידעען, מיינונגען און איבערצייגונגען — סיי פרעמדע, סיי אייגענע — ווי מיט קינדערשע שפיעלצייג:

„איבערגעוואקסען.

„אויסגעוואקסען.

„אויף א לאגיק — הא?"

ווי מיר זעהן פון זיין פראזא האט לאנדוי א גאנץ שארפע פען. אז ער וויל זאגען עפעס שטעכיגעס קען ער. ביי איהם קומט עס ניט פלוצלונג, אונבעוואוסט ווי ביי אנדערע, ער איז פול בעוואוסטזיין. ניטא ביי איהם קיין צופעליגקייטען. אונטער אלע זיינע כלומר'שטע קאפריזען ליגט די קאלטע אויסגערעכענקייט. לאנדוי'ס הארץ איז זיין קאפ. ער שרייבט ניט, ווייל אזוי שרייבט זיך איהם. ביי לאנדוי איז אלעס א שטה. ער האלט ניט פון קיין שטימונגען. ער האט איבערצייגונגען. ניטא ביי איהם קיין צופעליגע ליעדער. ער האט עפעס צו זאגען אין יעדען ליעד. אמאל א קריטיק; א נייעם געדאנק. ער ווייס אלע מאל וואס ער וויל זאגען און קען אויך זאגען וואס ער וויל...

---

לאנדוי, ווי געזאגט, האט גענומען אריינברענגען נייע מאטיווען אין דער אידישער פאעזיע. אייניגע נייאיגקייטען זיינען אונז צום הארצען, אנדערע ניט. אנדערע זיינען ווידער בלויז צופריעדען וואס ער האט גענומען זוכען נייעס. זאל זיין סאטירישע ציניזם־טיק, דאס רייצען זיך מיט אונז — שפיעל, שפרינגען זיינען אימער אינטערעסאנט. און לאנדוי איז איינער פון די געוואגטסטע דערצו. ער האט געביטען אינהאלט, געביטען פארמען. שוין לאנג האט ער גענומען בענוצען דעם סאנעטען פארם. באלד איז איהם ניט גע־

פאַלען צו גראַמען בלויז צום סוף פון דער שורה, האָט ער גענומען גראַמען אין דער מיט, געמאַכט פּערשיעדענע וואַריאַציעס מיט גראַמען און אַלעמאַל געזוכט נייע. ער איז אויך אַריבער די גרעניצען פון דעם מעכאַנישען סטראָף, וואו יעדער שורה איז געצוואונגען אויסצוהאַלטען דעם ריטהם און מעטער. ער האָט אין אידיש אַריינגעפיהרט דעם פּאָליפאָנישען סטראָף, וואו פערזען טאַנצען אין גרויסע און קליינע קרייזען, שטאַקאַטאַ געמישט מיט לעגאַטאַ אין איין און דעם זעלבען ליעד.

אין אונזער ליטעראַטור איז דאַ גרויסע מעגליכקייטען פאַר גאַר פרישע נייעקייטען. אונזער שפּראַך האַלט זיך ערשט אין ענטוויקלען. האָט לאַנדוי גענומען זוכען נייע ווערטער, בענוצען אַלטע ווערטער וועלכע מען האָט שוין געהאַט פערגעסען. ער האָט גענומען בייגען ווערטער אויף אַ נייעם אופן. ווי „פערגראַזטע געגענד, פערטאַלטען פערבערגטען פעלד, נעכט בעווינטיגטע, טעג בעזונענע". און שאַפענדיג נייע ווערטער קאָמבינאַציעס, שאַפט ער אַפט אַ נייעם בעגריף, ווי מיט דער קאָמבינאַציע „ניטראַאיג גליק". ווי שעהן עס קלינגט דאָס „ניטראַאיג גליק" אין דעם ליעד:

„אַ, וויג מיך, וויג מיך וויג,  
אַ, וויג מיך שעה נאָך שעה,  
דו, מיין ניטראַאיג גליק,  
ווי לאַנג איך בין נאָך דאַ.

איך פיהל אין יעדען ריהר,  
אַ, גוטע, ווייטע פרייד,  
אַז דו האָסט איבער מיר  
די פליגעל אויסגעשפּרייט.

ס'ווערט גוט אַזוי און לייכט,  
(אַ, וויג מיך, וויג מיך, וויג!)  
גלייך ווי פון טוי איז פייכט  
און גלאַנציג מיין בליק —

אַ, ווייט, ניטראַאיג גליק."

## 2.

לאנדוי איז דער גייסטיגער אוואנטוריסט, ער האלט אין איין זוכען, דערמיט נעהמט ער אונז. אמת, אז איך האב איבערגעליינט דאס ליעד „נעגעריגס" און דאס צווייטע:

„און מיט שמיראכצען אזוינע
טוען זיך די ווייבער שמירען,
אז מען זאל דעם שלעכטען ריח
וואס עס געהט פון זיי ניט שפירען".

האב איך געפיהלט א ביטערע זויערקייט; אבער זיי האבען געצוואונגען צו לייענען זיי נאך אמאל. ווייל ווי געוועהנ־ליך, אז איך האב אנגעהויבען לייענען א ליעד האב איך כמעט אימער געוואוסט וואס ס'וועט זיין דער סוף. ביי לאנדוי איז אבער טייל מאל ניטא ניט קיין אנפאנג און ניט קיין סוף, נאר עפעס אזא „מיטען", וואס מען קען ניט פערגעסען.

וואס פאר א בעזונדערע אייגענארטיגע בעציהונג לאנדוי האט צו פרויען.

ביז איצט האבען דיכטער געהאלטען אין איין גלארעפיצירען פרויען. וואס פאר דעם געוועהנליכען מענשען די קירכע, איז פאר דעם דיכטער געווען דער פרויען קולט. מען האט די פרוי פערגעט־טערט. דער גרעסטער טהייל פאעזיע פון דער וועלט איז פול מיט ליובגעזאנגען צו דער פרוי. לאנדוי האט אבער פיינט אויסגעטרא־טענע ווענען. ער האט זיך ליעב צו פערקוקען אויף א זייט. איהר זאגט, אז די פרוי איז דאס שעהנסטע וועזען אויף דעם פלאנעט? זאג איך: זי איז פון פלייש און ביינער. און „פלייש און ביינער מוזען פוילען" דערפאר דארפען זיי „שמיראכצען מען זאל דעם שלעכטען ריח וואס עס געהט פון זיי ניט שפירען".

פאר פרויען און זייערע פערגעטערער קלינגט דאס שטארק בע־לייריגט.

לאנדוי וויל האבען, אז די פרוי איז ניט און קיינמאל ניט געווען ווי די דיכטער האבען איהר פארגעשטעלט. „ניט די אדער יענע פרוי איז שלעכט. דער מין! — ערדיש. געשלעכט. זינדיג. ווייסט ניט פון עפעס העכערס ווי לייב. מיר, מענער אונשולדיג און ריין, און קיין אויסוועג איז ניטא ווי זיך צו בעפרייען, ווייל טויזענדער וועגען האבען זיי ווי אונז צו פאנגען... דארפען זיך צוגעוואוינען זעהן דעם אמת, וועלען מיר וויסען צו ריכטען אונזערע בעציהונגען".

די פרוי איז א קראפט וואס איז זעהר שעדליך אין אונזער אומוויסענהייט... דער מאן איז בלויז צייטענווייז ליידענשאפטליך. די פרוי איז בלויז ליידענשאפט. און דערפאר האט זי בלויז א זינליכע בעציהונג צום לעבען:

„עס נעהמען די אויגען זיי ברענען,
זיי ווערען פון גלוסטונג פערצעהרט;
די תאוה פון ווייבער — זי האט דאך
פערלאשען דאס ליכט פון דער ערד.

נאר וואהרהאפטיג זיינען מיר מענער,
צו זינד פיהרען אונז ניט די טריט,
עס גלוסט ניט צו תאוה דאס הארץ אונז,
עס ברענען די אויגען אונז ניט".

מען קען ניט זאגען, אז די וועלט האט נאך אזוינס ניט געהערט. שוין די אמאליגע אידען האבען געהאט די זעלבע בעציהונגען. דער בליק אויף דער פרוי איז שוין אן אלטער, רעליגיעזער. אפילו אין דער ביבעל ווערט די פרוי פארגעשטעלט אלס זינדיגע, וואס לאזט זיך פערפיהרען פון שלאנג דורך איהר שוואכען ווילען.

נאר אזוי ווי אנדערע האבען איבערטריבען מיט לויבען, אזוי האט לאנדוי מיט קריטיק. אין תוך איז ער גערעכט, אבער אין ארט און וויזע — אונגערעכט. א געדאנק קען ווערען אויסגעדריקט אויף פערשיעדענע אופנים, דער פאעט דארף איהם אויסדריקען אויפ'ן שעהנסטען אופן. לאנדוי האט געטהאן דעם געגענטהייל. אפילו די שפראך איז אין דעם ליעד ערגער ווי אין די אנדערע. „שמיראכצען

אזוינע" איז אפילו מיאוסע פראזא, אבגערעדט פון פּאָעזיע. פאָרם איז מעהר בעלײדיגענד ווי געדאנק. פיעל מאָל איז ניט וואָס מען זאָגט, נאָר ווי אזוי. און מיט דעם ניט שעהנעם פאָרם האָט לאנדוי בעלײדיגט זײן טהעמא. ס'בעווײזט אז געצוואונגענע אָריגינאַליטעט קען ארונטערפיהרען פון וועג אפילו א פײנעם דיכטער. ווײל לאנדוי האָט ניט געוואָלט בעלײדיגען די פרוי, ער איז נאָר געווען צו עקסטרעם. דער זעלבער וואָס האָט געשריבען דאָס ליעד פון שמיראכצען, האָט אויך געקענט אזוי שעהן אײנרוימען:

„אין דער פינסטער זײנען דײנע אויגען שענער —
און עס וועהט פון דיר אזוי פיעל פרײד און רוה,
דאמאָלס איז דײן קלײנער פוס נאָך קלענער,
ציטעריגער, בוינזאמער ביסטו — — —

אין דער פינסטער קלינגט דײן ווײכע שטימע ווײכער,
דאמאָלס וועהט פון דיר אזוי פיעל פרײד און רוה.
דײנע פינגער ווערען ווײכער, בלײכער,
ציטעריגער, בוינזאמער ווערסטו — — —".

אין דעם ליעד זעהען מיר לאנדוי דעם ראפינירטען פאָרם־מײסטער, ניט דעם פלינקען שפּיץ־קאָפּ, וואָס וויל אריבערשפּרינגען זײן אײגענעם שאטען...

אָבער שלעכט צו גוט. אײן זאך איז זיכער וועגען לאנדוי. ער האָט יענעם כח צו פּעראינטערעסירען. זײנע שורות ברענגען זיך אײן אין זכרון צו זײ געפעלען צו ניט. עס איז שטענדיג בײ איהם דאָ עפּעס אזוינס, וואָס איהר מוזט געדענקען. אזעלכע זײנען געבוירען צו שרײבען. זײ האָבען אין זיך פערבאָרגען עפּעס, וואָס מאכט זײ אנציהענד. דערפאר איז לאנדוי אפשר מעהר אינטערעסאנט אלס כאראקטער ווי אלס פּאָעט. אלס פּאָעט האָט ער נאָך וועג געשאפען. די ליעדער אין „ארבײטער" קענען ניט האָבען קײן פּרעטענזיע אויף פּאָעזיע. ערשט אין די זאמעלביכער „שריפטען" טרעפען מיר זיך מיט דעם קינסטלער פון ראפענירטען פערז. אָבער דאָס בעסטע וואָס לאנדוי האָט ביז איצט געשריבען געפינט

זיך אין „ליטעראטור און לעבען" און אין דעם נייעם זאמעלבוך „וועלט איין וועלט אוים".

אבער שוין אין די וועניגע ליעדער קען מען זעהן, אז לאנדוי האט אן אייגענעם בליק אויפ'ן לעבען. ער האט דערזעהן דעם וועג אויף וועלכען ער דארף געהן. און ער איז צו עפּעס דערגאנגען. ער איז געקומען, לאמיר עס אנרופען, צום פילאזאפישען אפּטימיזם. ער גלויבט אז א מענש געפינט סוף כל סוף וואס ער זוכט. זוכט איינער קריעג וועט ער דאס זיכער געפינען. און זוכט איינער פריעדען וועט ער דאס אויך געפינען. ביי זיך... ווען ער האט נאר גלויבען. גלויבען איז א הייליגע זאך. אז מען גלויבט אין עפּעס ווערט פרעהליך אויף דער נשמה... מען פיהלט זיך געשטארקט פון א קראפט, וועלכע מיר פערשטעהן ניט, נאר פיהלען איהר נאהענט־קייט:

„וואהרהאפטיג, עס שטארקט אונז דאס ווארט דיינס,
ווי גוטער און גאר אלטער וויין:
אז וואויל איז צו דעם, וואס איז זוכה
אין נאה'נטקייט אין דיינער צו זיין.
עס קוקען די אויגען איהם אנדערש,
ער זעהט דאס, וואס מיר זעהען ניט,
זיין הארץ איז א געסט בלויז פאר פריידען,
עס זינגט און ווערט קיינמאל ניט מיעד.
האסטו ניט געהייסען זיין פרעהלאך? —
ווי זאלען מיר פרעהלאך ניט זיין!
עס שכור'ט אונז און בערוישט אונז
דאס ווארט דיינס, ווי גאר אלטער וויין".

ווי פיעל גלויבען, פרייד, און האפנונג ליגט פערבארגען אין דעם פאטעטישען ליעד?

לאנדוי האט מיר איינמאל געזאגט: „מיר לעבען ניט אין דער וועלט עמיץ זאל אונז פרייד פערשאפען. מיר מוזען דאס אליין זיין... דאס גרעסטע פערברעך איז זיך צו לאנגוויילינגען".

ער האלט אויך ניט פון ארומוואנדערען איבער דער וועלט. ער ווייס אז איבעראל איז כמעט דאס זעלבע. פון זיך קען א מענש

ניט אוועקוואנדערען... מען מוז זיך דארום דיסציפּלינירען צו קע־
נען זיין מיט זיך דאָרט וואו מען איז און שעצען דאָס נאָהענטע
ארום זיך:

„פערהאנגען לייט וואָס ווילען שטענדיג רייזען
און קליין איז נאָך פאר זיי גאָט'ס גרויסע וועלט,
דאָך מיר איז גוט אזוי דאָ אומצושפּרייזען
אין דעם פּערטאַלטען און פערבערגטען פעלד".

דער וואָס האָט נאָר אריינגעקוקט אין לעבען, ווייסט, אז וואו
מען זאָל ניט זיין אין דער דרויסיגער וועלט איז ניטאָ קיין רוה,
אויב מען געפינט איהר ניט ביי זיך... דער דיכטער האָט זיין רוה
אין זיך. דערפאר ווייזט זיך די וועלט פאר איהם אנדערש. ער גע־
פינט פרייד אין טרויער און טרויער אין פרייד. אנדערע קלאָגען
וואָס דער זומער געהט אוועק, און ס'קומט דער הערבסט מיט זיינע
גרויע טעג, דאַן דער קאַלטער ווינטער. אבער לאַנדוי איז גאָר צו־
פריעדען וואָס דער ווינטער קומט. ער דערפיהלט גאָר א היימליכ־
קייט אין הויז:

„ערשט איצט האָב איך דערפיהלט אז ס'איז אוועק דער זומער
און נאָהנט איז דער ווינטער שוין; אין הויז איז מיט אמאָל גאָר
היימליכער געוואָרען. פון יעדען ווינקעל וועהט א וואַרעמקייט.
מיין ווייב, וואָס כ'האָב אזוי אויך ליעב, איז מיר אצינד נאָך ליע־
בער".

אין די גאָר איינפאכע ווערטער איז פאַרהאַן א סך — זעהר
וויכטיגע פּאָעזיע, וואָלט איך זאָגען. ווייל אין זיי מאכט אונז דער
דיכטער בעוואוסט איבער די שעהנקייט פון די קלייניגקייטען ארום
זיך. די שעהנקייט פון אלע שעה.

מיט א פערטעל יאהרהונדערט צוריק האָבען מענשען געגלויבט
אז ס'וועלען געמאכט ווערען גרויסע רעוואָלוציאָנען און די ערד
וועט זיך באַלד פערוואנדלען אין א הימעל... מען האָט אבער באַלד
איינגעזעהן, אז ס'טהוט זיך ניט אזוי גיך ווי עס ווילט זיך. און
דאָס בלויזע פאַנטאַזירען וועגען דער שעהנקייט פון א ווייטע צו־
קונפט האָט אויפגעהערט צו וואַרעמען... דעראיבער דאַרף מען אָנ־
הויבען זוכען די שעהנקייט פון דאָס נאָהענטע, ארומיגע. לאַנדוי

האָט שוין געפונען: די שעהנקייט פון זומערדיגע טעג, פון קליי־דער. די שעהנקייט פון ווערטער „און פון אלעם טראכטען לייכט אזוי און העל".

און די שעהנקייט פון ווינד, וואָס געהט „דורך מיינע האָר ווי שלאנקע פינגער". דער פערגעניגען פון זומערדיגען רעגען, זעהן ווי „לייכט די טראָפּענס זיינע פאלען ווי דאָס פלאפּלען פון א קינד—".

אנדערע רעדען זיך איין שלעכטע שטימונגען אין רעגענדיגע טעג. ער, פערקעהרט, האָט ליעב צו שפּאצירען אין די פריש אָבגע־וואשענע גאסען:

„די גאסען נאָך פון רעגען פייכטע,
ווי אלץ איז נעבעלדיג און גרוי.
עס וועהען ווינדען מילדע, לייכטע,
און מילד און לייכט איז מיר אזוי.

גאָס איין גאָס אויס געה איך שפּאצירען.
ווי היימליך קלינגט מיין יעדער טראָט.
אוי, גאָט, אזוי זאָל אייביג פיהרען
מיך דורכ'ן לעבען דיין גענאָד".

„עס גיבט א גרויס וואָרט", האָט לאנדוי מיר אמאָל געזאָגט: „זעלבסט רעגירונג". ניטאָ קיין אויסרייד: אומשטענדען. ס'איז בלויז דער מענש. און אויב ער וויל קען ער זיך אליין איבערוויני־דען. אויב ס'האָט זיך פיעלמאָל ניט איינגעגעבען, פערגעס. „וואָס איז געוועזען איז פערביי". לאנדוי זאָגט אז ער „וויל מיט'ן מזל זיך ניט קריגען, וואָס ס'גיט דער טאָג, דאָס נעהם איך צו, — פער־וויגען, וויגען און דערוויגען וויל איך די טעג צו העכסטער רוה".

אין די אלע ליעדער זעהען מיר לאנדוי'ס אזוי צו זאָגען — איבער־בעוואוסטזיין. זיין אָפּטימיזם הייבט איהם אריבער איבער דער גרויער ווירקליכקייט, ער וויל זיך אליין פערטרוימען, פער־וויגען, בעגייסטערען:

„א ווייסער פעברואר! איז אבענדען אין דיינע קאלט און שנייאיג איז. אבער איך האָב ליעב שפּאצירען געהן און פיהלען ווי די פיס מיינע טרעטען אויפ'ן הארטען שניי. איך געה אזוי ארום שעה איין, שעה אויס, און פיהל ווי ס'ווערט מיין הארץ אונענדליך גרויס און וואונדערבאר..."

דאכט זיך גוט? אבער ערגעץ אין דער טיף ראנגלען זיך אויף אנדערע שטימונגען וועלכע ער קען ניט פערטויבען מיט זיין אפ־טימיסטישען בעוואוסטזיין, און ס׳רייסען זיך ארויס אזעלכע טיף מעלאנכאלישע טענער:

און קיינמאל קענסטו ניט ארויס
פון אנגעצייכענטען און לאנגוויילינען קרייז.
יעדער טאג, וואס געהט אוועק איז דאך א שאד,
ער וועט צוריק שוין מעהר ניט קומען.
און גלייך ווי דער וועט דאך דער צווייטער אויך פערגעהן,
און דאס אויף וואס דו האסט געהאפט, געווארט,
האט אבגענארט".

און ער ענדיגט:

די נאכט איז טיף, די שטערען זיינען גרויס
און דו —
געהסט אוים פון לאנגוויילע און טרויער".

דא וויצעלט זיך לאנדוי ניט מיט דער וועלט. ער קען דעם טיפען טרויער, נאר ער פערוואנדעלט איהם אפט אין פרייד... לאנדוי פיהלט אויך גאנץ שטארק דעם שרויף פון לעבען, נאר ער וויל עס ניט מאכען נאך מעהר טראגיש מיט געוויין.

ביי לאנדוי׳ן איז אויך דא די אידישע רעזיגנאציע. נאר אויף אן אנדערען אופן. ניט די רעזיגנאציע מיט טרויער, ניט פעסימיזם. מיר איז שלעכט, איך האב זיך געמוזט אונטערגעבען; נאר א רע־זיגנאציע מיט א דוקא — מיר איז גוט! און אויב אפילו ניט וועל איך זיך אויך ניט בעקלאגען. איך בין ניט אזוי ווי איהר... „מיין קעניגרייך איז פון אן אנדערע וועלט".

לאנדוי קומט דורך זיין רעזיגנאציע צום אפטימיזם: אז אלעס יארף זיין אזוי ווי עס איז און אלעס איז גוט, ווייל עס עקזיסטירט און איז שעהן... ווען מען קוקט מיט שעהנע אויגען...

מען קען אפשר זאגען אז דער אפטימיזם איז ניט טיף. ער האט אבער די מעלה וואס ער שאפט גלייכגעוויכט אין געמיטה... דער אפטימיזם איז ביי לאנדוי׳ן מעהר פון אלעס א טרייסט...

עס זיינען דאָ צוויי לאַנדוי׳ס, איינער: דער פערצוויגענער אין זיך גריבלענדער מאָדערניסט, וואָס זינגט פון האָפענונג אוים פערצווייפלונג, אזעלכע ליעדער:

זיינען מיר אלע געבוירען אהן ווילען,
זיינען מיר אלע אונמעכטיג און קליין —
לאָמיר ווי קינדער, ווי קליינע זיך שפּיעלען
ווען אונזער זון וועט אין הימעל פערגעהן.—"

דער צווייטער לאַנדוי איז דער אינטעלעקטועלער גימנאַסטיקער. מאַכט פערזען קאַזשאַלקעס. דערלאַנגט אונז שפּיציגע אויסגעטראַכטקייטען. וויל רייצען, איבעראַשען. לאַכט פון עולם אין דעם ליעד: „אודאי ווייס איך — " אָדער איראָניזירט איבער דאָס פּוסטע לעבען, איבערהויפּט איבער „ווייבער ארום איבער דרייסיג מיט פערגאַנגענהייטען" וועלכע האָבען: קינדער, זוניגע, לופּטיגע צימערען. עסען בלויז נאַהרהאַפטע שפּייזען, לעזען קלוגע ביכער און לאַנגווייליגען זיך".

קיין סאַטירע איז דאָס ניט. אפשר איראָניע. אָדער ער וויל איבערשרעקען ווי באַדלער מיט „נעגערינס" און נאָך אזעלכע אויסטערלישע איינפאַלען... אבער מען דערפיהלט באַלד די חכמה׳דיגע אָנגעשטעלטקייט מיט צוגעטראַכטע בייגעדאַנקען און הינטערגעדאַנקען...

מיר קענען אבער לאַנדוי׳ן מיט זיכערקייט ניט קלאַסעפיצירען, ער וועט ארויסשפּרינגען פון אלע דעפיניציעס, ווייל ער איז ניט בלויז א פּאָעט — נאָר אויך א מענש מיט א סך אייגענע געדאַנקען, געשמאַקען און רעטענישען...

לאַנדוי איז א קינסטלער נאַטור, און פּונקט אזוי ווי יעדע קונסט אזוי האָט אויך יעדער קינסטלער אין זיך דאָס אונבעגרייפליכע. די קונסט האָט אין זיך דאָס איבערנאַטירליכע. דערפאַר רופט א קונסטווערק ארוים בעוואונדערונג ווי א גרוים נס. די קונסט אליין איז לויטער נסים. און א קינסטלער איז דער וואָס האָט דעם כח צו ווייזען עפּעס אזוינס מען זאָל זיך וואונדערען...

יעדער נייער פּאָעט זעהט די וועלט מיט נייע אויגען. דארום נייע וואונדער... לאַנדוי איז דער מאָדערנער פּיעטיסט. ער זעהט

מיט פרישע אויגן די וואונדער פון לעבן. מיר זעהען און הערען דאס זעלבע, נאר געהען אונבעוואוסט פערביי און פערגעסען. ביי לאנדוי'ן ווערט וואס ער זעהט און הערט בעוואוסטזיין. דערפאר ווערט עס ביי איהם פערזערווירט. נאך מעהר, ער קען זעהן שעהנ־קייט, וואונדער און פרייד דארט, וואו מיר זעהן גאר ניט.

צום ביישפיעל. געדאנקען וועגען טויט דערמאנען איהם גאר אז ס'איז דא אזוי פיעל פרייד אין לעבן. די פרייד פון אלץ זעהן און בעוואונדערען:

„וואו די אויגען נאר געווענדט,
ווערסטו פון וואונדער באלד פערבלענד.—"

ביי איהם איז אפילו א גרויס וואונדער אז:

„קינדער, וואס קוים קענען שטעהן,
הויבען פלוצלונג אן צו געהן."

אדער ווענען ווערט איינפאלען זיך צו וואונדערען וואס דער טאג איז העל? אדער וואס:

„צווישען דיינע שווארצע האר,
זעה, עס וואקסט א גרויע גאר".

און ניט טרויעריג דארף מען ווערען אז מען זעהט מען ווערט אלט און גרוי. נאר וואונדערען זיך און פרעהען... דאס האט דער דיכטער געמיינט מיט די ווערטער:

„ביז ס'וועט קומען אונזער שעה,
איז אזוי פיעל פרייד נאך דא."

(צו פרץ'ס טויט).

דא האבען מיר לאנדוי דעם מיסטיפיצירער פון לעבן, וואס קומט דורך אינטואיציע צו שעהנקייט און פון שעהנקייט צו פרייד...

און אזעלכע ליעדער שרייבט דער זעלבער לאנדוי, דער אוואנ־טוריסט, וואס רייצט זיך מיט ראדיקאליזם און פרוּוען...

## 2.

א גרויסע פרייד איז פאר מיר געווען ווען איך האָב צום ערש־טען מאָל געזעהן לאַנדוי׳ן. אייזלאַנד האָט מיר איהם פארגע־שטעלט.

לאַנדוי איז א שעהנער. א פריש פארביג געזיכט. רונדע באַ־קען, בלויע אויגען און העל בלאָנדע האָר וואָס זיינען צואוואָרפען איבער זיין שטערן. ער איז זעהר עהנליך צו אָסקאר ווײַלד׳ן אויף די בילדער פון די יונגע יאהרען.

ס׳איז אייגענעם צו זיין אין לאַנדוי׳ס געזעלשאפט און איהם הערען רעדען. ער האָט א מעלאָדישע שטימע. אז ער רעדט זינגט ער זיך. רעדט זעהר שנעל און האָט שנעלע בעוועגונגען. איז אָפט נער־וועז, אבער האָט שעהנע מאנירען. מען פיהלט זיך אין זיין געזעל־שאפט אונרוהיג, אבער יום טוב׳דיג. ער האלט די גאנצע צייט געשפאנט מיט זיינע שנעלע בעמערקונגען, בליציגע איינפאלען און קאפּריערדיגע אויפפאסונגען. פארהאן מאָמענטען ווען ער ער־שטוינט מיט אן אָריגינעלע רעפלעקסיע. איהם פאלען איין זאכען וואָס מען וואָלט זיך קיינמאָל ניט געריכט. און אז ער רעדט ווערט אלץ אינטערעסאנט.

דאָס איז אלץ ווען לאַנדוי איז גוט געשטימט. אבער דאמאָלס ווען ער איז שלעכט אויפגעלייגט, קענט איהר פון איהם ניט ארויס־קריגען קיין לעבעדיגען ווארט. דאמאָלס מאכט ער אלעם אוועק מיט א פינטעל פון אויג, און לייקענט אָב אלעמען, אפילו זיך אליין.

לאַנדוי איז אין פיעלעס עהנליך צו ווײַלד׳ן. ער איז אין גאנ־צען ווי ווײַלד׳ס א פּאַראַדאָקס־שפּיעל. מיט איבערבעוואוסט־זיניגקייט, ליידענשאפטליכער אָריגינאליטעט און אויסגעזוכ־טע עסטעטישקייט. איך האָב דאָס איהם אמאָל געזאָגט האָט ער עס ניט געוואָלט ליידען. ער האָט ניט ליעב ווײַלד׳ן. אן אונער־טרעגליכער מענש געווען, האָט ער מיר געזאָגט.

דאָס וואָס לאַנדוי זאָגט מיינט ער ערענסט. ניט ווי אַנדערע מיינען, אַז ס'איז בלויז קונסט־קאַפּריזען. ניט אמת, לאַנדוי שרייבט אַזוי ווי ער דענקט און פיהלט, כאָטש ער גלויבט דאָס אַליין ניט. דער אונטערשיעד פון איהם ביז אַנדערע דיכטער איז אפשר אין דעם וואָס ער איז זעלבסט־בעוואוסט און אַנדערע ניט. ס'איז אָהן אַ צווייפעל, אַז דער מענש לאַנדוי אַטהעמט אונטער זיינע ליע־דער. מען דאַרף איהם נאָר פערשטעהן, קענען זיין פערזענליכען לעבען און וויסען ווי אַזוי ער שרייבט, קען מען זעהן ווי זיין כאַ־ראַקטער שיינט דורך אין זיינע ליעדער.

ווילט איהר בעזוכען לאַנדוי'ן אין זיין היים?

„דינסטאָג.

צוויי הייסע גלעזער טיי מיט מילך האָב איך מיר אויסגע־טרונקען.

אַ דריי־פיר צוויבאַק אויפגעגעסען;
דערנאָך בין איך אַ לאַנגע צייט ביים טיש געזעסען,
געדרויכערט און געקוקט מיר אויף אַ נאָגעל אין דער וואַנד,
פיער ליעדער איבערזעצט פון דייטש,
אַ מיעדער אויף דער סאָפאַ זיך אַוועקגעלייגט,
אַרום דעם קאָפּ די הענד פערלייגט
און דריי מאָל צום באַלקען אויסגעשפּיגען.
מיר איז געוואָרען שווער,
פאַר וואָס דער זומער איז פערגאַנגען.
איך וואָלט דאָך איצט שפּאַצירען מיר אין פּאַרק געגאַנגען,
צי גאָר אין שטוב געכאַפּט מיר פליגען.
און נאָך אַמאָל האָב איך צום באַלקען דריי מאָל אויסגעשפּיגען,
און אַלע דריי מאָל נישט געטראָפען,
דערנאָך בין איך מיר איינגעשלאָפען.“

ער האָט ליעב איינצולאַדען קאָלעגען אויף זיין „פאָרם“ — אַ הייזקע בלע"ז — קומט מיט:

„אַ גרויסע פוהר מיט האָלץ האָב איך
געקויפט מיר און צוזעגט,
צוהאַקט עס אויך, אַוועקגעלעגט
און גוט עס צוגעדעקט.

לאנדוי האָט מיר אַמאָל געזאָגט אַז דאָס שרייבן קאָסט איהם געזונד. ווען ער שרייבט טרינקט ער אַ סך שוואַרצע קאַפּע און רויכערט זעהר פיעל. ער מוז דאַן זיין אין גאַנצען אַליין. און אַס מעהרסטען שרייבט ער פאַרטאָג, דאַן איז דער געדאַנק פריש און אין דרויסען איז שטיל. ער גיט אריין פיעל אין זיין שרייבען. דערפאַר אַז ס'קומט עטוואַס אַרויס פון זיין פעדער, איז דאָס קורץ און פלינק ווי דער געדאַנק אַליין. דאָס איז דער סוד וואָס מען שלאָפט ניט איין ווען מען לעזט איהם. ער רעגט אויף, וואָרעמט. ווייל זיינע זיינען ניט קיין קאַלטע ווערטער, נאָר הייסער מענשליכער אָטהעם. ניטאָ ביי איהם קיין טויטע געדאַנקען, נאָר לעבעדיגער פיבער. דערפאַר האָט ער אַנגעמאַכט מעהר שטורם און די ליטעראַרישע קרייזען ווי אַנדערע שרייבער. מען האָט קריטיקירט, דיסקוטירט, ס'איז געווען לעבעדיג. דאָס איז דערפאַר ווייל לאַנדוי איז ניט קיין שרייבער וואָס שאַפט ליטעראַטור, נאָר אַן ערשיינונג. און אַז מען קען איהם פּערזענליך זעהט מען ערשט וואָס פאַר אַ מערקווירדיגע ערשיינונג לאַנדוי איז.

לאַנדוי איז זעהר אויפריכטיג. ער האַלט פון געצעהלטע מענשען און געצעהלטע ביכער. נאָר האָט ער ליעב אַ בוך, קען ער איהם פון אויסענווענדיג. האָט ער ליעב אַ מענשען וועט ער אַלעמאָל וועגען איהם רעדען און פאַר יעדען לויבען זיינע מעלות.

אין זיין פּערזענליכע בעציהונג צו מענשען איז לאַנדוי זעהר גוטברידערליך. ניטאָ ביי איהם די שטייפקייט: איך בין דער דיכטער!

לאַנדוי האָט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז ער האָט זיך מיט דער צייט אויסגעלערענט פערברענגען מיט אַלע מענשען געמיטליך. אַז איך פלעג אריינקומען צו איהם אין הויז, האָב איך געטראָפען גאַנץ איינפאַכע מענשען: זיי פלעגען איהם דערצעהלען זייערע לאַנגע מעשות, ער האָט זיי פריינדליך אויסגעהערט, מיטבעדויערט וואָס די שפּייזען ווערען טהייערער, זיי געטרייסט אַז ס'וועלען קומען בעסערע צייטען, און זיי מכבד געווען מיט טהיי.

מיט אַמאָל געפעלט לאַנדוי ניט צו וואוינען אין ניו יאָרק. ער פאָהרט אַוועק און בעזעצט זיך אין אַ דאָרף ניט ווייט פון סטעטאַן איילאַנד.

שפעטער אז ער האט זיך שוין געהאט איינגעארדעט אין זיין נייע היים, קריג איך א בריוועל: קומט צו פאהרען, שבת און זונטאג האב איך צייט וועלען מיר פערברענגען.

מען האט מיר אנגעוויזען אויף א הייזעל מיט א וועראנדע וואס איז געשטאנען צווישען צוויי הויכע בוימער. די בוימער האבען נאך געהאט בלעטער אויף זיך, נאר די ערבסט־זון האט זיי שוין געהאט פערגעלט. ס'גראז ארום דעם הייזעל איז שוין אויך געווען בלאס. נאר דאס הייזעל אליין איז געווען פריש גרין געפארבט. אז איך בין אריין אין שטוב האב איך געטראפען לאנדוי'ן שטעהן צווישען א סך געקאכטע פרוכטען. די פריש געפרעגעלטע פרוכטען האבען געשמעקט. לאנדוי האט געהאלטען אין איין אריינגיסען די פרוכטען אין גלעזערנע סלוים, ארויפגעלעגט אזא גומע ביים רעקעל און פעסט צוגעמאכט.

— איהר זעהט? — האט ער אנגעוויזען מיט די האנד אויף די פערמאכטע סלוים מיט איינגעמאכצען — דאס וועט זיין אויפ'ן ווינטער, איך האב שוין אנגעפילט אריבער הונדערט סלוים.ווארט, איהר וועט באלד פערזוכען.

— וואס האט איהר ליעב? געפרעגעלטע פלוימען? איינגעמנירטע בארען? איך האב אויך פיטשען, לעמענס, איינגעקאכטע אראנדזשען. וואס איהר ווילט.

ער האט געעפענט איינינגע סלוים און מיר געהאלטען אין איין געבען צו פערזוכען. די פרוכטען זיינען ווירקליך געווען זעהר גוט. אז איך האב איהם געזאגט ס'איז געשמאק, האבען זיינע העלבלויע אויגען אויפגעלויכטען מיט פרייד.

אזוי ערענסט איז לאנדוי אין אלעם וואס ער טהוט.

ווי קומט דאס אז לאנדוי זאל אנקווועלען פון אזעלכע זאכען?

אינטערעסירט ער זיך מיט אט די קליינעקייטען ווייל ער וויל אברוהען, פערטהון, פערגעסען זיך, — פערשפיעלען?...

ניט אין גאנצען דערפאר.

לאנדוי שטאמט פון א יחוס'דיגען שטאנד. די גאנצע משפחה איז געווען רביים. ביי זיי האט זיך געפיהרט א ברייטע בעלהביתישקייט. ביי דעם אייניקעל איז אפשר איבערגעגאנגען דער אינסטינקט פאר ברייטקייט, רייכקייט. דערפאר קען זיין האט ער אזוי ליעב אז ביי איהם זאל שטעהן אנגעגרייט פון אלדאסגוטס.

וואלט לאנדוי געבוירען געווארען מיט דורות פריהער, וואלט ער פיליייכט געווען א רבי און געהאלפען מענשען מיט קלוגע עצות. אין אונזער דור איז לאנדוי געווארען דער גייסטיגער וואנדערער, גריבלער און זוכער פון נייע שעהנקייטען. דער דיכטער פון דעם מאדערנעם מידען, צווייפלענדען אין זיך פערלוירענעם מענשען...

לאנדוי איז דער געוואגסטער צווישען אונזערע שריפטשטע־לער. ער האט נאך ווייניג געשאפען. איז נאך יונג. ער האלט אלע־מאל אין איין אנפאנגען. ער איז דער דיכטער פון מארגען. אבער שוין אין די ווייניגע ליעדער האט ער געוויזען אז ער איז נאהענט דעם היינטיגען מענשען.

מיר היינטיגע זיינען ניט אויסגעהאלטען. ער אויך. מיר קע־נען ניט זיין קיין דאגמאטיקער, מיר האבען ניט קיין פערשרויפטען סיסטעם. אונזערע אידעען זיינען פראגמענטאריש. מיר געהן וויע־נענדיג אהין, אהער און זעהען שטיקלאך אמת'ן דא און דארטען... לאנדוי אויך. קיין גאנצקייט, קיין אויסגעהאלטענקייט, צוגעבונ־דענקייט: נאר פריי!

לאנדוי גלויבט אויך ניט אין קיין אינספעראציעס. אמאל רע־דענדיג וועגען שרייבען און וועגען אינספעראציע זאגט ער מיר: „ווען איך בין געווען א אינגעל האב איך געגלויבט אין דער מוזע. היינט האלט איך מעהר ניט פון אזעלכע איינגלערייען — א מענש דארף אלעמאל זיין אינספערירט!"

און אט איז זיינס א ליעד אויף דעם געדאנק:

„איך וויל גאר נישט, און אויב כ'וויל וואס, איז עס גאר ניט פיעל:

קיינער זאל אין טיר ניט קלאפען, זיין זאל שטענדיג שטיל. און ניט פייפען אין דעם קוימען זאל א ווינד ביי נאכט, כאטש מיין ליעד אזא מין פייפען שענער וואלט געמאכט".

לאנדוי איז שוין מיעד פון די „שעהנע" פאעזיע. ער האלט אז מען האט שוין גענוג אימעטאציעס פון די גרויסע קינסטלער. זאל זיין ניט שעהנעס, אבער נייעס. און לאנדוי געהט טאקע ארום בוי־גיג אהין, אהער, זוכענדיג נייע אידעען, נייע האפנונגען, נייע טרוימען... צו מאכען אינטערעסאנטער די טעג פון זיין און אונזער לעבען...

## 1.

אויף די פעלדער צווישען בערג און טהאלען, וואו עס לויפען אום אונגעצאמטע ווילדע פערד, דארט געפינען זיך געזונטע מענ־שען.

און די מענשען האבען ליעב די פערד און זיי האבען ליעב די ערד מיט איהרע פרוכטען.

און זיי האבען ליעב די זון וואס גיט דעם הימעל זיינע פאר־בען.

זיי האבען ליעב די ברייטע פעלדער מיט די ווייטע האריזאנטען.

זיי האבען ליעב דעם ריח פון דעם פריש געשניטענעם אל־פאלפא.

און ווען די מענשען קוקען אויף דער גרויסער וועלט, ציהען זיך אן די אדערען אונטער זייער בראנזענע הויט. זיי שטעהען מיט פעסטע פיס אויף דער ערד און הויבען זייערע קעפ אויף אין דער הויך און קוקען ווייט אהין, וואו דאס אויג קען מעהר ניט זעהן...

אט די מענשען זיינען די הויפט העלדען ביי ראבאי'ן.

און פונקט אזוי ווי זיינע העלדען זיינען מענשען מיט געזונדע חושים, אזוי איז אויך ראבאי — זייער בעשעפער.

ראבאי האט אין זיך דעם פרימיטיווען אינסטינקט פון דעם אמאליגען קרעפטיגען מענשען. אז מען גיט א קוק אויף ראבאי'ן, זעהט מען אז דער מענש האט נאך אין זיך די אוראלטע קראפט פון דער ערד. ער איז אויך אזוי ניט ריהרעווודיג ווי די ערד. אין זיין שרייבען, און אלס מענש איז ער אויך אזוי מאסיוו.

אז מען זעהט ראבאי'ן צום ערשטען מאל דערשרעקט מען זיך פאר זיין גרויסען בראנזענעם קאפ, וואס איז געדיכט בעוואקסען מיט גלאנציגע פעך שווארצע האר, וועלכע ווארפען זיך איבער זיין הויכען שטערען.

זיין פּנים: הויכע באַקען ביינער, פעסטע ליפּען, צוויי טיעפע קנייטשען אַרום זיי און אַ פּאָר טיעפע אויגען. זיין גאַנצע געשטאַלט זעהט אויס ברייט, שווער און פעסט. אַבער מען דערפיהלט באַלד, אַז אונטער דער בראַנזענער דיקער הויט בעהאַלט זיך אַן אַריסטאָקראַטישע זעעל. און דאָס זעלבע פיהלט מען ווען מען לייענט זיינע שריפטען.

אַז ראַבאַי רעדט, הערט איהר אַ גראָבע מענערשע שטימע. דערפאַר האָט ער אָבער אַזאַ ווייכען געלעכטערל וואָס קאַטשעט זיך ביי איהם אין האַלז אַזוי אַז עס מאַכט אייך פיהלען וואַרעם ווען איהר זענט אין זיין געזעלשאַפט.

ראַבאַי איז זעהר פלינק אין פערשטעהן מענשען. מען קען איהם ניט זאָגען קיין ליגען. אָדער בעסער געזאָגט, מען קען איהם יאָ דערצעהלען אַ ליגען, ער וועט גאָר ניט זאָגען; ער קען ניט פערשעהמען קיין מענשען, נאָר ער ווייסט באַלד אַז מען זאָגט איהם אַ ליגען. די פּאָאַר ביי אונז, וואָס זייער שעפּפערישער טאַלאַנט דריקט זיך אויס אין ליגען זאָגען ציטערן פאַר איהם. ער לאָזט זיי רעדען גלייך זיי וואָלטען איהם דערצעהלען אַן אמת. ער זיצט זיך שטיל, קוקט זיי גלייך אין די אויגען אַריין און גיט בלויז אַ לייכטען שמייכעל...

ראַבאַי האָט זעהר ליעב אויפריכטיגקייט און איינפאַכקייט. איהר דאַרפט אַמאָל קומען צו איהם אין הויז. מען דערקענט גאָר ניט אַז דאָס איז די וואוינונג פון אַ שרייבער. מען זעהט ניט קיין ביכער, עס ליגען ניט אָנגעוואָרפען קיין צייטונגען און זשורנאַלען. עס שטעהט ניט קיין טינט און פעדער אויפ'ן טיש. מען טרעפט איהם אויך קיינמאָל ניט שרייבען אָדער לייענען ווען מען קומט אַריין. מען דאַרף אָבער ניט מיינען אַז ער לייענט ניט. ער לייענט, נאָר זעהר געצעהלטע ביכער. און ער פערברענגט מיט אַ בוך וואָס ער האָט ליעב זעהר אַ לאַנגע צייט. ער האָט גענומען אַ ווערק ווי „קריעג און פריעדען" פון טאָלסטאָי און עס געלייענט אַ גאַנ'ן יאָהר.

## 2.

וועו שרייבט ראבאי?

ער האט ליעב צו שרייבען ווען אלעס אין הויז איז אין אר־דנונג. ווען זיין קינד שפיעלט זיך נעבען איהם און זיין פרוי איז אין הויז. טאמער איז די פרוי אדער דאס קינד ניטא אין הויז, קען ער ניט שרייבען. אמיינסטען שרייבט זיך איהם אין פריהלינג. און זיין בעסטע צייט צו שרייבען איז ביי טאג, פון ארום צעהן אין דער פריה ביז ארום דריי נאך מיטאג. ביינאכט האט ער פיינט צו שריי־בען. ער האט אויך פיינט צו שרייבען ווען ס'רעגענט. ער נעהמט נאר די פעדער אין האנד, ווען ס'איז דא זון אין דרויסען.

ביי ראבאי'ן מוז אלעס געהן מיט א סדר. אלעס אין הויז איז ביי איהם אין שענסטען ארדענונג. ער פיהרט א רוהיג, געמיטליך לעבען. אין הויז ביי איהם פיהלט איהר, אז איהר אטעמט א בעזונ־דערע לופט. עס שמעקט מיט אריסטאקראטישקייט. אלעס איז ביי איהם איינפאך, נאר מיט א פיינעם געשמאק. ער איז דער מענש וואס לעבט לויט זייז אייגענעם געפיהל. ער טאנצט קיינעם ניט נאך. ער איז פינקטליך, אפילו אין די קלענסטע זאכען. ער געהט זיך זיין אייגענעם וועג. די ליטעראַרישע קאפע האט ער פיינט און געהט ניט אהין. ער פערברענגט כמעט שטענדיג אין דער היים מיט זיין פרוי און קינד. כמעט שטענדיג ווען איך קום אריין אין הויז שפיעלט ער זיך מיט זיין אינגעלע. מאהלט פאר איהם אוים א פערד, א קאץ אדער א מענש אויף א שטיקעל פאפיר. ווינ־טער קענט איהר איהם טרעפען ארומפיהרען זיין אינגעלע אין א שליטעל, אדער זומער אויף א וועגעל.

אבער מערקווירדיג. אז מען קוקט זיך גוט צו זעהט מען, אז עס זיינען דא צוויי ראבאים. איינער דער נאטירליכער פשוט'ער מענש וואס טהוט אלצדינג אזוי ווי אלע מענשען, פון אלע יאהרען. און ס'איז דא א צווייטער, דער מיסטעריעזער, פערשטעלטער, אין

זיך גראבענדער, וואָס רעדט אַלעמאָל דורך סימבאָלען און איז אַפּט מאָל צופריעדען אַז מען פערשטעהט איהם ניט...

און דאָס איז אפשר דער סוד וואָס מען ווערט פעראינטערע־סירט אין ראבאי׳ן, כאָטש מען פערשטעהט איהם ניט. עפּעס איז ער אַזאַ מאָדנער מענש. און זיינע העלדען זיינען אויך אַזעלכע מאָדנע. ער האָט זיך אין אַלעם זיינע אייגענע גענגעלאַך. און אַזוי אויך זיינע העלדען. און אַז איך האָב געליינט זיינע ערצעהלונגען האָט זיך מיר זעהר געוואָלט בעקאַנט ווערען מיט איהם.

אַז איך בין בעקאַנט געוואָרען מיט ראבאי׳ן, האָט זיך מיר זעהר געוואָלט מיט איהם דורכרערען וועגען זיין שרייבען. נאָר ער איז זעהר בעשיידען, צוריקגעהאַלטען. ער רעדט זעלטען וועגען זיך. און נאָך ווייניגער וועגען זיין שרייבען. אַז מען שטעהט שוין גוט צו צו איהם און ער קען זיך שוין ניט ארויסדרעהען, זאָגט ער מיט זיין שמייכעל:

„איך שרייב אביסעל“.

אמאָל האָב איך איהם געבעטען ער זאָל מיר לייענען עפּעס. נעהמט ער ארויס פון שיפלאָד א דיקען בוך מיט פערשריבענע בלעטער און לעגט איהם אוועק אויפ׳ן טיש. פרעג איך איהם וואָס איז דאָס?

— „א, דאָס איז א ראָמאַן וואָס איך האַלט אין פערענדיגען“ האָט ער מיר געענטפערט.

— ווי אַזוי וועט איהר איהם רופען?

— ער וועט אפשר הייסען „א פּאַס פון ים“.

מיך האָט שוין געצויגען צו וויסען וואָס דאָס איז פון דעם נאָמען אליין. אבער ער האָט זיך ניט געאיילט. נאָר לאַנגזאַם גע־מישט די גרויסע בלעטער און מיר אָנגעוויזען:

— דאָס איז דער ערשטער טהייל, דאָס איז דער צווייטער.

— נו, לייענט מיר שוין עפּעס בעט איך זיך.

ער האָט גענומען לייענען. און פאַר מיינע אויגען האָבען זיך לאַנגזאַם גענומען בעוועגען אַזעלכע מאָדנע געזונדע שווערע מענ־שען וואָס רעדען אַלע אַזוי פּאַמעלעך רוהיג, אבער עקשנות׳דיג און שטאַרק פערביסען אין זיך... און דאָס וואָס זיי פיהלען איז ניט אויפגעשריבען מיט טויטע ווערטער, נאָר לירייש אויסגעזונגען אין אַן אקצענטירטע שטאַקאַטאָ. לויט די ריטמישע שפּראַך און דעם

אינערליכען לירישען טאָן, איז דאָס ניט קיין געוועהנליכער ראָמאַן אין פּראָזא, נאָר א מוזיקאַלישע פּאָעמא.

ער האָט געענדיגט לעזען א קאַפּיטעל. איך האָב געפיהלט ווי נאָך א נאַש טהאָן פון גוטען וויין. איך האָב געוואָלט הערען נאָך. נאָר ער האָט מעהר ניט געלעזען.

— וואָס לייענט איהר ניט ווייטער?

— נאָך וואָס וועל איך זיך איצט אוועקזעצען לעזען — האָט ער אָנגעפּאַנגען מיט זיין שווערע שטימע. — הלואי וואָלט איך איהם באַלד געקענט ארויסגעבען וואָלט איהר איהם אַלע אליין געקענט לעזען.

ער האָט גערעדט ווי אַן אָנגע׳ברוגז׳טער און געקוקט אראָב צו דער ערד. זיינע שווארץ גלאַנציגע האָר האָבען זיך געוויעגט אהין און צוריק אויף זיין הויכען שטערען וואָס האָט זיך צונויפגע־דריקט אין דריי גרויסע ביינגעל. און זיינע אויגען זיינען נאָך טיעפער געוואָרען...

## 3.

ראבאי האלט אז די לעזער און די שרייבער וואָלטען בעדארפען קומען אין א נעהענטערע בעציהונג. די ליטעראטור דארף ניט זיין קיין געשעפט פאר קויף און פערקויף.

שרייבער דארפען ניט צוליעב דעם טשעק־בוך צופיעל פערשווענדען זייער טאלאנט און שרייבען א סך. א קינסטלער דארף זיך פּרעזערווירען. שאפען א פּאָר זאכען און גוטע. צוליעב דעם וואָלטען שרייבער, די אמת'ע קינסטלער, בעדארפען זיך אויסארבייטען אן אייגענעם וועג. זיי זאָלען ניט דארפען האָבען צו טהאָן מיט די צייטונגען, מיט די אָבגעלעבטע רעדאקטערע, מיט די אונערענסטע „קריטיקער“. מען דארף געהן פאר זיך און אליין ארויסגעבען ביכער. ווייל די אידישע צייטונגען ענטוויקלען ניט קיין טאלאנטען, נאָר אטראפירען זיי...

דער אומגליק פון דער אידישער ליטעראטור איז וואָס שרייבער קענען ניט לייכט אויסקומען אהן די צייטונגען. דערפאר ווייל ביי אונז זיינען די צייטונגען די איינציגע פיהרער פון אונזער גייסטיגען לעבען. און זיין פיהרען, פערשטעהט זיך אזוי, אז דאָס בוך זאָל פערנעהמען דעם קלענסטען ווינקעל; כדי עס זאָל בלייבען א סך פּלאץ פאר זייער גייסטיגע ארעמקייט און בריטע ביליגקייט...

וואָס מען דארף זעהן איז, אז דאָס בוך זאָל קריגען מעהר לעזער. עס דארף ביי אונז צוריק אויפגענומען ווערען די הייליגקייט פון ספר. די לעזער דארפען קומען נעהענטער צום בוך. וועט דער שרייבער וויסען אז ער האָט פאר וועמען צו שרייבען.

אָבער דאָ האָט ער זיך באלד צוריקגעכאפּט און געזאָגט:

איהר זאָלט ניט מיינען, אז איך האלט אז מען דארף האָבען נעהענטערע בעציהונגען מיט די לעזער, מיינט עס אז מען דארף

שרייבען פאר'ן לעזער. שרייבען שרייב איך פאר זיך. אויב עס זיינען פארהאן מענשען, וואס זיינען פעראינטערעסירט אין מיין שרייבען, זאלען זיי לעזען..."

ראבאי איז בטבע ניט קיין רעדעוודיגער. נאר אז מען רעגט איהם אן צו רעדען האט ער גראדע וואס צו זאגען. און האט ניט קיין מורא צו בייטען אין געשפרעך זיינע מיינונגען. ער האלט דאס פאר אזוי נאטירליך ווי צו בייטען די לופט... ער רעדט פראסט, איינפאך. איהר קענט מיט איהם רעדען וועגען די טיעפסטע ענינים ביז די סאמע געוועהנליכקייטען פון פערזענליכען לעבען. נאר טהיילמאל זאגט ער אייך א ווערטעל, וואס איהר וועט עס געדענקען אויף אייער גאנץ לעבען...

אז מען זיצט מיט ראבאי'ן האט ער ליעב צו דערצעהלען מעשות וועגען עפעס אזוינע מאדנע פוילע מענשען וואס לעבען אנ־דערש ווי אלע. נאר אמיינסטען האט ער ליעב צו רעדען וועגען פערד. ער האט א סך צו דערצעהלען וועגען זיי. ער קען גוט זייער לעבען. ער האט געפיהלט זייערע וועהטאגען. איך האב איהם איינ־מאל געהערט דערצעהלען ווי ער האט אויסגעהיילט א פערד פון א שווערע קראנקהייט, ווען ער איז געווען אויפ'ן פארעם. ער זאגט, אז חיות זיינען פיעל קליגער ווי מיר מיינען. זיי לעבען אויך טיעף איבער גרויסע ליידען. ער ווייסט דאס פון ערפאהרונג. ער האט גע־לעבט נאהענט צו זיי און געליטען מיט זיי. זיין ערצעהלונג „דיקס זעלבסטמארד", זאגט ער, איז אן אמת'ע געשיכטע פון א פערד, וואס האט ניט געוואלט מעהר שלעפען דעם וואגען. דער פארמער האט איהם דערפאר ניט געוואלט מעהר ארייןלאזען אין שטאל. איז ער אוועק אין וואלד און בעגאנגען זעלבסטמארד...

ביי א געלעגענהייט דערצעהלט אייך ראבאי אזא מעשה:

די חיות זיינען אויפ'ן פעלד געזונטער. א פארעם קאץ איז פיעל שטארקער ווי א שטאדט קאץ. ער האט געהאט א הונד, האט ער געקענט אוועקלייגען דעם גרעסטען הונד ווען ער איז געווען אויפ'ן פארעם. אז ער האט איהם געבראכט אין שטאדט, איז דער הונד געווארען אזוי שוואך, אז איינמאל ווען ער איז מיט איהם געגאנ־גען אין גאס שפאצירען איז צו איהם צוגעגאנגען א קליינער הונד און האט איהם א ביס געגעבען, האט ער דערפון פערלוירען זיין לעבען.

ראבאי רעדט מיט זעהר פיעל ליעבע וועגען די פרייקייט און שטילקייט פון דער אמעריקאנער פרעירי, וואו מען זעהט זעלטען מענשען. זיין בעסטער פערגעניגען פלעגט זיין יעדען פריהמארגען ארויסצורייטען אויף זיין אנגעזאטעלטער בראנקא איבער טהאל און בערג צונויפזאמלען די פערד.

און ווי שעהן ער האט זיין פרעירי שטימונג איבערגעגעבען אין זיין ראמאן „הער גאלדענבערג". מיט וואס פאר א קינדערשע פרייד דער פערד־יונג רעדט פון רייטען אויפ'ן פעלד:

„אט באלד, יונגע שעהנע דבורה, גיך וועלען מיר רייטען אין וויטען פעלד אריין, איבער טהאל און בארג. וועלען מיר זיין אין טהאל, וואו די נאכט שוועבט נאך אום א צומישטע און פערשטוי־סענע".

און מיט וואס פאר א ליעבע ער מאהלט די פרעירי מיט די ווילדע פערד:

„אינגאנצען די פרעירי ווילדקייט האט זיך אין זיי אויפגע־כאפט, און א ווייסער שוים האט זיך בעוויזען אין זייערע מיי־לער און אויף זייערע גלאנציגע קערפערס.

זיי האבען זיך געטראגען אין א פארמע פון א מחנה ווילדע גענז, ווען זיי פליהען איבער פון איין ארט אין א צווייטען: — אט זיך צוזאמענגעצויגען און אט אין א געדיכטען רינג זיך צו־שפרייט".

## 4.

ווי אזוי שרייבט ראבאי?

לאָמיר זעהן וואָס פאר אן אינהאלט ער האָט געבראכט אין זיין ראָמאן און אין זיינע ערצעהלונגען.

הערר גאָלדענבארג, א רוסישער איד קומט קיין אמעריקא און נעהמט א פארעם אין די דאקאטאס און בויט זיך דאָרט אויף אן אייגענע היים. אין הויז איז דאָ פון אלדאסגוטס, נאָר ניט קיין קינדער. נעהמט גאָלדענבארג ערציהען פערד און לאָזט זיך אריין אין ערד־ארבייט, אבער ער פיהלט אז עפּעס פעהלט איהם. ברענגט ער אין זיין הויז אריין זיין שוועסטערקינד. און אין הויז ווערט אביסעל היימליכער.

ארום הערר גאָלדענבארג'ס פארעם וואוינען גויאישע שכנים און א זוהן פון איינעם א שכן געפעלט דאָס אידישע מיידעל. ער פערליעבט זיך אין איהר און ווארט אויף א געלעגענהייט איהר צו קריגען. און די געלעגענהייט קומט, ווען דבורה די מיידעל פאָהרט ארוים אויפ'ן פעלד און פאלט ארונטער פון פערד. יאָהאן ייטענדיג איבער'ן פעלד דערזעהט איהר, הויבט ער איהר אויף און ברענגט איהר אהיים. און פאר זיין העלדישקייט בעט ער איהר האַנד.

יאָהאן האָט אבער א פערדאכט אז דבורה איז פערליעבט אין דעם פערד־יונג אייזיק, וואָס ארבייט ביי גאלדענבארג'ן אויפ'ן פארעם. און זיין פערדאכט ווערט נאָך שטארקער, ווען ער ברענגט דעם דאָקטאר צו היילען דבורה'ס אויסגעלענקטען פוס. ארייַנקו־מענדיג אין הויז מיט'ן דאָקטאר, דערזעהט ער, די שטוב איז פול מיט אייזיק'ן, און ער דערפיהלט פלוצלונג, אז ער איז דאָרט אַן איבעריגער מענש...

פונדעסטוועגען פערלאָזט ער דאָס הויז מיט דער האָפענונג, אז ער וועט נאָך אייזיק'ן בייקומען.

אבער די ליעבע צווישען אייזיק'ן און דבורה געהט זיך איהר נאטירליכען געזונטען וועג. ווען אייזיק געהט ביינאכט ארויס אין שטאל אריין היילען א פערד, געהט דבורה מיט איהם מיט צולייכטען מיט א ליכט... דאמאלט ערקלערט ער צום ערשטען מאל אויף א מאדנעם אופן זיין ליעבע צו איהר: אין דער פריה, ארבייטענדיג אין פעלד, האט ער פלוצלונג דערשמעקט דעם ריח פון איהר יונגען לייב.

פון יענעם אבענד אן האבען זיך זייערע הערצער און זייערע אויגען אנגעהויבען צו דערנעהענטערען און צו פערשטעהן. דבורה האט אנגעהויבען נאכצוקוקען אייזיק'ס אלע וועגען. עס איז איהר געפעלען געווארען דער מיסטעריעזער, געזונטער, פונדעסטוועגען אין זיך גריבלענדער פערד־יונג. זי האט שוין פון איהם ניט געוואלט אבטרעטען. אין דער פריה ווען אייזיק איז ארויסגעריטען צונויפזאמלען די פערד אויף דער פרעירי איז זי מיט איהם מיטגעריטען, און וואס אמאל האט זיך אנגעהויבען וועבען א שטארקערע נעץ ארום זיי ביידע, וועלכע יאהאן עלקענס האט ניט געקענט דורכברעכען.

הערר גאלדבארג האט זיך דא דערפיהלט צווישען צוויי שטראמען. פון איין זייט האט ער ליעב געהאט דעם שכן'ס זוהן יאהאן עלקענס, פון דער אנדערער זייט האט ער געזעהן, אז דבורה ציהט מעהרער צו אייזיק'ן ווי צו יאהאנען. איז געקומען יאהאן עלקינס פאטער און געלייזט דעם גאנצען פראבלעם.

ווען דער אלטער עלקינס האט זיך דערוואוסט, אז זיין זוהן איז פערליעבט אין דער אידישער מיידעל איז פארגעקומען א געשלעג צווישען טאטען און זוהן און דער פאטער האט געשריגען: „איך וועל ניט אריינלאזען קיין אידישע בלוט אין מיינע דורות אריין!“

איז פאר הערר גאלדבארג'ן געבליבען איין האפענונג, אז אייזיק און דבורה זאלען ביידע פערבלייבען אויפ'ן פארעם און איבערנעהמען אלעס וואס ער האט דא אויפגעבויט. אין זיי האט ער געזעהן א צוקונפט פאר זיין פיעל יעהריגער ארבייט.

אבער אייזיק, האט זיך ארויסגעוויזען, איז ניט אזא מענש ווי גאלדענבארג האט געמיינט. אייזיק איז אן אונרוהיגע נאטור, מיט פאנטאזיעס פון דער פערגאנגענהייט און טרוימען פון דער צו־

קונפּט. ער איז איבערהויפּט עפּעס אזא מיסטישער וויזיאָנער, פון וועמענס וויזיאָנען דבורה ווערט פער'כשופ'ט, און אז אייזיק בעשליסט אוועקצוגעהן, גערט זי מיט איהם מיט.

אָט דאָס איז דער לויפיגער אינהאַלט פון דעם ראָמאַן הערר גאָלדענבארג.

וואָס פאַר א נייקייט זעהען מיר אין ראַבאַי'ס ערצעהלען?

איהר בעמערקט, אז ס'איז כמעט ביי איהם ניטאָ קיינע צוגעטראַכטקייטען. אַלעס פּאַסירט אזוי נאַטירליך, אונבעשטימט און דאָך אזוי נויטווענדיג פּונקט ווי אין לעבען. און אויך אין עהנליכען אופן ווי עס ווערט דערצעהלט אין דער ביבעל. זיינע מעשות זיינען געשריבען אויך אין עהנליכען פּשוט'ען אופן ווי אין דער ביבעל. זיין ראָמאַן „הערר גאָלדענבארג" לעזט זיך אזוי ווי רות. מען האָט נאָך ביי אונז אזעלכע מעשות ניט דערצעהלט. ביי איהם איז דאָ נייע סביבה, נייע כאַראַקטערע. און דאָס וואָס ביי אונז אידען איז גאָר ניי, איז ראַבאַי'ס קענטנים פון דער ערד און פון איהרע שטומע בעשעפענישען.

ראַבאַי איז א נאַטור מענש. ער אידעאַליזירט ניט די נאַטור. ער פיהלט איהר מיט זיינע חושים. ער גיט איבער אין זיינע מעשות דעם ריח פון די בוימער און פון די גראָזען, ניט ווי איינער וואָס האָט וועגען דעם געלעזען אין ביכער אָדער זיך פאָרגעשטעלט אין דער פאַנטאַזיע, נאָר ווי ער האָט דאָס געפיהלט מיט זיין נאָז. און מיר, אז מיר לעזען זיינע ערצעהלונגען, פיהלען טאַקע דעם אמת'ן אטהעם פון די פעלדער בעוואַקסען מיט אַלפאַלפאַ און פון די פרייע פערד, וואָס לויפען אום אויף דער פּרעירי.

און איז עס ניט מערקווירדיג? ער שרייבט דאכט זיך אַלץ איבער אזעלכע שווערע פּשוט'ע געגענשטענדען, דאָך לעזען מיר זיינע זאַכען מיט טיעפען אינטערעס.

מען האָט מיר דערצעהלט, אז דער יונגער דיכטער זישא לאַנדוי האָט געהאַט צוגעזאָגט א חבר'שע טובה ראַבאַי'ן צו העלפען אין די קאָרעקטור פון „הערר גאָלדענבארג". אין עטליכע טעג ארום האָט ער בעגעגענד ראַבאַי'ן, און זיך געקלאָגט אז ער קען איהם די טובה ניט טהאָן.

„פאַר וואָס?" האָט איהם ראַבאַי געפרעגט.

זישא לאַנדוי האָט איהם געענטפערט:

„דער ראמאן איז זעהר אן אינטערעסאנטער, איך בין אזוי אריינגעצויגען געווארען אין דעם אינהאלט אז איך האב פערגעסען אז איך דארף קארעגירען“.

איך קען נאך צולייגען מיין אייגענע ערפאהרונג, וואס איך האב געהאט לעזענדיג הערר גאלדענבארג. איך האב פון דארט געוואלט ארויסנעהמען א פאר ציטאטען פאר א געוויסע ארבייט. אין יעדעם מאל, ווען איך האב געעפענט דעם בוך, האב איך זיך פערלעזען ביז צום סוף און ניט געקענט ארויסנעהמען קיין ציטאַ־טען. ווייל מיר האט זיך געוואלט ציטירען דעם גאנצען ראמאן.

מען קען זאגען, אז ראבאי איז דער ערשטער, וואס האט אונז געגעבען א ראמאן וואס לעזט זיך לייכט און אינטערעסאנט פון די ערשטע ביז די לעצטע שורה.

ראבאי האט אויך געשריבען פיעלע קליינע ערצעהלונגען, וועלכע האבען זעהר אן אריגינעלען אינהאלט, אבער מען וועט ערשט קענען אבשעצען זייער ווערטה, ווען זיי וועלען זארגפעלטיג בע־ארבייט ווערען. נעהמט למשל די ערצעהלונג פונ'ם אידען. ר. אברהם, וועמעס „פנים, אויגען און א יעדע בעוועגונג איז הארט, ווי פון קופער אויסגעשמידט. און ווי דער ים אין א נעבעלדיגען שווערען טאג רוהט זיין נשמה“.

די אידעע, אדער ריכטיגער די זעהונג וועגען גאט'ס הויז, וואס ווערט, אדער דארף אויפגעבויט ווערען אין דער גרויסער שטאדט ניו יארק, איז כמעט א גרויסע נביאה. די זעהונג געהט אבער כמעט ווי פערלוירען אין דער הארטער אונבעוועגליכקייט פון דעם מאניר, פון דעם סטיל אין וועלכען די זאך איז געשריבען. שטרענגט מען זיך אבער אן, זעהט מען וואס פאר א וואונדערבאר שיינענדיגע זאך דאס איז!

דערפאר זיינען אבער ביי איהם אויך פארהאן אזעלכע ער־צעהלונגען ווי „סאלאמאן“, „דאס דונקעלע צימער“ אדער „איינ־מאל ווען דער זונענשטראהל“ וועלכע לעזען זיך לייכט און זיינען גראציעז און שעהן.

## 5.

**מיט וואָס פאר א וועגען פיהרט אונז ראבאי צו צו זיינע העלדען ?**

ראבאי איז געווען איינער פון די ערשטע, וואָס האָט אָנגעהויבען זוכען נייע וועגען; גענומען מאכען עקספּערימענטען. ער האָט אויף א זעהר געוואגטען אופן אויפגעשריבען „די רויטע בלום" אין דעם זאמעלבוך „די יוגענד". דאן איז געקומען מאני לייב, איגנאַטאָוו, זישא לאנדוי און שפּעטער איז צוגעקומען אייזלאנד און אנדערע און פון זיי איז ארויסגעקומען דאָס נייע אין דער אמעריקאנער אידישער ליטעראטור. אבער מען דארף ניט מייגען, אז די אלע יונגע שריפטשטעלער שטעלען מיט זיך פאר א שוהלע. אלעס וואָס זיי פערבינדט איז דער שטרעבען צום שעהנעם און נייעם וואָרט. עהנליך זיינען אלע יונגע אין דעם, וואָס זיי פערטיפען זיך אין זיך. דאָס וואָס זיי שרייבען איז א תפלה פון זייער אייגענעם איך. אויך ראבאי'ס ערצעהלונגען זיינען כמעט אלע אויטאָביאגראפיש.

ראבאי האָט ארייגעפיהרט א נייע טעכניק אין דער ערצעהלונג. ער שילדערט זיינע מענשען אונדירעקט. ער וויזט זיי אייך פון דער ווייטענס. פון דער ווייטענס זיינען זיי מעהר אָנציהענד, מען זעהט זיי דורך דער פארשטעלונג. זיינע מענשען האָבען ניט קיין כאראקטעריסטישע פּנים'ער, קיין באָרד אדער וואנצען. ער גיט איבערהויפּט ניט קיין אויסערליכע סמנים פון א העלד. נאָר ער מאָהלט איהם אזוי אז דער מענש ווערט פאר אייך לעבעדיג, כאָטש איהר ווייסט ניט ווי אזוי... ער דערצעהלט איבערהויפּט ניט קיין מעשות ווי אנדערע שרייבער. ער מאָהלט בלויז א מענשען, א פערד, אדער א קאַץ און אונדירעקט שווימט ארויס א מעשה פון דער זייט.

**עס איז אויך כאראַקטעריסטיש פאר ראבאי'ן וואָס ער הויבט**

קיינמאָל ניט אָן פון דעם וואָס ער וויל דערצעהלען, תמיד ווערט מען ביי איהם פערנארט. ער הויבט דאכט זיך אָן מאהלען ווי עד־ווארד געהט ארויס זוכען זיינע אקסלאָך און עם לאָזט זיך גאָר אויס, אז ער געפינט פאר זיך א ווייב.

אז מען קוקט זיך גוט צו זעהט מען ביי איהם א מאָדנעם גע־בוי. זיינע קאפיטלאך פלעכטען זיך און שלענגלען זיך איינער אין צווייטען אריין אונבעמערקטערהייט.

ער האָט אויך א מאָדנעם אייגענעם סטיל. זיין סטיל איז א געדרעהטער. ער דרעהט זיך ביי איהם ווי אן עגבער. ער הויבט זיך אָן דין, נאָך דעם גרעבער אין אלץ ברייטערע און ברייטערע רינגע־לאך, ביז עם דרעהט זיך ארויס א גאנצע מעשה. און אלעם איז ביי איהם אזוי איינפאך. ניטאָ קיין שעהנע גרויסע פראזען. די וויכ־טיגסטע געדאנקען ווערען ביי איהם אויסגעדריקט ווי מיט א קינ־דערשע שפראך.

ביי ראבאי'ן איז אבער דאָ טאָן אין דער שפראך. א ווארעמער, ליעבער טאָן. ער האָט א טיעף מענשליכע בעציהונג צו אלעם, וואָס ער שרייבט. מען פיהלט א ווארעמען אטהעם אין זיין יעדען ווארט. ביי איהם איז דאָ ליעבע צו אלעם, און ליעבע ביי א שריי־בער איז א גרויסע זאך.

א קינסטלער מעג האָבען א שעהנע פאנטאַזיע, א שטארקען ווילען; ער קען מאהלען ריעזיגע בילדער, דערצעהלען די אינטע־רעסאנטסטע מעשות אדער אויסזינגען די הערליכסטע ליעדער; אויב עם שיינט ניט קיין ליעבע אויף אלעם וואָס ער שאפט, איז עם טויט...

ביי ראבאי'ן איז אבער ניט בלויז דאָ ליעבע צו מענשען, נאָר צו אלע שטומע בעשעפענישען.

קיינער האָט נאָך ביי אונז אזוי וועגען חיות געשריבען און מיט אזא נאַטירליכער זיכערקייט ווי ער. נעהמט למשל „טאָם". די אלטע קאץ וואָס איז איבערגעבליבען אין א פערלאָזטען הויז, מיט וואָס פאר א רוהיגקייט און סימפּאַטיע ער דערצעהלט די איבער־לעבונגען פון א פערעלטערטע קאץ וואָס ליגט פויל אויפ'ן בוידעם און ווייסט שוין אויף אויסענווענינ וועלכע שעה אין טאָג די זון וועט ארייַנשיינען דורך דעם אדער יענעם שפאלט פון דאך. און אזוי

פאמעליך אינסטינקטיוו געהט זי איבער פון איין זונענפלעק צום צווייטען.

און ווען די אלטע קאץ כאפט א מויז, אדער ווען זי דערפיהלט אן ענדערונג אין די פערלאזטע צימערען, אדער אפילו ווי זי דערשמעקט דעם פאר איהר מיסטעריעזען פרעמדען וואס צינד אונטער דאס הויז און דער גרויזאמער אופן ווי זי ווערט פערברענט. דאס אלעס איז געשילדערט אזוי אז איהר דערפיהלט אזוי קלאר די נשמה פון אן אלטער קאץ, וואס נאר א דיכטער מיט אזא פרימיטיווען אינסטינקט ווי ראבאי קען פאר אונז אויפדעקען. אפילו דער סטיל פון דער דאזיגער ערצעהלונג האט דאכט זיך דעם בעזונדערען כח מיט וועלכען עס קאן דערצעהלט ווערען דאס לעבען פון אן אלטער קאץ אויף א פערלאזטער פארעם. און אזוי אויך די דערצעהלונג פון דער קאץ מיט'ן אבגעהאקטען עק וואס בעגעהט זעלבסטמארד. אט שוין דער פאקט, וואס ראבאי קען זיך אויף אזא אופן ארײנטהאן אין די איבערלעבונגען פון א קאץ אדער א פערד, בעווייזט ראבאי'ס בעזונדערע אינטואיציע. מיט וואס פאר א פשוט'ער זיכערקייט ראבאי דערצעהלט ווי אזוי א פערד טראכט:

דער פערד, „דיק איז א פערצווייפעלטער נאכאמאל צוגעקומען צום טויער. זיך אוועקגעשטעלט און געקוקט צום ליכט, וואס האט פון א פענסטער פון זיין באלאבאס הויז דורכגעבויערט די פינסטערע נאכט. ער האט שוין ניט געקענט הירזשען, זיינע צייהנער האבען זיך צוזאמענגעדריקט, ער האט געטראכט: געארבייט אזוי פיעל יאהרען און עס האט ניט ווער צו עפענען דעם טויער פאר מיר...

ווי עס וואלט גאר קיין צווייפעל ניט געוועזן אז א פערד טראכט.

עפעס אוראלטעס איז אויך דא אין דעם אופן ווי אזוי זיינע העלדען דערפיהלען לײדענשאפט און ליעבע. זיינע מענשען ערקלעהרען זיך ניט אין ליעבע. אייזיק, דער פערד־יונג ד ע ר־ ש מ ע ק ט דבורה'ס ליעבע און די מאכלים, וועלכע „שמעקען מיט א געהיימע ריח, וועלכען דבורה האט אין צייט פון קאכען פאר איהם אליין דארט פערבעהאלטען."

און געהט צום ברונעם וואסער טרינקען, דערפיהלט ער דעם הויך פון איהרע ליפען אויף דעם זוים פון וואסער־טעפעל. ערשט

ניט לאנג איז דא דבורה געוועזן און פון דעם זעלבן מעפּעל ווער־
סער געטרונקען...

און אנדער שרייבער וואלט געזאגט: דער פערד־יונג האט איהר געוואָלט א גלעט געבען איבער איהרע האָר. ראבאי אבער זאגט:

„עס פערשמעקען איהם איהרע ווייכע האָר."

שמעקענדע ליעבע געפינט איהר נאר ביי די אלטע העברע־ער אין שיר השירים.

ווי פיעל ליעבע ראבאי'ס מענשען האבען דאס צו דער ערד!

„דעם ערשטען טאָג וואס הערר גאָלדענבארג האָט זיין פרוי אין דער ווייטער וועסט ארונטערגעבראכט, האט ער זי ארומגעפיהרט איבער די פלאַכעס און בערגלאך און טהאָלען פון זייער נייער היים.

און לאַנג זיינען זיי געשטאַנען ביים פעלד פון בולבעס. רחל האט זיך ניט געקענט אברייסען פון דער זיסערקייט וואס איז געווען צושפּרייט איבער די רייהען מיט הויכע און ברייט צווואק־סענע שטאַמען פון די דונקעל־גרינע בולבע־פלאַנצען. און די ערד איז וואס אמאָל פעטער געווארען און וואס א יאהר בעסערע גראַ־זען ארויסגעגעבען.

„עס איז געלעגען גאָט'ס ברכה אין דעם היי און אזוי אויך אין דעם פעלד פון בולבעס. פון יעדער רייהע בולבעס האבען זיי אויסגעגראבען צעהן זעקלאך."

די ערד איז פרוכטבאר ווען מען קען איהר גוט בעארבייטען „פון א ווייץ אין דער ערד קומט ארויס א זאַנג מיט פינף און פער־ציג קערענדלאך..."

ראבאי'ס איד ווייס ווי אזוי צו בעפרוכטען די ערד.

אבער ניט קוקענדיג אויף דעם אידענס פעהיגקייטען קוקען די גויים אויף איהם פון דער זייט.

ראבאי האָט מיר אמאָל דערצעהלט, אז ווען ער פלעגט פאָה־רען מיט א וואגען היי, אדער אַקערען דאס פעלד האבען די גויים איהם נאָכשפּיאָנירט יעדען ריהר און קעהר מיט שפּאָטישע בייזע אויגען. כאָטש ער האָט געקענט די פעלד ארבייט בעסער פאר זיי, האבען זיי דאך אויף איהם געקוקט ווי אויף א בייז וואונדער. און זייערע אויגען איז געווען: דער איד וועט באלד איבערקעהרען דעם

וואגן, אט טרייבט ער די פערד אראב פון וועג." זיי האבען נאר געזוכט א געלעגענהייט פון וואס צו לאכען.

ס'איז אויך כאראקטעריסטיש ווי אזוי ראבאי מאהלט די בעציהונגען צווישען איד און גוי. זיינע גויים ווייזען ניט ארויס קיין בייזקייט דוקא ווען זיי זיינען ווילד אויפגערעגט, נאר גראד ווען זיי זיינען מיט א רוהיג געמיטה, זיינען זיי פערביסען.

אז מען ברענגט ארויס דעם אידען'ס פערד אויף אינספעקציאן „ציהען אלע אן זייערע אויגען און איינער רעדט ארויס:

„דאס בלוט פון יעזוס האט דער איד אין זיין פערד אריינגעגאסען ווי עס שיינט!...."

אט דאס הייסט אידענפיינדשאפט. צוקומען העלפען דרעשען דעם אידען'ס ווייץ, זאגט דער שכן עלקינס אז ער וועט זיין דער ערשטער פון איטליכען; און ער קומט טאקע פריהער, מיט צוויי פערד אין דעם לייטערנעם וואגען איינגעשפאנט — נאר דער אייגענער גוי פערקויפט אויך זיין פארעם, כדי ניט דארפען זיין קיין שכן פון אידען...

דערפאר וויל אייזיק בויען אן אייגענע היים, וואס זאל זיין אן אנהויב פאר'ן גאנצען אידישען פאלק. ער ווייס אזוי לאנג מען האט ניט קיין אייגענעם ישוב קען מען ניט פיהרען קיין אמת'ן פרייען לעבען. מען בלייבט „א פרעמדער צווישען פרעמדע..." און אייזיק זאגט:

„איך בין שוין געווען א פרעמדער אין דער גאנצער וועלט און איך וויל שוין מעהר קיין פרעמדער ניט זיין." ווייל אלע רייכטימער זיינען אין דער פרעמד בלויז א פאטא מארגאנא זיי קענען לאנג קיין קיום ניט האבען. אפילו די צייט וואס מען האט זיי קען מען אויך ניט נעהמען דעם זאפט פון דער ערד און האבען רוה. מען קען ניט ארויסווייזען דעם אייגענעם איך. מען ווערט לייכט מיסגעזעהן און מיסגעפיהלט. לעבען קען מען נאר צווישען אייגענע. צווישען פרעמדע: בלויז ארבייטען , יאגען; און אז מען רוהט זיך אב דערפיהלט מען באלד די פראסט פון דער פרעמדער סביבה און עס קלינגט אלעמאל די שטימע אין די אויערען ווי ביי פרוי גאלדענבארג:

„אוואו האסטו זיך פערקליבען אין אזא ווייטען לאנד... צווישען פרעמדע?

*

**אז מען פערטיעפט זיך אין ראבאי'ס ערצעהלונגען, זעהט מען** אז עפּעס אן אונבעשטימטער מזל הענגט איבער אלע זיינע העלדען. אז די קאץ „טאם" האט זיך איינגענורעט אין די שטרוי און זיך צו־נויפגעוויקעלט אין א קנויל," האט זי זיך ניט געריכט אז עמיצער וועט אונטערצינדען דעם שטאל און זי וועט זיין צווישען די פלא־מען. אז „דער איינברעכער" איז געגאנגען צו דער פרעמדער פרוי האט ער זיך אויך ניט געריכט, אז מען וועט איהם זעהן און ער וועט שוין מעהר ניט אהיים קומען א לעבעדיגער.

דער צופאל איז ביי ראבאי'ן אן אקטיווער העלד, נאר אן אונזיכטבארער. אלע זיינע מענשען ווערען אויף א פערבארגע־נעם אופן געפיהרט פון איהם. כאטש זיי זיינען אזעלכע עקשנים, אבער אנטקעגען צופאל זיינען זיי מאכטלאז...

די אונפערמיידליכקייט פון מזל וועהט איהם אן מיט טיעפע מעלאנכאליע. א שטילער, נידעריגער טאן געהט דורך, ווי א באם אין א סימפאניע, אין אלע זיינע שריפטען.

ניט קוקענדיג אויף אלע זיינע העלע פערקליידונגען פיהלט מען אז ביי ראבאי'ן איז ניטא גלאט קיין מעשות, נאר קאפּיטלאך פון דעם לעבען פון א נשמה... און מען פיהלט אז די נשמה האט דורכגעמאכט עפּעס אזוינס וואס האט איהר געמאכט זעהן דאס וואס אנדערע זעהען ניט...

דערפאר אזא מאדנער אומעט און אזא אייגענארטיגער ליריזם, ווי זיינע מענשען וואלטען זיך פרעגען אין דער שטילער איינזאמקייט: ווער זיינען מיר דא? וועלכער גאט אדער טייוועל האט אונז דא צונויפגעבראכט?

מיר קוקען זיך אן איינע די אנדערע און מיר פערשטעהן זיך נישט... מיר רעדען און הערען און קיינער ווייסט ניט דעם צווייטענס אמת'ע פערלאנגען... נאך מעהר, מיר ווייסען אליין ניט גענוי וואס מיר ווילען — דאך ווילען מיר אזוי פיעל... נאר וואס העלפט עס? אז איין ווילען איז געגען דעם צווייטען... בלייבט מען צוריסען... מיר פערגעסען אלע צוליעב וואס מיר לעבען... ווייל: „מיר זיינען דא אלע פרעמדע טייוואלים... די ארבייט צוטהיילט מען צווישען זיך, מען העלפט זיך איינער דעם צווייטען מיט געלד. און ווייטער קען מען שוין נישט געהן, יעדער טייוועל **האט זיך זיי־**

נע גענגלאך... זיי פרעגען פאר וואס זאל דאס אזוי זיין? צוליעב וועמען?

וואס וועלען מיר האבען דערפון?

ס'איז אבער ניטא קיין ענטפער...

וואס העלפט גאלדענבארג'ן זיין רוהם, דער כבוד וואס מען גיט איהם, אז ער פיהלט זיך איינזאם און הילפלאז?

און די זעלבע געדאנקען וועבען זיך ביי זיין פרוי.

„אז זי קוקט ארויס דורכ'ן פענסטער ווען עס שנייט אויף דער פרעירע, דאכט זיך איהר אז קיינער איז נישטא אויף דער וועלט א חוץ זי און נאך עפעס אן אלטע ווייס-גרויע פרוי, וואס זיצט ערגיץ און ציהט אויס ווייסענקע, פלאקסענע פעדעמלאך אויף דעם שפינער...

געלד איז אפילו דא, ברויט פאר זיך און היי פאר די בהמות אויך גענוג — נאר איינער אליין אבגעשניטען פון א גאנצער וועלט. קיין קינדער איז ניטא, האט מען די קוה אריינגענומען אין הויז אריין, האט מען ביינאכט פערבראכט מיט דער בהמה...”

*   *

*

איינער פון די כאראקטער שטריכען פון ראבאי איז אויך די עקשנות. די עקשנות פיהלט זיך ניט נאר אין זיין געדרעהטען סטיל נאר אויך אינ'ם כאראקטער פון די העלדען. זיינע מענשען ווייזען ארויס אזא פרימיטיווען כח, אזא איינגעשפארטקייט.

אז העדר גאלדענבארג איז מיט צוואנציג יאהר צוריק מיט ליידינע הענד געקומען אין דער וויטער וועסט, האט ער אין די דאקאטאס זיך אויסגעקליבען א „האומסטעד” וואס איז בעשטאנען פון הונדערט און זעכציג אקער לאנד, אויף וועלכער קיין מענש האט נאך ניט פון אוראלטער יאהרען זיין פוס געשטעלט.

און ער האט דאס ווילדע לאנד בעארבייט מיט אזא עקשנות און אזוי שעהן, אז זיין פארם איז מיט דער צייט געווארען דער שעהנסטער אין יענעם געגענד.

די זעלבע עקשנות זעהען מיר אויך ביי אייזיק'ן. אז אייזיק האט בעשלאסען צו פאהרען קיין פאלעסטינא, זאגט ער אז „קיין זאך וועט מיך ניט מאכען צו ענדערען מיין בעשלוס”.

בײ אײנעם פֿון זײנע העלדען װערט עקשנות צו א גאנצער װעלטאנשױאונג:

„כאטש, עדװארד שמעקט קײנמאָל ניט ארײן אין גאָט'ס הױז און די שכנים האַלטען איהם פֿאר ניט קײן גלױביגען, פֿונדעסטװעגען האָט ער זיך זײן אײגענע קבלה:

„אז עס איז געװעזען עמיצער, װאס האט געמאכט די ערד און הימעל, בערג און טהאָלען, װעלדער און טײכען, און יענער עמיצער האט געמוזט זײן אײן אײנגעשפּארטער בחור, װי זײן פֿאטער איז געװען אײן אײנגעשפּארטער, און געמאכט שטײנערנע צױמען בײם לבנה שײן, געמאכט די צױמען און זײ איבערגעלאזען אז מען זאָל זײ זעהן און געדענקען, אז ער איז דאָ אמאָל געװעזען".

און אױך די חיות זײנען בײ ראבאָי'ן אזעלכע פֿערביסענע עקשנים. אז „דיק" האָט א טראכט געטהון, ער זאָל זיך אװעקשטעלען, אײנגראָבען זײנע פֿאָדערשטע פֿיס אין דער װײבער ערד און ניט געהן," האָט שױן ניט געהאָלפֿען דעם באַלעבאָס שלאָגען, ער האָט זיך געשטעלט אױף זײנע פֿאָדערשטע פֿיס און צובראכען דעם װאגען.

אױך די קאַץ אַהן אן עק װײזט ארױס א שרעקליכע פֿערביסענקײט. דאס װײסע קעצעלע „קידי" — אנטלױפֿט פֿון איהם דערפֿאר װאס ער האט קײן עק ניט. דערפֿאר בעגעהט ער זעלבסטמאָרד אױף אזא עקשנות'דיגען אופֿן. ער געהט ארײן אין א לאָך װאס איז א נעסט פֿון זײנע פֿײנד, די װאָלד מײז (װאָודטשאקעס) און שלאָפֿט אײן מיט א געבעט:

„זאָלען מײנע פֿײנד צוברעכען זײערע צײהן און טהאָן מיט מיר װאס זײ װילען!"

## 5.

ראבאַי איז ניט דער גלות־איד פון די גרויסע שטעדט. איהם ווארעמען נאָך די בלוטען פון די אמאָליגע געזונדע אידען וואס האבען געלעבט מיט דער פרייער נאַטור. ער האט געהאַט דעם כח זיך אין גאנצען צו בעפרייען פון די גלות־טראַדיציעס און אָנ־הויבען אויף דאס ניי. ער איז אַוועק פון דער הפקר־גאַס. ער האט געזעהן אז אין דעם אידישען לעבען פון די גרויסע שטעדט איז דא צופיעל גרויקייט און וואכעדיגקייט איז ער אַוועק אויף דעם פרייען פעלד צו זינגען די שעהנקייט פון דער פרעירי.

אויף דער פרעירי האט ער געפונען א געזונדען פונדאמענט אונטער זיינע פיס. און שטעהענדיג פעסט אויף דער ערד האָט ער געקענט געבען אַ שפרונג אין דער הויך...

זיינע העלדען האָבען א פערגאַנגענהייט און שטרעבען אויך צו א צוקונפט. וואָס די צוקונפט זייערע וועט זיין איז ניט קלאָר. אבער מענשען ווי הערר גאלדענבארג און אייזיק וועלכע האבען אייזערנע ווילענס, וועלען צו עפּעס דערגעהן...

ראבאַי האָט אין זיך א בויענדע עקשנות און אזוי אויך זיינע מענשען. הערר גאלדענבארג טהוט אלץ ווי פאַר דער אייביגקייט:

„אז עס האט זיך אין די ברויטען דא און דארט א ווילדע קווייט בעוויזען, פלעג זיך זיין פנים פערוואָלקענען מיט אן ערנסט. און ער פלעג ארויסגעהן אין פעלד אריין, זי אויך מיטרופען, און מיט די בלויזע הענד האט מען די קוויטען פון דער ערד, יונג־ערהייט, ארויסגעפליקט. זיי זאלען ניט דערלעבען, די ווילדע קריי־טיכער, צו בלומענצייט... האט מען געלאכט:

—דער איד טרעט אויף זיינע ברויטען.

גאלדענבארג האט זיינם געעקשנ׳ט:

—איך וועל פערטרעטען הונדערט ברויט־זאנגען, אבער מי־ליאנען קרייטיכער און דערנער וועל איך אומברענגען...

ראבאי׳ס איד טהוט אויף אלץ מיט זיכערקייט, מיט א סדר. אז גאלדענבארג האט פערזעצט בולבעס האט ער עס געטהון „מיט גרויס כונה און פלייסיג די צושניטענע שטיקער זריעה געלעגט מיט דער שאלאכץ ארויף.“

גאלדענבארג האט אויך א נעפיהל פאר סימעטריע, פאר שעהנ־קייט:

„אז גאלדענבארג האט א פעלד מיט זומער־ווייץ פערזעעט, א צווייטען מיט האבער און א דריטען מיט פלאקס, און אז עס האט אנגעהויבען ארויסצוקומען פון דער ערד, פלעגען מענשען קומען קוקען אויף גאט׳ס וואונדער.

פיערעקעכדיגע פעלדער און גלייכע שורה׳לאך, ווי מיט א ווירע אויסגעמאסטען, און די שפראצונגען איינע נאך די אנדערע ווי מיט דער געניטער האנד אויסגעזעצט.

ווי מיר זעהן האבען ראבאי׳ס מענשען א פונדאמענט. זיי טראכטען אלע פון א תכלית. זיי טהוען אלץ מיט אזא פלייסיג־קייט. זיי ווילען אז אלץ וואס זיי בויען זאל בלייבען פאר די קו־מענדע דורות.

קלאפט גאלדענבארג אריין א משוואק איז דאס פאר קינדסקינד־ער! — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ראבאי זאגט אונז אז עס מוז און עס וועט אייביג א אידישער דור פערבלייבען. מען מעג וואהנען אין פערשיעדענע לענדער, ביי־טען פערשיעדענע קולטורען, אידען וועלען מיר פערבלייבען. עס אין אונז דא אזא אוראלטער עקשנות׳דיגער ווילען וואס וועט אונז אימער אבזונדערען פון אנדערע פעלקער און מאכען פיהרען אן אייגענעם לעבען.

אט דער אוראלטער ווילען איז דאס געקומען צו אייזיק׳ן און געשטאלט פון זיין פאטער און געזאגט:

„—... עס זאל מיין דור ניט אפגעמעקט ווערען!... געה אוועק אין אן אנדער לאנד און הויב אן צו בויען, פון דאס ניי!... בוי אויף א היים, און אז דיין ווייב וועט דיר געבוירען א קינד, זאלסטו ביי זיין וויעגעלע איהם פון דעם אלעמען דערצעהלען...“

# מאני לייב

די נאַכט וועט אומגעהן בלינדערהייט
מיט בלינדע פינגער טאַפּענדיג
אין גאַסען אויסגעלאָשענע,
מיט בלינדע פינגער קלאַפּענדיג
אין פענסטער צוגעשלאָסענע,
זי וועט זיך זעצען ביי אַ פּלויט
די שווארצע האָר צושויבערען
אויף עמיצען צו לויערען
און עמיצען פארצויבערען
און עמיצען באדויערען.
מאני לייב.

אבענד. ווארעמלעך. עס שנייט. די גאס איז פול מיט מענשען. דער שניי פאלט אויף זיי און אויף דעם ברוק. נאר די מענשען ארט עס ניט. מען געהט און מען געהט. פון מיטען דעם גרויסען שטראם שלייכט זיך ארויס א הויכע שלאנקע געשטאלט. די געשטאלט בעוועגט זיך לאנגזאם. טוליעט זיך אין מאנטעל, דער קאלנער איז אויפגעשטעלט און זיין קאפ איז לייכט איינגעבויגען.

— ווער איז דאס אט די בעקאנטע געשטאלט?

די געשטאלט בעוועגט זיך לייכט און געהט ווייטער. ער געהט פערביי א העל בעלויכטענע קאפע. שטעלט זיך אב אויף דער שוועל, טהוט א קוק אריין און שפאנט ווייטער.

מאני לייב!

דער אייביג אומרוהיגער אין די גאסען אומבלאנקענדער מאני לייב, וואס האלט אין איין זוכען...

מיר זיינען שוין בעקאנט פון פריהער. זיכער דאס איז ער — אט דער הויכער שלאנקער דיכטער מיט זיין כאראקטעריסטיש געזיכט, און די גרויע ארויסשטראהלענדיגע אויגען, וואס ציהט אזוי צו זיך מיט זיין אייגענארטיגען חן.

איך געה איהם אנטקעגען. ער דערזעהט מיך:

— א, וואס מאכט איהר?

— וואס זאל איך מאכען? — פרעג איך צוריק — און איהר?

— אזוי, כ'וויים, אט גאר נישט. וואו געהט איהר?

— וואו זאל איך געהן? וואו געהט איהר אזוי אליין?

— איך וויים ניט. כ'געה — וויים אליין ניט וואו צו געהן. אומעטיג היינט, ניטא וואו זיך אהינצוטהאן.

מיר שטעהען אזוי א ווייל און קוקען זיך אן. מיט אמאל כאפט ער זיך א כאפ:

— קומט, איהר געהט? צו יענער קאפע...

ער טוליעט זיך מעהר איין אין זיין דונקעלען מאנטעל און מיר געהען ביידע. צוקומענדיג צום אנדערען קאפע, געהט ער ארונ־טער די פאר טרעפלאך און קוקט אריין:

— ווײַוו! קיינער ניטא! קומט אין דער אלטער קאפע.

מיר געהען אין גאס. מענשען פון אלע זייטען. דער שנײ אי־בער אלע. אויבען און אונטען הערט זיך דאס קלאפען פון די אייזער־נע שלאנגען וואס ציהען זיך צווישען מויערען. טראמווייען שניידען דורך די גאסען מיט א גליטשיגען גערויש. אטאמאבילען יאגען זיך ווי שדים און שרעקען די פערבייגעהער מיט זייער טרובען. מיר געהען און רייבען זיך צווישען די לאנגע שטראמען מענשען וואס ציהען זיך ווי שווארץ פערוויסטע טייכען אהין און צוריק. פער־שנייטע פרויען בעוועגען זיך פאר אונזערע אויגען אויסגעפוצט אין ווייסען פוטער־ווארג.

איך גיב א קוק, מאני לייב קנייטשט זיך און שעפטשעט:

— אה, אלץ איז דאך אזוי וואונדערליך!

באלד נעהמט זיין פנים אן א צערטליכען אויסזעהן. ער שליסט צו די ליפען און עפענט זיי באלד אויף זאגענדיג:

— נו, וואס וועט זיין? עס פעהלט עפעס — א צימער, שטי־לע ליכט, ווייכע דילען? הא? ניין, אויך ניט דאס..."

ער האט גענומען געהן שנעלער. א דינער שמייכעל האט זיך בעוויזען אויף זיין ציטעריג געזיכט. ער האט געשוויגען. איך האב געוואלט איבערייסען זיין שווייגען און עפעס געפרעגט. נאר די געשרייען פון דער גאס האבען פערהילכט מיין פראגע — מיר איז דערוויל איינגעפאלען עפעס אנדערש צו פרעגען:

— איהר פאהרט קיינמאל ניט אוועק פון ניו יארק?

— ניין, איך וועל שוין דא פערבלייבען. נויארק האט מיך שוין צופיעל אריינגעכאפט. דער ווירבעל וועט מיך שוין דא איינ־שלינגען.

ער איז א ווײלע שטיל געבליבען און געקוקט אויף מיר, פרעג איך איהם:

— פארוואס זאלט איהר ניט אוועקפאהרען?

— וואוהין זאל איך פאהרען?

ער האט איינגעהאלטען זיין פראגע מיט א לאנגע פאוזע און

אויפהויבענדיג זיין קאָפּ העכער, ווי זיך אויסצוגלייכען, האָט ער געזאָגט:

— ווייסט איהר? נאָך אַלעם האָב איך ליעב ניו יאָרק. די שטאָדט מיט אזוי פיעל פענסטער... ווייסט איהר, א פענסטער איז דאָך אזוי געהיימניספּול... איך האָב זעהר ליעב צו קוקען אין פער־מאכטע פענסטער, וואו עס ברענען ליכט. אין וועלכע שטאָדט איז נאָך אזוי פיעל לויכטענדע פענסטער?

— איהר קענט זיי אבער בלויז זעהן פון דער ווייטענס....

דאָס איז נאָך בעסער. פון דער ווייט קען מען זיך פאָרשטע־לען, אז הינטער די פענסטער קומען פאר אזעלכע הייליגע זאכען... ווען דו געהסט צו נאָהענט איז דאָס גאר נישט. אז איהר געהט צו נאָהענט צו א בילד פון א מאהלער זעהט איהר מעהר ווי פלע־קען פון פארב? מען דאַרף אַלץ אין דער וועלט בעטראכטען ווי א בילד און בעוואונדערען פון דער ווייטען.... זאכען פון דער ווייט זיינען אונענדליך.

— אויב אזוי וואָלט איהר בעדארפען וואוינען ביים ים. ווייל דער ים האָט ווייטקייט און מעהר פון אַלץ דערמאָנט אין דער אונ־ענדליכקייט... פאָהרט איהר אמאָל צום ים?..

— ים? יא, איך בין דאָרט געווען, האָט מען מיר געגעבען א צימער מיט די פענסטער אנטקעגען ים. פארנאכטליך. פון דער זייט האָט אריינגעשיינט די זון א גרויסע א הייסע. איך האָב גע־פיהלט אזא ליעבליכע ווארעמקייט פון איהר. בין געווען אזוי מיעד. אויסגעמאטערט פון שטאָדט, פון דער שווערער פאבריק. די הענד זיינען געווען שווארץ און אזוי שוואך. כ'האָב זיך געפיהלט א בעליידיגטער אנקעגען דער אונטערגעהענדער זון, אז איך בין אזא קליינינקער, פערלאָזענער.

— צו מיעד פאר דער נאָטור...

— צו לאנג שוין געווען אין שטאָדט...

— אַי, — זאָג איך, — ווען איהר וואָלט אבער געהאַט א הויז ביים ים, מיט א שעהנעם גארטען ארום, וואָלט איהר אנדערש געפיהלט און אויך אנדערש. —

ער האָט געגעבען א לייכטען שמייכעל.

— געהט שוין, געהט, איך דאַרף נישט די פּרימיטיווע נאָטור פאר אינספּעראציע. ס'איז אמת, אז די נאָטור איז אין שטאָדט אינ־

גאנצען צואקערט. פונדעסטוועגען האָט דאָס לעבען דאָ אין שטאָדט — פאַר מיר — געגנוג פּאָעזיע. מען דאַרף נאָר האָבען אַ קינסטלע־רישע פאַנטאַזיע צו זעהן. איך דאַרף נישט די ים'ען, בערג מיט די בוימער און בלומען, פאַר מיר איז דאָס לעבען ארום מיר פול פּאָעזיע. דאָס לעבען פון אלע נעכט איז גענוג רייך מיט וואונדער. די קלענסטע ערשיינונגען זיינען פול מיט סודות ווען מען קוקט זיך צו זיי צו. אפילו דאָס שרייען פון די קעץ ביינאכט, אין אלעם שפּיעלט זיך שטילערהייט אַ טראַגעדיע. — און דאָס איז פּאָעזיע.

ער איז פלוצלונג געבליבען שטעהן און מיר גענומען ווייזען מיט דער האנד:

— אָט געהט אן אלטער איד. איהר זעהט איהם? קוקט זיך גוט איין אין זיינע ווייסע האָר, זיין געבויגענעם קאָפּ, וויפיעל טראגישען שרעק דריקען אויס זיינע מאַטע אויגען?

מיר זיינען אריין אין אַ שטילער גאַס. ער האָט זיך צוגעבויגען צו מיר ווי אַ פערבלאָנדזשעטע קינד און גענומען פאַר מיר לעזען אַ ליעד פון ניו יאָרק:

אָט זעה מיין פריינד, אָט זעה, די נאכט וועט באלד פערהילען
די שטאָדט ניו יאָרק אין נעבעל דורכזיכטיג און ווייך,
און אין מיליאָנען פענסטער גאלדיג רויט און בלייך
ב א ל ד וועלען זיך מיליאָנען לאָמפּען ליכט צושפּיעלען.
און העל־באלויכטענע די באנען וועלען ברילען
ווי שלאַנגען פליהענדיג דורך דעכער אין דער הויך.
און אונטען וועלען ראַיען זיך אין רעש ליכט און רויך
טראמווייען, פוהרען, מענשען און אויטאָמאָבילען:
און דיינע אויגען זיינען קאלט און אויסגעלאָשען
זיי פיהרען דיך אין רעש פון די גאסען אום,
נאָר פרעמד איז דיר די וועלט וואָס רינגעלט דיך ארום.
דו הערסט אַ פרעמדען אומבעקאנטען לשון,
דו הערסט, דאָס פרעמדע לעבען רעדט, נאָר שטום
די ליפּען דיינע זיינען — שטום און צוגעשלאָסען."

און ענדיגענדיג האָט ער געשמייכעלט: „אַז אלט ליעד, שוין לאנג אנגעשריבען; זעהר שלעכט אנגעשריבען".

אין א ווײַלע אַרום האָט ער געכאַפּט א קוק אין דער זייט און געזאָגט:

— איהר זעהט דאָס אינגעל וואָס געהט מיט'ן קיישעל אין דער האנד? דאַכט זיך אַן אײַנפאַכער אינגעל. אָבער נאָך וואָס געהט ער דאָ? וואָס וויל ער? דאָס אינגעל וויל עפּעס... ער ווייס אפילו אליין ניט וואָס ער וויל — ווער ווייס? נאָר ער וויל דאָך עפּעס... עס פעהלט איהם... אַזוי זײַנען מיר אַלע... ווי פיעל טראַגישעס זעהט מען אין דעם אײַנפאַכען אינגעל?... הערט נאָר, ס'איז דאָך דאָ אַזוי פיעל טראַגיזם אומעדום. אין די הייזער, אין די גאַסען. וואו ס'איז נאָר דאָ לעבען — איז דאָ טראַגיזם און פּאָעזיע פאַר'ן קינסטלער".

אַזוי רעדענדיג זײַנען מיר צוגעקומען צו דער ליטעראַרישער קאַפּע. מיר זײַנען אַרײַן און זיך געזעצט ביי א טישעל.

עס קומען אַרײַן יונגע דיכטער און זעצען זיך אַרום איהם.— אַלעמאָל אַזוי. ווען מאַני לייב קומט אַרײַן זעצען זיך באַלד אַרום איהם די „אינגסטע". אײַנער עפענט א צייטונג און ווייזט איהם א ליעד פון אַן עלטערען אידישען דיכטער. ער לעזט איבער און לייגט שנעל אַוועק די צייטונג גלײַכגילטיג.

אַלע קוקען מיט נײַגעריגע אויגען אויף מאַני לייב'ען און הונגערען נאָך זײַן מיינונג. ער פערשטעהט עס און זאָגט:

„ס'איז אַלעמאָל דאָ א געדאַנק אין זײַנס א ליעד. יאָ, ער קען שרײַבען: אָבער ניט אינטערעסאַנט. ער קלאָגט זײַן גאַנץ לעבען וואָס זײַנע יאָהרען געהען איהם אַוועק. איך בין א גרעסערער פּאָעט פאַר איהם. איהר אויך! — שטעלט ער אַן זײַנע אויגען אויף דעם פּאָעט מיט'ן רויט ביינערדיגען פּנים. „פונדעסטוועגען", נעהמט ער רעדען ווייכער, „האָט אונזער ליטעראַטור איהם פיעל צו פערדאַנקען. ער איז א גרויסער אידישער פּאָעט".

אַרום אַנדערע טישלעך זיצען פרויען און וואַרפען אַלע מאָל בליקען אויף איהם. ער פיהלט זייערע וואַרעמע בליקען. ער ווייס אַז אַלע האָבען איהם ליעב. דערפאַר איז ער אַזא פערצערטעלטער — און א זעלבסט־צופריעדענער שמייכעל צוגיסט זיך אויף זײַנע ליפּען. ער לאַכט קיינמאָל ניט, נאָר זײַן גאַנץ פּנים ווערט שמייכעלדיג ווען ער פיהלט זיך גוט. און אין זײַנע אויגען לויכט אויף א דונקעל גליהענדיג פייערעל...

## 2.

מאני לייב איז דער מענש פון לויטער שטימונגען. און זיינע שטימונגען בייטען זיך זעהר שנעל. אַט פערברענגט ער מיט אייך, רעדט, לעזט, איז פרעהלאך; באלד ווערט ער אומעטיג. א שטילע מעלאנכאָליע פערציהט זיין געזיכט און אין א ווײלע ארום צוגיסט זיך א צארטע מילדקייט אויף זיינע ליפען ווי ביי א קינד ווען ס'חלומ'ט.

עס טרעפט טהיילמאָל, אז ער רעדט און וויל איבערציינגען, ווערט ער מענעריש. זיין שטימע ווערט א שניידיגע. זיין האלטונג שטרענג. זיינע אויגען נעהמען זיך שפּארען פון קאָפּ ארויס און קוקען ביסטרע יענעם גלייך אין פּנים אריין. ער שטעלט זיך אָפּ, קוקט יענעם אין פּנים אריין שארפער, פערבייסט די ליפען און עפענט זיי באלד אויף און רעדט אזוי לאנג און מיט אזא קראפט אז ער מוז יענעם בעצווינגען.

נאָר גיט אויף איהם א קוק א דאמע, ווערט ער באלד צוריק דער ווייכער, כמעט אינגלישער מאני לייב. זיין צארט געזיכט נעהמט זיך קנייטשען און ציהען כמעט ווי ביי א מיידעל. זיינע ליפּען נעהמען ציטערען. ער ווערט אין גאנצען אזוי ציטעריג, ווייך און אין די אויגען לאכען ביי איהם דונקעלע פּייערלאך...

אבער ניט אויף לאנג. ער ווערט באלד אומעטיג און הויבט אָן רויכערען שנעל און אומרוהיג. ער קען מעהר ניט איינזיצען אויפ'ן אָרט. שטענדיג דאכט זיך איהם, אז ער האָט ניט קיין צייט. זויל נאָר לויפען אליין ניט וויסענדיג וואוהין... ווי ער וואָלט זיך וועלען בעפרייען פון אן אייביגער אונרוה וואָס איז אין איהם...

ניט האָבענדיג מעהר קיין געדולד זאָגט ער צו מיר:

— קומט, איהר געהט?

מיר זיינען ארויס פון קאפע. שפּעט. די גאסען זיינען ווייס, דער שניי טיעפער. די בעוועגונגען אין גאס שטילער. איך פיהל

אז ער געהט איצט אליין. נאר איך פיהל זיך נעהענטער צו איהם. און איך טראכט אז ער מוז איצט זיין ווייט אויף יענער זייט... ווי אין דעם סטראף:

„די גאסען איצט פרייליך לעבען
אין שאטענס ליכט און שניי,
און שליטענס און מענשען שוועבען
מיט אימפעט און געשריי,
און פרויען מיט הייסע בליקען,
אין פוטערוואַרג און זייד,
זיי זאגען צו גליקען, גליקען
דארט ווייט, אויף יענער זייט..."

אט דער איין איינציגער אבענד האט פאר מיר מעהר ענט־פלעקט מאני לייב'ן, ווי אלע פריהערדיגע בעגעגענישען. איצטער האב איך איהם ערשט רעכט אנגעהויבען צו פערשטעהן. איך האב אנגעהויבען צו פערשטעהן פון וואנען עס נעהמען זיך ביי איהם די האלבע טענער. מאני לייב איז א וויזיאנער. ער זעהט אלע מאל זאכען ניט בלויז מיט'ן נאקעטען אויסערליכען אויג, נאר מיט'ן אינדיווידועלען אינערליכען אויג. אט דאס נאר וואס דערמאנטע ליעד. דאכט זיך וואס? א ווינטער בילד, ער מאהלט גאסען און שניי. שליטענס און מענשען — דאך פיהלט מען ביי איהם אלעמאל די ווייטקייט פון טרוים...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מאני לייב איז דער דיכטער פון די צארטסטע שטימונגען. אמת, זיינע ליעדער זיינען ניט קלאהר. אבער דאס איז אפשר א מעלה. ווייל קלאהרקייט צושטערט דאס פאנטאסטישע; סימבא־לישע אנרעגונג — שאפט. קלאהרקייט איז אינטעלעקטואליטעט — מאני לייב איז דער געפיהל אליין. ביי איהם קומט אלץ ארויס אומ־געריכט, אונבעוואוסט, נאר ווי יעדער קינסטלער האט ער אויך אז אינסטינקטיווען פערבארגענעם בעוואוסטזיין...

מאני לייב איז דער דיכטער פון ניואנסען. פון אזעלכע טיע־פע צארטע געפיהלען וואס מוזען בלייבען אייביגע סודות... דערפאר זאגט ער קיינמאל ניט ארויס אין גאנצען, נאר ער הויכט אן.

מאני לייב איז ניט קאפריזנע, ער איז דער קאפריז אליין: דוכטען דוכט זיך: א ווילענלאזער — דאך ווערט ער געפיהרט פון אן אונבעוואוסטען ווילען...

מאני לייב איז דער עכטסטער פּאעט צווישען אונזערע נייע דיכטער. — ניט אין דער ברייט, נאר אין זיין אייגענארטיגקייט. אין איהם ענטפּלעקט זיך דאס בעהאלטענע. עס זינגט פון איהם ארויס אזא אינדיווידועלער חן, וואס איז אונפערגלייכבאר. מען דערקענט, אז ס'איז ניט געמאכט. דאס קען מען ניט מאכען. אזוי ווערט מען געבוירען. ער האט אין זיך א מעלאדיע וואס מען קען ניט ארויסברענגען מיט'ן אויסשטעלען זילבען אין א געוויסער ארד־נונג. און די מעלאדיע זינגט זיך ביי איהם אזוי נאטירליך ווי דער ווינד:

„איך האב מיין מאמעס שווארצע האר און גרינע אויגען,
מיין טאטענס לאנגע, בלייכע, דארע הענד:
און אין מיין יעדען אדער זינגט און ברענט".

ס'איז ריכטיג. און אויסער זיין אינערליכע מעלאדיע האט מאני לייב אויך אריינגעבראכט נייע קאלירען אין דער אידישער פּאעזיע. ביז איהם האט מען ניט געזעהן אזוי פיעל בלויקייט, אזוי פיעל פאנטאסטישען נעבעל און אזוי פיעל מיסטעריום. ער מאהלט ניט מיט קיין אויל קאלירען, נאר מיט שווארץ און בלוי. אין זיינע פערנעבעלטע פארבען איז ער עהנליך צו דעם מאהלער וויסטלער און אין זיינע שטילע ציטעריגע טענער — צו שאפּענס'ס נאקטורען. זיין געזיכט און זיין גאנצע געשטאלט איז עהנליך צו שאפּענ'ען.

אט וויפיעל איינגעהאלטענער ציטער איז אין דעם סטראף?

„שטילער! שטילער! רעדט ניט הויך!
שטעהט געבויגען שווארץ און בלייך.
איינגעבויגענע אין פּיין,
שווייגט און האלט דעם אטעם איין."

און ווי שעהן ער פערנעבעלט אלעס, פער'חלום'ט אלעס. די ליכט פייערען אין דער גאס פון די פענסטער ווערען ביי איהם

„פער'חלומ'טע שריפות". די הויכע מויערען ווערען ביי איהם „גרויע געביידענגעשפענסטער".

„זי איז ביי דעם פענסטער א בלאסע געשטאַנען,
אַ בלאסע, א שטילע, מיט פלאמיגע אויגען,
געקוקט האָט זי ווייט וואו די נאכט האָט פערצווינגען
די ראשיגע שטאָדט אין טומאַנען,
אין רויט־גרויע שלייערס־טומאַנען,
וואו עפּעס א מחנה צושטרויטע מכשפות
און ריעזיגע גרויע געביידענגעשפענסטער
האָט כשופ'דיג לאַנגזאם אין שטאַקבלינדע פענסטער
געצונדען ברילאַנטענע שריפות...
געצונדען פער'חלומ'טע שריפות — ".

מאני לייב איז איינער פון די ערשטע וואס האָט זיך ביי אונז פערטיעפט אין זיין אייגענעם איך. מאני לייב האָט זיך אין גאַנצען בעפרייט פון באמבאסטיק, פון אלע פראליטאריש נאציאָנאלע טרא־דיציעס. ער איז ריין אינדיווידועל אין זיין דיכטונג. פיעלע יונגע דיכטער האָבען איהם פּרובירט נאָכמאכען. ס'איז זיי אבער בלויז געלונגען נאָכצומאכען דאָס אויסערליכע. דער אינערליכער אמת פעהלט ביי זיי. די וואָס אימעטירען מאני לייב'ן, מיינען אז זיין סוד איז הויפטזעכליך אין טעכניק און דאָס קען מען לייכט נאָכמאכען. זיי האָבען אבער א טעות. ווייל עס איז דער סוד וואָס פעראייניגט טעכניק מיט אינהאלט צוזאמען, וואָס מאכט דעם דיכטער.

## 3.

מאני לייב איז דער דיכטער פון דער פערלוירענער נשמה אין דער גרויסער שטאָדט. ער איז דער אינדיווידועלער אויסדרוק פון דעם היינטיגען מענשען'ס געמיטה. ער איז דער דיכטער פון דער צארטער בענקענדער נשמה וואס פיהלט זיך געדריקט פון דער אייזען־קולטור מיט איהר ווילדען כאאס. ער איז דער מענש וואס קען זיך ניט צוגעוואוינען צו אונזער לויף־און־יאג־לעבען. דערפאר טראָגט ער אין זיך אזא „גרויסע בענקשאפט", אזא פערבאָרגענעם טרוים פון עפּעס א בעפרייאונג... און פיהלענדיג די בעגרענצט־קייט, דאָס צו קורץ קומען, דעם טראגישען עלענד פון לעבען, געהט ער ארום א פערטרוימטער, א פערבלאָנדזשעטער און עס טרייבט איהם אין די גאסען ווי א פערוואָגעלטען. און זיינען ניט אָט די שורות כאראקטעריסטיש פאר איהם?

„דער ווינטער אבענד געדויערט...
כ'וועל גאר אין גאס איצט געהן,
און אומגעהן אליין פערטרויערט
נאָך דיר מיין פריינד, אליין."

מאני לייב זינגט אלע מאָל פון אבענד און נאכט. ער האָט ליעב די נאכט. ער פיהלט איהרע בעהאלטענע שרעקען און סודות. די נאכט איז פאר איהם דער מיסטישער שלייער פון דער וועלט. ער האָט ליעב צו קוקען א פערטרוימטער אויף איהר שווארץ בלויען שלייער. דורך איהר זעהט ער די וועלט, זיין וועלט, מיט איהרע פערבאָרגענהייטען... די נאכט און דאָס לעבען איז ווי א ים אָהן א גרונד און אָהן ברעגען... מאני לייב האָט זעהר פיעל ליעדער פון אבענד און נאכט. און ס'איז כאראקטעריסטיש פאר מאני לייב'ן דעם שטאָדט־מענש צו טרוימען פון דער נאכט.

ווען מען לעבט אויף דער פרייער נאטור זעהט מען דעם ליכ־
טיגען טאג ווי ער צולייגט זיך אויף די ברייטע ווייטע פעלדער,
אבער אין דער גרויסער שטאדט וואו די הויכע פאבריקען־מויערען
לייגען אויס לאנגע שאטענס אין די גאסען, און די באהנען פער־
שטעלען דעם הימעל, געהט דער טאג אוועק ווי א דונקעלער שאטען.
עס בלייבט בלויז דער אבענד און די נאכט:

„טויבענשטילע, בלויע אבענדשטונדען!
שפרייט מיין אבענד שטילען טרוים צושפרייטער!
איצטער גליהען גלוטיגער און רויטער
מיינע רויטע רויזען — מיינע וואונדען!

איצטער שטארבט דער לעצטער גאסנפילדער;
טריט און ווערטער הילכען שטילער, ווייכער,
אויגען בענקענדע נאך אויגען פלאמען בלייכער,
הענד און הענד גדריקטע רעדען עפעס מילדער.

איצטער ווערט מיין בענקשאפט גאלד געצונדען,
הייסער איז מיין בלוט, מיין אויג קוקט ברייטער!
איצטער, איצטער ברענען רויטער, רויטער
מיינע רויטע רויזען — מיינע וואונדען!"

דער אימפעט פון די מאשינען אין דער גרויסער שטאדט ביי
טאג, שטערט דעם דיכטער צו שפינען זיינע פאנטאזיען. ערשט די
נאכט ברענגט איהם געמיטה און רוה. דאמאלס קען ער אויסשפריי־
טען זיינע טרוימען אין דער שטילער איינזאמקייט. אויך איז די
נאכט געהיימניספולער, מיסטישער, און איהר געפינט טאקע ניט ביי
מאני לייב'ן קיין הימעל מיט זוניגע שטראהלען, נאר די נאכט
מיט איהרע בלויע נעבלען. מאני לייב בעהאלט זיך פון טאג.
נאר ביי א דיכטער פון נאכט־וויזיאנען קענט איהר געפינען אזעלכע
שורות:

„כ'האב אין מיטען טאג א פארהאנג אויף מיין פענסטער
אויפגעהאנגען. פון דער זון און פון די מענשען האב איך פעסט
מיין טיר פערמאכט. און א בלייכער אין דער פינסטער בין איך
לאנג ארומגענאנגען, און די קאלטע הענד געריבען, און צו זיך
אליין געלאכט".

אדער ער זאָגט ערגעץ אין אַ ליעד:

„די נאכט האָט מיין תפיסה פערמאכט
אויף שלעסער מיין טיר צוגעשלאָסען".

און ווי שווער עס ווערט די פערקלעמטע נאכט איינזאמקייט:

„די שטאָדט שלאָפט איצט געהילט אין נעבעל און אין רוה.
מיט איהרע הימעל־הויכע מויערען געשפענסטער.
קיין פייער און קיין שטויב, קיין שאָרף ניט צו דערהערען.
דו געניצט פויל און מיעד געהסטו צוריק אין בעט,
דו דעקסט זיך איין, דו ליגסט און טראכסט: שוין שפעט!
און טראכסט:—וואָלט כאָטש אין גאס א פייער איצט ווערען"

די לאַנגווייליגע צו פערטרייבען. און אום די אונרוה און די פיינליכע איינזאמקייט צו ערלייכטערען, שעפּטשעט ער א תפלה צו דער נאכט:

„מיין נאכט שפּרייט אוים פאר מיר דיין שווארצען שוים!
ענטבלויז פאר מיר דיין גיפטיג־קאלטע ברוסט! —
און ווי א קינד פארזויגט, פארוויגט, פארקושט,
זויג אן מיך מיט דיין סם, פארוויג, קוש אוים,
דאָס ליכט, מיין ליכט וואָס שטאַרבט ביי דיר אין שוים".

און אָט שליעסט ער פון בענקשאַפט א בונד מיט שמערצלי־כע איראָניע, א געפאנגענע און זיך פערצעהרענדע נשמה לעשט דעם איינענעם פייער מיט טרערען־געלעכטער:

„דער טאָג האָט געזעגענט זיך טרויעריג, צארט
און טרויעריג שטיל — כ'האָב געלאכט —
א קראנקער פון טאָג — כ'האָב געלאכט, כ'האָב געווארט
מיט ווילד בייזע פרייד אויף דער נאכט.

די נאכט איז געקומען... מיין לאָמפּ האָט געברענט —
מיין הארץ האָט געברענט אין דער נאכט;
געווארט האָב איך... שמערצליך פערבראָכען די הענד,
געווארט האָב איך לאנג... כ'האָב געלאכט...

סענטימענטאל. אבער די שעהנסטע סענטעמענטאליטעט אין דער אידישער ליטעראטור.

## 4.

מאני לייב איז דער ערשטער דיכטער ביי אונז וואָס קען מאָהלען די גרויסע שטאָדט. ער זעהט מיט די אויגען פון א שטאָדט־מענש. ווען ער קוקט אויף דער לבנה זעהט ער איהר „פון הינטער א ב ר ע ג פון א ד א ך לייכטען פ ע ר נ ע ב ע ל ט און שוואַך." אָדער:

„דאָרטען ווייט האָבען שילדען מיט גאָלדהעלען שיין
זיך געריסען אין נאַכטיגען הימעל אריין;"

דאָס גאַנצע ליעד „עוועניו בי" איז א זעלטענע צייכנונג פון דעם גרויס־שטאָדטישען לעבען.

אָט בויט ער א שטאָדט אין דער פינסטער:

„מויערען פינסטערע, שטיינערנע, הויכע
קריכען אין פינסטערען הימעל אריין.
אבענד און נעבעל. עלעקטרישער שיין.
אויגען געצונדענע. פּנים'ער בלייכע".

ווי אמת'דיג ער גיט איבער די שטאָדט מיט איהרע נערוועזע בעוואוינער.

און אָט איז די זעלבע שטאָדט בעגינען:

„אין די מויערען די מענשען ווערען וואַך,
און קליינע פייערלאַך אין די פענסטער פינקלען שוואַך,
און אויף די מויערען צוציהט זיך ווי א שטריק
א לאַנגער הייזעריגער פייף פון א פאַבריק".

א שאַרפער זעהער. און ווי גוט ער קען איבערגעבען וואָס ער זעהט. די „קליינע פייערלאַך אין די פענסטער פינקלען שוואַך".

דאס ליכט פון דער זון פערדונקעלט זיי. און אויף דער פערגלייך אז דער פייף צוהיצט זיך ווי א שטריק, מאכט דעם פייף ניט בלויז צו הערען נאר אויך זעהבאר. דאס גאנצע ליעד די גרויע נויט איז געשריבען מייסטעריש. די נויט ביי מאני לייב'ן שרייט ניט, קלאפט ניט אין טיר, ווי ביי ראזענפעלד'ן, נאר זי כאפט זיך אויף אין דער פריה די ערשטע און שפאנט מיט אן עמער קוילען אין איהר דארע האנד, און עס בלייבט א בילד אין זכרון.

און א שלום-אקארד צו זיינע שטאדט-ליעדער:

„אויבען טראמווייען און אונטען טראמווייען.
אטאמאבילען און פוהרען און פערד
מישען זיך אוים אויף דער שטיינערנער ערד,
מישען זיך, רודערען, פינקלען און שרייען".

ווי קען זיך נאך דערהאלטען אין דעם געמיש פון טראמווייען, אטאמאבילען און פערד, אזא צארטער דיכטער ווי מאני לייב?

מאני לייב'ס ליעדער אטהעמען מיט די נערוועזע שטימונג פון דעם גייסט פון אונזער צייט. מען זעהט אין זיי דעם בלאסען טרוימער מיט זיינע ציטעריגע הענד. ער מאכט אין זיי די שאטענס פון זאכען אלס די זאכען גופא און די זאכען פאר שאטענס, און ביידע זיינען געהיימניספול...

ער טרוימט ווייטע שטערען אין רוים און איהם שרעקט וואס די נאכט פערשטעלט זיי פון איהם...

„די ווינטער נאכט — די בלינדע נאכט —
זי טאנצט איהר יובעל טאנץ און לאכט..."

ער פיהלט דאס גליהען פון דער זעעל און אויך איהר קאלטען שמערץ... ער עפענט טהייל מאל זיינע אויגען צום טויט און מאכט זיי באלד צו א דערשראקענער...

„דער טויט איז אין מיין הויז אריינגעגאנגען,
— — — — — — — — — —
און ווי א שאטען גרינג איז ער פערשוואונדען,
צושפרייטענדיג אין הויז א ווייסע קעלט..."

זיין הארץ ציהט צו א געטרויטמטער שעהנקייט, וואס די אויגען האבען נאך קיינמאל ניט געזעהן און די נשמה בענקט... ער איז פערליעבט אין דונקעלע הימלען און פון דער ליעבע ווערען זיינע טרוימען...

טהייל ליעדער זיינע זיינען פריש ווי די בוימער זומער נאך א רעגען און טהייל זיינען ווי א פערוואלקענטער הימעל ביינאכט, ווען מען זעהט ניט די לבנה.

אנדערע זיינען ווי די גליה ווערעם. אט גיבען זיי א בליסטש און פערשווינדען באלד אין דער דונקעלהייט...

מערקווירדיג. עס געהען ארום לעגענדען, אז פרויען זיינען פערליעבט אין מאני לייב'ן, דאך געפינט מען קיין איינמאל ניט דערמאנט אין זיינע ליעדער דאס ווארט „ג ע ל י ע ב ט ע". כאטש די מעהרסטע שטימונגס-ליעדער זיינען ביי איהם ליעבעליעדער.

אבער אויסער אינטימע שטימונגס-ליעדער האט מאני לייב אויך מעשה-ליעדער. און וועלכע ווי אלע מאני לייב'ס האבען א מאני לייביש'ען חן.

מאני לייב איז זעהר פערזענליך אין זיין דיכטונג. ער קען אפשר דורך זיין צו ענגער אינטימיטעט ניט דערגרייכען צו א סך צוהערער, אבער דערפאר איז ער דער פאעט פאר פאעטען.

## 5.

פונקט ווי אין זיין דיכטונג אזוי איז מאני לייב אין זיין פערזענליכען לעבען. פאנטאסטיש, געבעלדיג, אונבעשטימט, ווייך, כמעט ליעבליך. ער האט אימער מיט אייך וואס צו רעדען. איהר פיהלט כמעט שטענדיג זיין נאהענטקייט. איהר מוזט מיט איהם ווערען אינטים. ער איז צו אייך אויך אזוי. אימער אפענהערציג און הילפלאז ווי א קינד.

אז מען געהט מיט מאני לייב'ן אין גאס פערגעסט מען זיך, אז ס'איז דא אין דער וועלט נאך עפעס אויסער פאעזיע. ער שטעקט אייך אן מיט זיין טרוימערישקייט.

גאכ'ן ארומדרעהען זיך אין די לאנגע ווינטער אבענדען אין די גאסען און אין די קאפען איז איהם שווער צו געהן א היים.

איינמאל אין אן אבענד זאגט ער צו מיר:

„איהר בעגלייט מיך? אז ניט געה איך ניט א היים די גאנצע נאכט. עס גלוסט זיך מיר אזוי אויך ניט אהיים צו געהן... אין דער היים איז אזוי קאלט... עך — ".

מיר זיינען ביידע ארויס אויף דער קאלטער גאס און גענומען שפאנען שנעל וועלענדיג אנטלויפען פון פראסט. מאני לייב שטעלט אויף דעם קאלנער, ציהט אריין דעם קאפ צווישען די אקסלען און געהט און שווייגט. און מיר טראכט זיך ניט וועלענדיג וואס האבען מיר דא אין דער גרויסער שטאדט? אזוי פיעל מענשען האבען זיך דא צונויפגעדריקט אין ענגשאפט. מען איז געקומען מיט דער אילוזיע צו געפינען נאהענטקייט, פריינדליכקייט, אבער יעדער איז דא פאר זיך עלענד און פערלוירען אזוי ווי איבעראל... און געהענדיג אזוי זאג איך: מאני לייב, פיהלט איהר זיך ניט, אז יעדער פון אונז איז דא צופעליג פערווארפען און פערלוירען און איהר צווישען אונז?

— ניין, ניט יעדער. ס'איז געווען א צייט ווען איך האב

זיך געפיהלט עלענד און פערלוירען. מיר איז ניט געווען גוט צו לעבען, האָב איך אבער איינגעזעהן, אַז איך מוז זיך אליין בעשי־צען, אז ניט וועל איך אונטערגעהן. און אויסגעלאָשען ווערען ווילט זיך ניט. האָב איך זיך אָנגעטהאָן א כח און גענומען זיך בעהעפטען מיט'ן לעבען. מען דארף זיך ניט אונטערגעבען אפילו אונטער די ערגסטע אומגעבונג. מען דארף געהן נעהענטער צום לעבען און זיך פריי בעוועגען. ווייל פרייע בעוועגונג איז לעבען. אויב עמיץ שטערט מיר רייס איך זיך דורך, אז ניט פערשטארב איך. א מענש דארף זיין פריי צו זיין טעטיג לויט זיין אייגענעם ווילען".

—יא, דאָס איז גאַנץ גוט אז מען לאָזט אייך, זאָג איך. ווי איז אבער? —

„אז מען לאָזט מיך ניט דורכרייסען צו מיין פרייהייט מיט מיינע הענד, טהו איך דאָס מיט מיין תפלה. און איך פיהל אז איך ווער אויסגעלייזט. וואָס איז א תפלה? צו וועמען בעטען מיר? צו גאָט? צום לעבען? ניין, צו זיך אליין. צו דעם אונבעוואוסטען... מיר פיהלען אז מיר זיינען אלע אזוי שוואך. עפּעס הענגט איבער אונזער לעבען און מיר ווייסען ניט וואָס — מיר קוקען אויף אלעם און פערשטעהן ניט וואָס מיר זעהען... יא, מיר פיהלען דאָס אונבע־וואוסטע... מיר פרעגען וואָס איז דאָס אלעס? קיינער קען ניט ענטפערען — קיינער ווייס ניט. בלייבען מיר עלענד. ווילט זיך תפלה טהאָן. מיר מוזען בעטען... שעפּטשען אזוי צו זיך אליין... דאָס הייסט אמת'דיג תפלה טהאָן. נישט דער וואָס שרייבט ליעדער איז א פּאָעט, נאָר דער וואָס טהוט תפלה אין ליעדער... דער דיכ־טער איז דער, וואָס טהוט תפלה פאר זיך און פאר אלע מענשען...

מיר זיינען צוגעקומען צו ברוקלין בריק. מיר האָבען זיך גע־זעגענט. איך האָב איהם אָנגעקוקט און געזעהן אז ער געהט אהיים אן אומעטיגער, א פערלאָזענער. מיר איז געקומען אויפ'ן זינען זיין ליעד:

אייערע שמייכלען און אייערע רייד
זיינען פאר מיר ניט ניי,
אייערע שמייכלען און אייערע רייד
מאכען מיך טעמפּ און מיעד.

עך, איך האב קינדער ביי זיך אין דער היים
שמייכלען און רעדען זיי!
עך, איך האב קינדער ביי זיך אין דער היים
קען איך ניט געהן אהיים"...

פון דערוויילטענס האב איך ווידער געזעהן זיין הויכע שלאנקע געשטאלט. איינגעבויגען. ער האט אויסגעזעהן ווי ער וואלט עפעס געזוכט, ניט אויף דער ערד, נאר אין זיך...

---

די מענשען, וואס געהען דא אין גאס, האב איך געטראכט, ווייסען ניט, אז צווישען זיי בלאנדזשעט אום דער טרוים... און ער הייסט — מאני לייב...

"I could be bounded in a nut-shell,
and count myself a king of infinite space"
SHAKESPEARE.

## 1.

אז איהר זעהט דאס ערשטע מאל ראלניק'ן, קענט איהר אויף איהם ניט דערקענען קיין בעזונדערעס.

נאר אז איהר קוקט זיך מעהר צו צו איהם, ווערט דער מענש אייך קשה.

ערשטענס זיין עניוות, ער זיצט שטענדיג א שטילער, א צו־ריקגעצויגענער מיט זיין שטעקען אין א ווינקעל.

צווייטענס, אז איהר נעהמט צו איהם רעדען, דערפיהלט איהר אז דא זיצט ניט פאר אייך גלאט א מענש, נאר איינער מיט א נשמה וואס איז גאנץ פערשיעדען פון אנדערע.

ראלניק'ס טבע איז שווייגען. נאר ער שווייגט אזוי הויך, אז איהר מוזט זיך מיט איהם פעראינטערעסירען, און ווען מען זעהט איהם זיצען א שווייגענדיגען אין זיין איינזאמען ווינקעל, קומט ניט ווילענדיג אויפ'ן געדאנק די פראגע:

וואס פערבארגט דער מענש אין זיך?

אז מען ווערט מיט ראלניק'ן נעהענטער בעקענט, און מען רעדט זיך מיט איהם פערנאנדער זעהט מען אז צו זאגען האט ער גאר א סך. אז מען קוקט אין זיינע ערענסטע אויגען, זעהט מען אז זיינע בליקען וואנדערען ניט אין ליידיגען רוים, נאר פון זיין ווינקעל זעהט ער אלץ, וואס קומט פאר ארום איהם, און אויב איהר ווילט וויסען וואס פאר א בעציהונג ער האט צו וועלט און מענשען, דארפט איהר בלויז א קוק טהון אויף זיינע צוגעשלאסענע ליפען וועט איהר זעהן אויף דער אויבערשטער ליפ בעהאלט זיך א דינער איראנישער שמייכעל...

ראלניק איז דער מענש, וואס קוקט ארוים אויף דער וועלט דורך א גלעזערנע שויב. ער זעהט אבער בעסער דורך דער שויב ווי אנדערע וואס געהען אום אין די גאסען און טאפען אלץ אן מיט די גראבע פינגער. ראלניק קוקט אויף אלעס פון דער

ווייטענס, ער האט אויך פיינט מען זאל קומען צו איהם צו נאהנט. פון ווייטען זעהט אלץ אויס אינטערעסאנטער, אפשר הייליגער.

אז ראלניק דערזעהט א פריינד אין גאס, גיט ער זיך שעהמעוודיג א נייג און געהט זיך ווייטער, מיט זיין שטעקען. זעלטען וועט ער אייך אבשטעלען. אז מען שטעלט איהם אב, האט ער פיינט צו פערפיהרען לאנגע געשפרעכען; ער ענטפערט אויף אלץ קורץ און שארף, ווי די ענטפערס וואס ער גיט אין זיינע לידער. נאר זיינע אויערען זיינען אימער אנגעשטרענגט צו הערען וואס אנדערע זאגען און ער האט ליעב פון צייט צו צייט אריינצוואווארפען א ווארט. ער איז קיינמאל ניט דער טומלער, דער ווארט־פיהרער, ער איז אימער דער צוקוקער פון דער זייט. דערפאר זעהט ער בעסער ווי אנדערע.

ראלניק'ן איז ניט לייכט צו מאכען בעקאנטשאפט אין א געזעלשאפט. אמעהרסטען פערברענגט ער מיט זיך אליין: אויב ער געהט שוין יא אמאל צווישען מענשען, געהט ער אימער מיט א צוגעקנעפעלטען ראק. און ער פיהלט זיך דארט קיינמאל ניט פריי. איהם איז שווער צו ווערען אינטים, ווי ער וואלט געציטערט זיך נאהענט צוצוריהרען צו מענשען. היימיש און פריי פיהלט ער זיך נאר ווען ער זיצט א פערקנעפעלטער אין זיין איינזאמען ווינקעל.

זעלטען צו טרעפען אזא נאבעלען מענשען, מיט אזוי פיעל איידעלקייט, און זיך בענעהמען צו מענשען מיט אזוינע פיינע מאניערען ווי ראלניק. ער קען קיין מענשען קיינמאל קיין הויך ווארט ניט זאגען. פאר דער היינטיגער וועלט איז ער שוין צו שטיל. אז מען קומט אריין צו איהם אין צימער הערשט אזא שטילקייט, גלייך עמיצער וואלט געזעסען שבעה. דארט איז דער קעניגרייך פון דער איינזאמקייט...

## 2

**אבער וואס איז אין תוך ראַלניק?**

דאס איז כמעט אונמעגליך צו זאגען, ראַלניק איז זעהר פער־שיעדענאַרטיג, דערפאר האט יעדער קריטיקער וועגען איהם אַ אנדער מיינונג. איינער דענקט, אַז ער איז דער פּאַעט פון פער־צווייפלונג, אַ אנדערער, אַז ער איז דער דיכטער פון די שטומע איינזאמע. און אזוי ווייטער. ס'האט אבער ניט קיין זין אריינצור־שפּארען אַ דיכטער, וואס איז אזוי פיעלזייטיג, אין אַ דעפיניציע פון צוויי דריי ווערטער. נאַר יענע קענען דאס טהאָן וואס נעהמען אַן אַז „זיינע ליעדער פליסען אין אַ שמאַלען שטראָם, און ווייסען ניט פון קיין פערצווייגונגען און פערפלאנטערונגען." ס'איז אבער ניט אמת ווי די קריטיקער מיינען. פערקעהרט, ראַלניק'ס ליע־דער צוגיסען זיך אין פיעלע טייכען, אזוי ברייט און ווייט, ווי אַן איינזאמען מענשענס געזאַנג און געפיהל.

ראַלניק איז אַ קאָמפּליצירטער דיכטער ניט קוקענדיג אויף זיין אויסערליכע איינפאכקייט פון פאָרם. ער איז רייך אין זיין פיהלען, פיעלאַרטיג אין זיינע טהעמען: ער זינגט וועגען דאָרף און שטאָדט, וועגען לעבען און טויט, וועגען ליעבע און ענטוישונג, וועגען צוויי־פעל און גלויבען; כמעט וועגען אַלעס וואס ריהרט אַן דעם מאָדער־נעם מענשענס נשמה, און ניט קוקענדיג אויף דעם בלייבט נאָך ביי איהם פיעל ניט דערזאָגט:

„צו זאָגען האב איך דיר נאָר פיעל,
דאָך וועל איך גאָר נישט ריידען;
און ווי אַ חתן־בחור'ל
זיך האַלטען פרום בעשיידען."

אַט די אייגענשאַפט, זיך צו האַלטן פרום און בעשיידן, איז ניט בלויז אין זיין בעציהונג צו דער ליעבע, — און ליעבע איז פרום און בעשיידן — נאָר די בעשיידנהייט איז דער גרונד פון זיין כאַראַקטער. זי האָט צוגעגעבן דעם קאָליר צו זיין גאַנץ לעבן. ווי דער קאָליר פון אַ בוים אין מיטן ווינטער... ביי ראַלניק'ן פעהלט טאַקע דער זומער אין לעבן. זיין לעבן איז מעהרסטענס געווען אַ ווינטערדיגער.

אין דעם געיעג פון לעבן ווערט דער שטילער מענש פערזעהן און פערשוויגען. בלויז די וואָס שרייען ווערען געהערט. דער איידעלער בעשיידענער מענש בלייבט פעראיינזאַמט, פערקלעמט אין זיך. דערפאַר זעהט די וועלט פאַר איהם אויס אַ תפיסה:

„געפאַנגענע זיינען מיר אַלע
און זיצען אין איינצעלנע צעלען;
מיר קענען ניט אונזערע שכנים —
די אייביגע ווענד זיי פערשטעלען".

עס זיינען דאָ אייביגע ווענד, וואָס פערשטעלען איין מענש פון צווייטען. און ראַלניק, דער ציטעריגער, איידעלער מענש האָט זיך אָן זיי אָנגעשלאָגען.

אָבער עס קען שוין ניט זיין היימליך אין דער וועלט אַ מענשען, וואָס פיהלט אַזוי דאָס לעבן. ער פיהלט זיך פערשטויסען און קוקט שוין אויף אַלץ מיט פעראומערטע אויגען. פון דעם נעהמט זיך דאָס ראַלניק'ס גרויקייט, קאַלטקייט. דערפאַר זיינען זיינע ליעדער פון „ארום מיהל" אַזעלכע מרה שחורה'דיגע, שנייפּראָסטיגע. באַלד אין אָנהויב דערצעהלט ער אונז אַז: „אין יענעם טאָג איז אין דער פריה די זון ניט אויפגעגאַנגען". און ענדיגט:
„געווען איז יעדע האַרץ פערקלעמט, און יעדער קאָפּ געבויגען".

אַזאַ פּאָעט, ווי ראַלניק, ווען ער וואָלט ניט געבוירען געוואָרען אין דער ליטאַ, וואָלט ער דאָרט געדאַרפט געבוירען ווערען. דאָרט זיינען פאַרהאַן אַ סך גרויע טעג, אָהן זונען־שיין:

„אונזער לאַנד איז גרוי און אָרעם;
אונזער הימעל — בלייך;"

און ערצויגען איז ער געווארען אין א הויז, וואס איז געשטא־נען אליין ווייט אויף א פעלד. און די פענסטער פונ׳ם הויז זיינען ווינטער געווען אזוי דיק פערקאוועט מיט שניי, אז ס׳האט דורך זיי ניט געקענט דורכקומען קיין איין שטראהל פון דער זון. זיינען אמאל דורכגעפאהרען מענשען, האט ער פון ווייטען ניט געקענט זעהן קיין געשטאלט, קיין פנים, נאר:

„אן איינציגער פלעק אויף דער ווייסקייט:
פאר וויארסטען ווייט פויזעט א פוהר״.

אט די קאלטע איינזאמקייט פון די יונגע יאהרען, האט ראל־ניק׳ן געגעבען דעם אומעדיגען טאן, וואס קלינגט דורך אין אלע זיינע ליעדער.

מיר אונטערשיידען ביי ראלניק׳ן דריי מדרגות. אין דער ערשטער מדרגה, ווען דער יונגער ראלניק זינגט ליעבע־ליעדער, קלינגט דער טאן פון אומעט ביי איהם מיידעליש, סענטימענטאל:

„וואו ביזטו? וואו ביזטו געוועזען?
צי האט דיר דיין הארץ ניט געזאגט,
אז הארט ביי דיין טיר אויף די טרעפען,
א הארץ וואלגערט אום זיך און קלאגט?״

אדער ער צוגיסט זיך אין אזא פאנטאזיע:

איך ווייס: א מיידעל איינע
וועט קומען מיך בעגלייטען,
און אויפ׳ן ארון לייגען
א קרענצעל בלייכע קווייטען״.

אין אן אנדער ליעד פון דעם סארט איז זיין פערלאנג מען זאל זיין קבר אויסגראבען „אויף א גרינעם פעלד וועט א בערגעלע דארט זיך אויפהויבען; וועט א קווייטעלע דארטען אויסשפראצען״.

וועט א מיידעל געהן
און איהר אויסרייסען; —
וועט מיין טויטע הארץ
דעמאלט טרויסטען זיך.״

עס איז איבעריג צו זאגען, אז אין די ליעדער איז ראָלניק אמ־שוואכסטען. ער קלאָגט זיך אין זיי אז זיין הארץ קען ניט רוהיג שלאָפען. ער וויינט אין זיי פאר וואָס ער וויינט, און זיינע טרעהרען מאכען נאָס זיין קישען ביינאכט. האָט אויף זיך אליין רחמנות.

די וויינענדיגע ליעדער פון די ערשטע צייטען זיינען זעהר עהנליך צו די מיידעלשע ווייכע ליעדער פון אנדערע פּאָעטען, וועל־כע האָבען געזונגען פאר איהם און נאָך איהם. נאָר זיי האָבען די מעלה געגען די ליעדער פון אנדערע אידישע דיכטער, וואָס דער ליעבע־טאָן ווערט ניט געשטערט פון זייטיגע עלעמענטען. ראָלניק'ס ליעבע־ליעדער זיינען ניט דורכגעווארפען מיט וויצען, חכמה'לאך; זיי זיינען אויפריכטיגע, הארציגע ליעדער. אָהן הינטערגעדאנקען און ביליגע אויסרעכענונגען — אויף עפעקט.

פערגלייכט מען אָבער די ליעדער מיט די אנדערע וואָס ער האָט געשריבען אין די שפּעטערע צייטען, זעהט מען אז אין זיי פעהלט נאָך דער אמת'ער ראָלניק. אין זיי איז ער נאָך ניט דער־גאנגען צו זיך. אין יענע ערשטע ליעדער הערט זיך נאָך דער עכא פון אנדערע פּאָעטען.

אז מען לייענט די ווייך וויינענדיגע ליעדער, גלויבט זיך ניט אז דאָס זיינען דעם זעלבען ראָלניק'ס, וואָס קען זיך אזוי שטארק שטעלען געגען דער וועלט, וואָס טראָגט אין זיך אזא פערביסענע קנאה; וואָס קען „זיך מיט האס פערבויען" געגען „שמייכלעריי און ליעבליכקייטען".

אין זיין סענטימענטאליזם איז ער נאָך גאָר א קליינער בעל־מקנא. הערט:

„מיין פערלאנג און מיין בעגעהר
איז לויטער קלייניגקייטען:
ווען א וואָרט, און ווען א בליק,
א שמייכעל פון דער ווייטען."

טאַקע ניט מעהר? שפּעטער דערוויסען מיר זיך, אז דאָס האָט ער נאָר געוואָלט אונז, און אפשר אויך זיך אזוי איינרעדען. אבער דער אמת'ער ראָלניק איז שוין גאָר א גרויסער בעל קנאה. ער וויל שוין גאָר א סך. נאָר ער האָט צו קורצע הענד צו נעהמען וואָס ער וויל. דערפאר ווערט ער אזוי פערביסען אויפ'ן לעבען. און דאָרט

וואו ראַלניק ווייזט ארויס זיין שטאַלצען כעס, זעהט מען זיין פערזענליכקייט. ער קלאַגט זיך מעהר ניט אויף זיין בייז מזל, ווי רייזען, אז זיין געליעבטע וויל צו איהם ניט קומען. נאַר מען הערט שוין זיין אייגענעם ראַלניק'ישען טאָן אין דעם בייזערען זיך אויף די געליעבטע וואָס האָט איהם אבגענאַרט:

„כ'בין אריין און פערשלאָסען די טיר:
זאָלסט ניט וואַגען זיך ווייזען פאַר מיר!..."

אָט דאָס איז ראַלניק'ס שטימונג! ער וויינט מעהר ניט, נאַר ער טראַגט אויס זיינע ליידען שטילערהייד. אזוי ווי ער דערצעהלט דאָס אין דעם ליעד:

„דו ביזט אין בעט געלעגען,
געלעגען און געוויינט:
אז דו ביזט קראַנק געוואָרען —
האָט יעדערער געמיינט.

נאַר איך בין אויף און אמת
פון ליעבע קראַנק צום טויט:
דאָך וויין איך ניט און קלאָג ניט —
איך געה אויס שטילערהייד".

דאָס איז שוין ניט קלאָגען, נאַר רעזיגנאַציע. נאָך א שפּעטערער מאָמענט אין ראַלניק'ס שטימונג.

אום צו רעזיגנירען דאַרף מען האָבען שטאַרקען ווילען, דעם כח פון א פערזענליכקייט. מען דאַרף ניט בלויז האָבען דורכגעגאַנגען די אכט אבטיילונגען פון גהינום, נאַר מען דאַרף אויך האָבען דעם כח אויפצועפענען א נייע טיר... צו א נייער אבטיילונג פון גהינום, און זיין גרייט צו יעדער צייט דאָרט אריינצוגעהן. —

מען דאַרף אבער ניט מיינען, אז דער וואָס קען דאָס, קען זיך בענוגענען מיט „יאָ—יאָ—ניט—ניט" געפיהלען, וועלכע זיינען אזוי לייכט צו בעזיגען. אָט ווי אינטענסיוו ס'איז ביי ראַלניק'ן דער געפיהל פון ליעבע:

„מיין ניט, איך וועל דיך פערגעסען,
מיין ניט דו האָסט מיך פערטריבען;
איך וועל דיך אי האסען, אי שילטען, —
און קיינמל ניט אויפהערען ליעבען“.

שטארק געגוג, אבער ניט נאָר אין דער ליעבע ווייזט ראַלניק ארויס זיין דיכטערישע גבורה.

איהר דערקענט ערשט ריכטיג ראַלניק’ס טעמפּעראַמענט אין די ליעדער, וואו ער איז מקנא די געלאַדענע צום רייכען טיש; וואו ער רעדט אין נאָמען פון אַלע פערשטויסענע, בעליידיגטע, פ ע ר ז ע ה ע נ ע. ער זעהט אַנדערע זאַפּען זיך אַן מיט וואויל־טאג און פרייד, נאָר ער:

„און וואו נאָר איך געה איז א שמחה, א פרייד,
און וואו נאָר איך טרעט — א חתונה־קלייד,
און וואו נאָר אַן אויג איך בעגעגען — עס שטראַהלט; —
מיין אייגענער בליק נאָר איז טרויעריג און קאַלט“.

אַט דעם קאָנטראַסט צווישען זיך און אַנדערע זעהט ער אי־בעראַל. יענע יאַ, און ער ניט, עגבערט איהם. אַנדערע עסען, טרינ־קען, שטיפען און לאַכען, נאָר איהם ליגען שטיינער אויף’ן האַר־צען. ער קען זיך קיין אָרט ניט געפינען. אַלע האָבען זיך ניצליך געמאַכט. אַלע האָבען זיך צוגעפּאַסט. נאָר ער איז אימער דער ניט צוגעפּאַסטער, דער ארויסגעשטויסענער...

„וועל איך ליידען, וועל איך שווייגען,—העלפט דען דער געשריי?
ווען אָרט עס, ווען ריהרט עס, אַז עס פוילט א שטרוי?“

דאָס וואָס קיינער טהיילט ניט זיינע ליידען, פערשטאַרקט נאָך מעהר זיין פערביטערונג. מענשען זיינען אזוי פערנומען מיט זיך, אַז זיי האָבען ניט קיין חוש פאַר’ן צווייטען. און וואָס מעהר א מענש ליידט אַלץ מעהר פיהלט מען זיך צודערווייטערען פון איהם... דערפון קומט א טאָפּעלטער פערדרוס. ערשטענס, דער פערדרוס געגען מזל: פאַר וואָס זאָל איך זיין פעראורטיילט צו ליידען, בעת אַנדערע האַלטען אין איין נאַשען פון לעבען? צוויי־

טענס, פאר וואָס זאָלען מענשען זיין אזוי קאלט און ווייט פון דעם וואָס ליידט? און פון פערדרוס ווערט געבוירען די קנאה. און פון קנאה כעס און קריעג. ער איז צוקריעגט מיט דער וועלט. ער מיידט אוים דעם „שליאך דעם טומלער“, און געהט מיט „אָן אבגעלעגטען וועג“. זאָלען אנדערע רייטען „אויף הויכע קליאטשעס“.

עס טהוט דאָך אבער וועה, און אלס אן אברות און ערלייכטערונג קומט דער סארקאזם:

„פאר אייך די גרוימינע חדרים,
מיט טישען, בעטען, רייך געגרייט;
פאר מיר א לעבען לייטס־געלעכטער,
פאר מיר א הינטער־פארקען טויט“.

אבער דער סארקאזם שוואכט ניט אָב דעם קנאה־געפיהל. פערקעהרט, די קנאה ווערט ביי איהם וואָס אמאָל שטארקער. זי ווערט זיין געטראנק. ער פער'שכור'ט זיך מיט איהר ווי מיט א זיסען גיפט... ער זאָגט אז ער דארף ניט טרינקען קיין טהיי אָדער נעהמען אפיום אום דעם שלאָף צו פערטרייבען:

„מיט מיר וועט וואך די גאנצע נאכט
די הייסע קנאה בלייבען;
דער טויזענד־שפיזעדיגער האָס
וועט מיר דעם שלאָף פערטרייבען“.

דאָ זעהט מען, אז ראָלניק דעקלאמירט ניט זיינע אָדער עמיצענס ליידען. אלעס וואָס ער האָט געשריבען, האָט ער טיעף דורכגעליטען, ווי א מענש מיט אן אייגענע לעבענס־עמפינדונג. ראָלניק האָט געלעבט זיין ליעד. נישטאָ ביי איהם קיין אנשטעלען. ער לאָזט זיך ניט פערפיהרען פון שעהנעם גראם. אָדער פון דער שעהנער פראזע. ער איז דער אויפריכטיגסטער פאָעט אין דער אידישער פאָעזיע. כמעט יעדעם ליעד קומט ביי איהם פון אן אינטענסיווען געפיהל.

אז עפעס אויסערגעוועהנליכעס האָט מיט דעם מענשען פאָסירט, פיהלט מען כמעט אין יעדער שורה וואָס מען לייענט ביי

איהם. נישטאָ ביי ראַלניק'ן קיינע געמאַכטע פּרעטענזיעס צו דער וועלט. ער האָט אויף אַן אמת'ן דערפילט דאָס בייזע אין לעבען און עס איבערגעגעבען אין זיין ליעד. דאָס לעבען איז געווען פאַלש צו איהם. איהם ניט צוגעטיילט זיין חלק. גלייך ער וואָלט אין איהר לכתחילה געבוירען געוואָרען א פרעמדער. און איהם קומט ניט.

ראַלניק האָט זיך פערביסען אויף דער וועלט. די גרויסע, די רייכע וועלט, וואָס האָט אַזוי פיעל אוצרות און גיט דעם „בלייכען שווייגער" גאָר נישט:

„איהר האָט ביכלאַך אין די בענק און קליין געלד אין די
טאַשען,
אַ ווייב און קינד אין הויז, בעקאַנטע אין די גאַסען;
— — — — — — — — — — — — — — — — —
„און איך... ווער האָט דאָס ליעד אין האַרץ אַריינגעגעבען,
און האָט געזאָגט: מיט איהר און פאַר איהר זאָלסטו לעבען?"

דאָס ליעד, איהר זעהט, איז אַ טייל פון זיין גורל. אין די „נישט געבונדענע פערזען" מאַכט ער פון זיין ליעד גופא אַ וואָפען געגען דער פערהאַסטער, קאַרגער וועלט. ער שליידערט זיין ליעד געגען די דומע, קליינליכע טומעלנישען פון לעבען, וואָס לאָזט ניט קיין פּלאַץ פאַר שעהנקייט, פאַר חלום...

„מיין ליעד, ווער דאַרף מיין ליעד, מיין בלוט פון האַרצען
האָבען?
אַ היים געבראָטענער סטייק וועט אייך פיעל בעסער לאָבען".

די וועלט, די קלוגע פּראַקטישע וועלט, איז צופיעל פערנומען מיט איהרע געשעפטען, מיט איהרע קריעגערייען, מיט איהרע וואָוילטאָגען, מיט איהרע ל י ג ע נ ס: צו וואָס דאַרף זי קונסט, פּאָעזיע?

אַזאַ קלוגע וועלט לעבט צופיעל מיט אייגענע אינטערעסען זי זאָל געבען דעם דיכטער וועלכע ס'איז אויפמערקזאַמקייט. דערפאַר בלייבט פערזאַכטענדע קנאה אפילו אין יענע ליעדער, וואָס זיינען ספּעציעל געווידמעט דעם דיכטער, און האָבען דוכט זיך צו דער וועלט קיין שייכות ניט.

אין זיין דיכטער־הימן, אין דער האפיז־סעריע, טראכט ער זיך אויס אומישנע געגנער, וועמען צו האסען און צו פערטשעפען. ער גיט דעם עצם פון זיין פילאזאפיע — רעזיגנאציע — ער שטעלט זיך העכער פון ליידענשאפטען, ווייב און וויין, און דאך די קנאה פערלאזט איהם ניט:

„א, האפיז וויים, אז וויין און ווייבער
פערמאגען ניט דעם מינדסטען ווערטה;
דאס שטעהט אין „בוך"; ער האט דאס זעלבע
פון אלטע, פרומע לייט געהערט..."

וואס פאר א שטילער בעהאלטענער סארקאזם!

„דאך ווערט נאכט איין, נאכט אויס, כסדר
אין איינזאמקייט זיין הארץ פערצעהרט:
און ס'רויבט דער קנאה'ס צינזען־מאהנער
פון זיינע טעג דעם לעצטען ווערטה".

אין דער גאנצער וועלט פאעזיע איז ניטא אזעלכע טיעף דורכגעלעבטע קנאה־ליעדער ווי ראלניק'ס. די קנאה איז ביי ראלניק'ן געווארען דער הויפט טאן אין זיין שפראך.

אזוי איז קנאה ניט קיין שעהנער געפיהל, ווען זי איז קליינליך פערזענליך. ראלניק האט אבער די קנאה דערהויבען צו א פילאזאפיע. זי איז געווארען זיין לעבענס־עמפינדונג. דורך איהר זעהט ער די וועלט. דורך איהר האט זיין רעוואלוציאנאריזם אנגענומען אין אינטימען כאראקטער. דאס איז זיין אריגינעלער אופן פון רעבעלירען. די קנאה איז ביי ראלניק'ן דער קלימאקס פון זיין פראטעסט געגען דער וועלט. און אפילו זיינע ליעבע־ליעדער זיינען קנאה ליעדער.

אין ראלניק'ן בונטעוועט זיך א הארץ וואס איז געשטראפט געווארען מיט צופיעל ליעבע און פיינקייט, און איז פערביטערט געווארען דערפאר ווייל מען האט עס מיסגעפיהלט...

ביי איהם איז ניט קיין קנאה פון האס, נאר קנאה אויס ליעבע — דורך ענטוישונג... א זעלען־זיגזאג.

דאָס האָט איהם אבער צופיעל איינגעשלאָסען אין זיך. איהם איזאָלירט פון לעבען. געמאכט איהם ענג־צענטריש. נישט געלאָזט פערווייטען זיין בליק. ער איז געוואָרען האלב טויב און בלינד צו דער וועלט. אויב ער האָט געוואונען אין דער טיעף — האָט ער אבער אָנגעוואוירען אין דער ברייט. ס'האָט איהם צונויפגעקאָר־טשעט. ער האָט זיך ניט געקענט אויסשפּרייטען...

אמת, די קנאה האָט איהם סטימולירט, געשטארקט, געגעבען פונדאמענט; אָנגעצונדען זיין טעמפּעראמענט און גערעגט זיין סאר־קאסטישע שארפקייט. זי האָט איהם אבער צופיעל פערפרעמדט פון מענשען, געמאכט איהם אנטי סאָציאַל. איהם ארייגעצויגען אין א צו ענגען ווינקעל, וואו ער קען בלויז הערען זיינע אייגענע טריט און זעהן זיין אייגענעם פּנים אין שפּיגעל...

איז איהם טאקע געוואָרען צו ענג, מיט דער קנאה אליין האָט ער ניט געקענט בלייבען. זיין ראנגלענדער איך האָט געמוזט געפי־נען אן אברוה. און ער האָט טאקע געפונען. ער איז צו עפּעס גע־קומען.

האבענדיג זיך צופעכט מיט דער וועלט און מיט זיך, איז ער ארויס דער זיעגער. דורך דעם קאמפּף איז ער דערגאנגען צו א העכערער מדרגה. צו דער שטילער רעזיגנאציע. צו דער אנערקענונג אז אין לעבען איז דאָ א מוז, אנדערש קען ניט זיין, מען מעג ווי שטארק וועלען... ער איז געקומען צו דער פולער איבערצייגונג אז ער און די וועלט וועלען זיך קיינמאָל ניט פערשטעהן: און ער האָט זיך בערוהיגט אויף דעם:

„וועלט דו שעהנע, וועלט דו וואוילע!
עס פערדריסט — מען מוז צוגעהן:
איך וועל קיינמאָל דיר געפעלען,
דו מיך קיינמאָל ניט פערשטעהן".

אבער אויסמיידען די וועלט אינגאנצען, זיין אליין איז שווער. מען מוז זיך שאפען אן אייגענע וועלט אין דער וועלט. און אפילו אין דער אייגענער וועלט ווערט פיעל מאל ענג. מען דערפיהלט די אייגענע גראטעס... פון זיך — און עס ווילט זיך ענטלויפען... אבער

אז ס'איז ניטא קיין וועג — וויל מען זיך אליין פערלייקענען, און מען זאגט:

פון קאפ די שכרות שלאג ארויס,
און רייב די אויגען ניכטער אויס;
פון הארצען טרייב ארויס דעם חלום,
און מאך מיט דיינע גראטעם שלום".

ראלניק האט אבער פון הארצען זיין חלום ניט ארויסגעטריבען. דאס איז בלויז געווען א רגע'דיגער פערלאנג אויס פערצווייפלונג. דער וואס האט א חלום קען איהם ניט פערטרייבען — נאר מיט די גראטעם שלום האט ער יא געמאכט. ווייל אנדערש האט ער נישט געקענט. אום צו לעבען האט ער זיך געמוזט בעשיצען... ער, דער נשמה'דיגער, ציטעריגער, פיין־נעשטימטער ווינקעלמענש.

ראלניק האט דערפאר אבגעשניטען מיט וועלט און מענשען. ער האט זיך אין גאנצען בעפרייט פון דער הפקר־גאס. ער האט זיך אין זיין איינזאמקייט פערמויערט. ער האט מעהר קיין געמיינשאפטליכעס מיט די שרייער:

„צווישען מיר און אייער האוועו
שטעהט א וואנד פון בליי;
אייער וויינען, אייער שרייען
געהען מיך פערביי".

אזוי פערהארטעוועו זיך געגען אלעם קען נאר איינער וואס האט פיעל געליטען פאר זיין פערזענליכקייט און געבליבען ער.

ראלניק איז געקומען צו זיין וועלט עמפינדונג: צו זיין פערהארטעוועט געגען אלעם אין לעבען.

ס'איז אבער דא א גרויסער אונטערשיעד צווישען דעם איצטיגען ראלניק, וואס האט זיך אליין איינגעשלאסען, און דעם אמאליגען „איינזאמען בחור" וואס האט געליטען דערפון וואס קיינער האט איהם ניט געהערט. איצט ארט איהם מעהר ניט וואס ער איז ניט געלאדען צו שמחות. איצט פיהלט ער אויף אן אמת'ן: „וואס געהען מיר חתונות פרעמדע דען אן?".

ער איז געקומען צום בעוואוסטזיין, אז ס'איז א העכערער וועג צו ערלייזונג — ליעב קריגען די אייגענע ליידען... „אליין איז די נשמה ריין". און אויב ס'איז שווער, די אומגעלומפערטע וועלט רייסט זיך דאך אריין, האט ער א מיטעל:

„איך וועל זיך מיט האס פערבויען —
הויכע וועגד און שטארקע טירען,
שמייכלעריי און ליעבליכקייטען
זאלען זיי פון ארט ניט ריהרען.

און א שילד מיט שווארצע ווערטער
וועל איך אויפהענגען אין דרויסען:
ווער עס וויל מיר גוטעס ברענגען,
דער זאל בלייבען דרויסען".

איצט צווייפעלט שוין ראלניק מעהר ניט צו זאל ער ווערען ווי די וועלט פערלאנגט צו זאל ער בלייבען ע ר.

ער וויל שוין מעהר זיין חלום ניט פערטרייבען. דאס ליעד „איז אין מיר און וועט מיט מיר, ווי וויין פערזיגעלטער פערבלייבען".

ראלניק האט צוזאמען מיט זיין „איך" אויך געפונען די שטי-לע רוה. ער קען שוין איצט דאס לעבען צו גוט. קיין זאך קען איהם שוין איצט מעהר איבערראשען, ענטוישען. ער איז שוין צוגע-וואוינט צו אלע לעבענס-זיג-זאגען:

„איך געה שוין לאנג ארום אין לאנד:
דער וועג איז שוין מיר צו בעקאנט;
איך וויים וואו ער איז ברייט, וואו שמאל;
נאך יעדען בארג קומט באלד א טהאל".

אויב דאס לעבען איז א שטענדיגעס פאלען און שטייגען, און „מיט יעדער רויז געהט מיט א דערנער-וואך", איז דאך דעם מענ-שענ'ס מזל אונפערמיידליך. אלץ וועט סיי ווי געשעהן, אזוי ווי עס מוז געשעהן. טא צו וואס שרייען? ס'איז דען דא צו וועמען?

ראלניק האט טאקע אין דער לעצטער מדרגה זיך אויפגע-הערט כעס'ן. ער שעפטשעט בעסער א תפלה צו גאט — צו זיך אליין...

ראַלניק האָט זיך אָן אייגענע רעליגיאָן געשאַפֿן. אָן אייגענעם גאָט זיך אויסגעפֿאַנטאַזירט און זינגט צו איהם זיינע תּפלות. ער זינגט צו איהם אַ לויב, ווייל ער איז געוואָרען אויסגעלייזט. און אַז מיר הערען זיין פּיעטעטישען געזאַנג פיהלען מיר אויף אַ טרייסט. און צוזאַמען מיט איהם פּיהלען מיר אַז צו ראַנגלען זיך מיט'ן ריעזיגען ים, דאָס לעבען, איז צו שווער. זאָגען מיר מיט זיינע ליפּען:

„שלאָגען זיך מיט ווינד און כוואַליעס, איז פאַר מיינע כחות ניט:
גיב איך גאָט אַ שבח — אין זיינע הענד בעהאַלט איך מיין
געמיטה".

און ער לאָזט דעם רודער: ס'אַרט איהם ניט. לאַנד צו אַבגרונד, — ערגעץ וועט עס איהם ברענגען דאָך...

ראַלניק האָט דערגרייכט די אינערליכע הייליגקייט. מען פיהלט אין זיינע פּערזענליך רעליגיעזע ליעדער אַן אמת'ע פּיעטעטישע שטימונג פון אַ געלייטערטע נשמה...

ער איז ניט געקומען צו דער אַלטעגליכער לעבענס וויזהייט. ראַלניק בעהאַלט זיך פון טאָג און זיין פּראַקטישען האַווען. ער איז אַוועק צו זיך, און אין דער איינזאַמקייט האָט ער זיך געשאַפֿען זיין אייגענע לעבענסוויזהייט. די חכמה פון דעם פילאָזאָף, פון דעם תּנא. און דער תּנא זאָגט אַז דעם מענשענס קאַמפּף איז בלויז אַן אויסגעטראַכטער טעות.

איז דען ווירקליך דאָ אַזאַ הייליגע זאַך פאַר וואָס עס זאָל זיך לוינען צו קעמפּפען?

יעדער קאַמפּף איז געבויט אויף אַ פערבלענדעניש. ראַלניק זאָגט: „דער גאַנצער קריעג — אַ חלום נאָר, אַ דורכגעלעבטער אין אַ פיבער", און אַז מען ווערט וואַך זעהט מען — „עס האָט גאָר ניט געלוינט צו שלאָגען זיך דעריבער..." ווייל „דער טאָג איז קורץ" און דאָס לעבען, „דער מדבר האָט קיין ברעג", קיין ציעל. בחנם דיין תּכלית זוכען:

„דיין הויז וועט צוטראָגען דער ווינד איידער ס'וועט אויפגעהן די זון". „און פּלוצלונג קען קומען די נאַכט", דער טויט. און אַז ער לאַדעט איין מוז מען געהן.

ראַלניק איז דערפאַר אפילו סטאָיש אין זיין בעציהונג צום טויט. ער מאַכט שלום מיט דער אונפערמיידליכקייט:

„איך מוז און וועל אוועקגעהן,
צו פריהער אדער שפעטער:"

טא צו וואס זיך שרעקן אדער קלאגן דעראיבער? נאך וואס אומזיסטע טענות צו דעם „האר פון גאר נישט"? ס'וועט דאך סיי ווי ניט העלפן. טא לאמיר בעסער זיין צוגעגרייט און בעגעגענען די אונפערמיידליכקייט שטיל און רוהיג:

„איך וועל אוועק פון דאנען
אהן טענות און אין פריעדען:"
און וועט זאגען:
„א גוטע נאכט! אין א גוטער שעה..."

אט די וואונדערבארע טרייסט־ווערטער האט נאר געקענט ארויסזאגען אזא שטיל רעזיגנירטער, אויסגעליטערטער מענש ווי יוסף ראלניק.

ראלניק האט ליעב געקראגען דעם טויט.

די אייביגע דריי סודות פון לעבען, די מיסטעריעזע דרייאייניגקייט, גאט, ליעבע און דער טויט, האבען זיך פאר איהם ענט־פלעקט אין א י י ן מיסטישע געשטאלט. אמאל איז די ליעבע געווען גאט, און אמאל איז גאט געווען די ליעבע; אמאל זיינעןביידע געווען דער טויט...

און ער האט געווארט אויף אן אויסלייזונג... יעדעס מאל, ווען ער האט געעפענט די טהיר פון זיין הויז, האט ער ערווארט צו טרע־פען דעם טויט און איז געווען גרייט זיך איבערצוגעבען אין זיינע ארעמס...

ער האט געבענקט נאך דער ליעבע... און ליעב געקראגען דעם טויט — און האט זיך פערלוירען אין דער האפענונג צו בעהעפ־טען זיך מיט דעם גאט, וועלכען ער האט זיך אין זיין בענקשאפט אויסגעטרוימט....

*

ס'איז גוט צו גייען אויף אן אייגענעם וועג, נאר מען דארף אבער האבען א שטערען וואס זאל לייכטען.. ציינדט ראלניק זיך אליין אן א שטערען. שאפט זיך אן אייגענעם טרייסט: אז ער איז א קעניג. נאר א פערשטעלטער, וועלכען קליינע וואכעדיגע מענשען קענען ניט דערקענען, ווייל ער גייט שטענדיג ארום „אינקאגניטא". קוקט ניט וואס ער איז ניט רייך, האט נאר „איין בגד פאר הויז און שוהל און פאר'ן וועג;" מיט דעם זעלבען בגד, וואס האט אויף זיך שטויב און פלעקען, וועט ער קומען אין הימעלס רייך... מיט דער זעלבער נשמה וואס ער רעדט צו אונז מענשען, שאפט ער זיין ליעד. זיין קעניגרייך:

„כ'בין א קעניג, האב א הארעם
פול מיט יונגע, שלאנקע פרויען.
קוקט ניט... קוקט ניט... איך דארף קיינעם
מיינע טרוימען צו פערטרויען..."

ראלניק דארף מעהר ניט דעם קעניגרייך פון דער וועלט. ער האט זיך געשאפען אן אייגענעם, אבער א גרעסערען, א שעהנערען:

„מיין ליעד, דאס איז מיין מאנדעל־ברויט,
מיין ליעד, דאס איז מיין פורפור־קלייד".

ראלניק גלארעפיצירט איצט דעם חלום. אלעס איבעריגע האט קיין תכלית. וואס פאר א ווערטה האט דאס לעבען פון די פיליס־טער? ווער וועט זיי געדענקען?

„וואו איז סאקי הינגעקומען,
דער גאטספארכטיגער סאהיד?
ניט פערגעסען נאר איז האפיז,
ניט פערקלונגען — האפיז'ס ליעד."

ס'איז דא געמיינשאפטליכעס צווישען האפיז דעם פרינץ פון פאעזיע און ראלניק, דעם פערשטעלטען קעניג.

פון די האפיז־ליעדער וואקסט נאך אמאל ארויס פאר אונז דער ראלניק ווי מיר האבען איהם דערקענט. האפיז האט נעאפ־פערט זיין לעבען זיינע ליעדער, אזוי אויך ראלניק. און פונקט ווי האפיז האט ער אויך ניט געזוכט קיין מאטעריעלען תכלית ווי אנ־דערע:

„סאקי מאכט פון קונדען רענדלעך:
א קאריערע מאכט סאהיד;
סאקי, און סאהיד, און קונדען, —
איז פאר האפיז (ראַלניק) בלויז א ליעד".

ווען דער קעניג פון פערסיען האָט איבערגעלייענט א ליעד וואו האפיז זאָגט אז ער וואָלט צוויי לענדער אוועקגעשאָנקען צו אן אייזעל, וואָס האָט בעוואונדערט די שעהנקייט פון זיין געליעבטע: האָט ער געשיקט נאָכ'ן פּאָעט און איהם געפרעגט:

הער, האפיז: איך האָב יאָהרען לאנג געקעמפּפט, איינצונעה־מען סאמארקאנד און בוכאַרא און דו שענקסט זיי אזוי לייכט אוועק צו אן אייזעל פאר די בעוואונדערונג פון א מיידעל'ס שעהנ־קייט?

און אזוי האָט איהם געענטפערט האפיז:

אָט דערפאר קעניג, וואָס איך בין אזוי פערשווענדעריש אין מיינע ליעדער, בלייב איך אזוי אָרעם ווי דו זעהסט מיך"...

דער קעניג האָט דעם דיכטער פערשטאַנען, דערצעהלט די לע־גענדע, און איהם פיין בעהאנדעלט.

די לעגענדע כאראקטעריזירט דאָס פּערסישע פּאָלק און איהרע דיכטער.. האפיז איז געווען רייך אין פאנטאזיע און פער־שווענדעט זיין גייסט אין זיינע ליעדער. דערפאר איז ער ווי אלע רייכע פאנטאזיאָרען געבליבען אָהן מאטעריעלען רייכטהום. אבער דאָס פּאָלק האָט געוואוסט צו שעצען די רייכקייט פון דעם דיכ־טער'ס נשמה און איהם פעראייביגט.

און איז אין דעם ניטאָ פיעל עהנליכקייט צווישען האפיז'ן און ראַלניק'ן?

ראַלניק, וואָס האָט ניט געזוכט קיין אנדערען תכלית אין לע־בען אויסער זיינע ליעדער, איז געבליבען פאר דער וועלט דער אייב־זאמער למד־וואו'ניק, וואָס קען זיך ניט פערגלייכען אין רייכטהום מיט'ן קלענסטען געשעפטס מענש. אבער דערפאר האָט ער אנדע־רע רייכטימער... וואָס קען ער נאָך מעהר פערלאַנגען?

ער קען שוין געהן מיט'ן „זאמדיגען וועג", ער וועט סיי ווי קומען ווייטער ווי זיי...

ראַלניק האָט אין זיינע האפיז־ליעדער דערהויבען דעם דיכ־טער צום הערואיזם פון א מארטירער. צום העכסטען הערויאיזם

פון גייסט. זיין נשמה איז אזוי אויסגעלייטערט אז דער טייפעל זאגט ער קען איהר ניט קויפען:

„צו לאנג האסטו איהר מיט תפילות
און מיט ליעדער אויסגעצעהרט:
— — — — — — — — — — —
„איך דארף פלייש מיט בלוט און ביינער!
איך האב ליעב — זיין גוט געשפייזט.
דיין נשמה איז א שווינדעל —
אויבען — פארמעט, אונטען — גייסט.“

דער גייסט אבער איז זיך בעוואוסט פון זיין ווערטה... אלעם איבעריגע אין דער וועלט האט קיין קיום. דערפאר קען ראלניק זאגען: זאלען שוין אנדערע האבען „דעם ניט פערדיענטען הויכען לויב“. זאלען אנדערע געהען אויף „די בלומען ווייכע וועגען“. „פערגיסט אייער וויין, איהר מזל׳דיגע יעגער“. ווייל

„וואס געהט האפיז׳ן אן סאקי
און סאקי׳ס וויין?
ער וועט זיין צונג אין דורשט פערברענען,
און רוהיג זיין“.

ראלניק פער׳שכור׳ט זיך מיט זיין ליעד.

אין דעם איז ער עהנליך צו אלע סקעפטיקער וועלכע האבען זיך אבגעריסען פון דער וועלט און געלעבט מיט זייערע אייגענע פאנטאזיעס. ראלניק האט זיך צוקריעגט מיט דער וועלט, איז אוועק אין זיין צימער און צוגעהאקט די טהיר. ער איז ווי באדלער וואס האט פיינט געהאט דאס דרויסיגע און געלעבט אין זיין איינבילדונג. באדלער האט געזאגט:

„אום ניט צו זיין די געמאטערטע שקלאפען פון דער צייט, פער׳שכור׳ט אייך! פער׳שכור׳ט אייך אהן אויפהער! מיט וויין, מיט פאעזיע, אדער מיט טוגענד — מיט וואס איהר ווילט!“

ראלניק זאגט:

איהר קלוגע לייט, איהר שטארקע מענשען:
נעהמט זיך די ערד, די זון, די שטערען:
און האפיז׳ן לאזט נאר זיין ליעד —
ער זאל ניט קיינמאל ניכטער ווערען“.

און דערקענט איהר ניט אין האפיז'ן דעם אידען? דעם גריבּלער פון אלע צייטען? דער מענש פון ספר און תפילות, דער וואס שטעלט העכער די נשמה פון אלעם אין דער וועלט?

מערקווירדיג, ראלניק בעזינגט ניט קיין אידישע מעשות אדער לעגענדען, פונדעסטוועגען איז ער דער אידישסטער פאעט צווישען אלע אונזערע דיכטער.

ער איז אידיש אין זיין פעראכטען די וועלט. ער איז אידיש אין זיין קומען צו דער שטילער רעזיגנאציע. אין זיין אנעהמען באהבה די ליידען פון לעבען און בלייבען מיט א שטארקען בטחון. און ער איז אידיש מיט זיין שאפען זיך אן אייגענעם טרייסט.. א תפלה.

ווען ראלניק וואלט געלעבט אין די אלטע צייטען, וואלט ער געווען א גרויסער תנא. און געלערענט מיט אידען גאטס ווארט. אפילו זיין עניוות איז עכט אידיש. ער איז ניט דער ענו וועלכער האלט זיך פאר קליין. ער איז אן ענו ווייל ער איז גרויס. ביי איהם איז עניוות שטאלץ! דאס איז אמת אידיש.

און זעהט מען ניט אין ראלניק'ן דעם ערוואכטען אידישען שטאלץ אין דעם וואס ער, דער תכלית'לאזער מיעדער וואנדערער איז מבטל דאס פעסטע איינגעפונדעוועטע לעבען פון דער וועלט, און שטעלט העכער פון אלץ דעם דיכטער מיט זיין איינבילדונג?

אין ראלניק'ן שפיגעלט זיך אב דער גייסט פון דאס אידישע פאלק מיט זיין עקשנות'דיגען אידעאליזם, אייביג צו שטרעבען צום הימעל...

וואס געהען איהם אן די ערדישע פערגעניגענס, פון סאהיד, סאקי און זייער ווין? אז ער איז דער קעניג וואס האט זיך פערשטעלט פאר דער וועלט...

ווער קען איהם שטערען אין זיין שטילען קעניגרייך? אין דעם קעניגרייך פון אייגענעם איך, אז ער איז, ווי שעקספיער זאגט אין זיין האמלעט:

„איך וואלט געקענט זיין איינגעשלאסען אין א מויערקעפעל און זיך האלטען פאר א האר פון גרענצלאזע רוימען..."

## 1.

אזוי ווי איהר עפענט א בוך פון אפאטאשו, קומט אן אונזעהבארע האנד, פערוואָרפט אויף אייך א שטריק און איהר קענט שוין ניט אוועקגעהן, איהר מוזט זיצען און לעזען.

ווער איז די אונזעהבארע האנד?

די אונזעהבארע האנד איז דער אימפּעט פון פערפאסער, וואָס האלט אייך פעסט צו, אז איהר מוזט איהם אויסהערען, ווייל ער האָט אייך עפּעס אינטערעסאנטעס צו דערצעהלען...

פון וואָס דערצעהלט אפאטאָשו?

ער דערצעהלט פון ליידענשאפט, פון בעוועגונג, פון דורות אַלטע פאמיליעס וואָס ווערען אויסגעריסען ווי דעמבעס נאָך א שטראָם.

ער דערצעהלט פון אויפגערעגטע מענשען, וואָס זיינען אימער אונרוהיג. עס ברענט אין זיי אזא פאסיאָן וואָס האלט זיי אין איין ווארפען.

שמשון, אין דער ערצעהלונג „אויף יענער זייט בריק", איז אונרוהיג דורך זיין ניט בעפריעדיגטע ליידענשאפט.

„ס'הארץ ציהט איהם צו רוזשקע'ן.

אָט זעהט ער זי אין איהר לאַנגער טערקישער גאבערעלע מיט האלבע, ברייטע ארבעל. די האָר צושאָטען. די לאנגע רייפען־אויריינגלעך וואקלען זיך אין די אויערען. רוזשקע זעצט זיך אוועק, מאכט אריין די גאבערעלע צווישען די פיס און איהרע שווארצע, שעלמישע אויגען לאָזען נישט רוהען, ברענען — — —

און מיט דעם ליידענשאפטס־חולאת זיינען אָנגעשטעקט אלע זיינע העלדען.

דזשייק פון דעם ראָמאן „פון ניו יאָרקער גהעטא" ווערט אויך פער'שכור'ט פון דער רייצענדער מיידעל פאלי. דאָס אייגענע מיט די אנדערע העלדען פון זיינע ראָמאנען.

געשלעכטליכע ליידענשאפט איז דער אונטער־גרונד פון אפּא־טאשו'ס שרייבען. דעריבער האָט ער אזוי ליעב צו מאָהלען אויפ־רעגונג, ראַנגלערייי און געשלעג. געשלעג ווערט ביי איהם פשוט גלאָריפיצירט. עס איז ניט קיין צופעליגער איבעל, נאָר א נאַטיר־ליכע נויטוועגדיגקייט; אזוי ווי ביים טאַטען מיט די זיהן אין דער ערצעהלונג: „אין וואלד".

ווען דער אלטער חיים שלאָגט זיין קליינעם זוהן לייבק'ן, דער־צעהלט דער פערפאסער, אז: „דעם טאַטען'ס קלעפּ האָבען איהם ווענינ געארט, ער האָט געוואוסט, אז אזוי דארף זיין, אז א טאַטע האָט געזונטע אייזערנע הענד צום שלאָגען, און אז ער וועט גרויס ווערען וועט ער אויך האָבען שטארקע הענד און וועט אויך שלאָגען. דערפאר טאקע האָט ער מעהר דרך ארץ גע־האט פאר'ן טאַטען ווי פאר דער מאַמען, כאָטש די מאַמע האָט איהם אלץ נאָכגעגעבען. און מיט אז אמת האָט חיים לייבק'ן אויך ליעב געהאט, וואָס ער מאכט זיך פון די קלעפּ קיין וועזען. ארייג־געכאפּט, קיין פּיפּס געטהאָן און פארטיג! אזוי דארף עס זיין — האָט זיך חיים געטראכט".

אָבער אמיינסטען גלאָריפיצירט אפּאטאָשו דאָס עראָטישע. כמעט אלע זיינע העלדען זיינען עראָטיש אקטיוו. דער ליידענשאפט־שפּיעל מאכט זיי פערגעסען, אז ס'איז דאָ א טויט אויף דער וועלט, וואָס וועט אונז אלע אָבבארשטען פון דער ערד... דורך די עראָטיק געפינען זיינע מענשען אינטערעס צו לעבען און צו גליק. דער עראָטישער פייער צינדט אָן זייער פאנטאזיע און מאכט זיי טרוימען אז די ערד איז דער הימעל... אדער צו וועלען פעראייניגען דאָס ערדישע און הימלישע, אזוי ווי די שוועסטער און ברידער אין דער ערצעהלונג „שאטענס"....

לויט אפּאטאָשו'ן איז דאָס תאוה־ליעד דער לע־בענס־אטהעם פון אלע לעבעדיגע בעשעפענישען. און אלעס איז בע־שאַפען צוליעב דעם עראָטישען טאַנץ...

אָבער ווי קומט צו אפּאטאָשו'ן אזא פערהערליכונג פון דער תאוה? ווייל תאוה איז דינאמיק, און דינאמיק איז אפּאטאָשוס כאראקטער.

**אז מען קען אפּאטאָשו'ן דעם מענש פערזענליך, זעהט מען דאָס איין.**

2.

דאָס ערשטע מאָל האָב איך אפּאטאשו׳ן געזעהן אויף א ליטע־ראַרישען אבענד פון די יונגע שרייבער. דער פאָרזיצענדער האָט איהם פאָרגעשטעלט אלס א גוטען שרייבער, אבער א שלעכטען פאָרלעזער. אז ער האָט אָנגעהויבען לייענען האָט מען טאקע גע־זעהן אז ער לעזט ניט גוט. דאָס הייסט, פאר זיך האָט ער גאנץ גוט געלייענט, נאָר דער עולם האָט ניט געקענט הערען א וואָרט. ער האָט געלייענט גיך, אזוי ווי פאר זיך און געשלינגען די ווערטער, ווי לאנגע לאָקשען, גלייך זיי וואָלטען געבריהט.

זיין גאנצע פיגור האָט פון דער ווייטענס געמאכט עפּעס א מאָדנעם איינדרוק. א קורצער האלז, א שפּיציגער קאָפּ, וואָס איז אביסעל ארייננגעצויגען צווישען די אקסלען. א שמאָל אויסגעצויגען פּנים מיט א לאנגע דאַרע נאָז און צוויי אונרוהיגע אויגען, וואָס ווארפען זיך גיך אין אלע זייטען.

שפּעטער, אז איך האָב איהם געזעהן פון דער נאָהענט, האָב איך ערשט בעמערקט וואָס פאר אן אָריגינעל פּנים ער האָט. א ווייס דורכזיכטיגע הויט, א קליין מויל מיט דינע ליפּען. זיין קאָפּ זעהט אויס ווי א דרייעק מיט׳ן לאנגען שפּיץ צו דער גאָמבע. און וואָס העכער, ווערט דער קאָפּ אלץ ברייטער, ווערט בעשאָטען מיט שווארץ געקרייזעלטע האָר, און זיין שטערען נעהט ווי א בארג ארויף.

אז איך האָב זיך מיט איהם בעקענט, האָב איך געזעהן, אז אין אלץ איז ער בעוועגליך, שנעל. אן אָריגינעלע אונרוהיגע נאַטור. ער רעדט שנעל, געהט שנעל, און זעהט שנעל. אז ער געהט אין גאָס זינגט ער זיך שנעל מיט אן אייגענעם נגון: „טאראבאך! טאראַ־באך! טאראבאך!“

אז איך פלעג אריינקומען צו אפּאטאשו׳ן אין הויז האָב איך איהם גאנץ אָפט געטראָפען אין א לייכטען אנצוג מיט ווייסע קעס־טעלאך, און מיט א פּאָר לייכטע לעטשעלאך אויף די פיס.

סיי זומער, סיי ווינטער האָט ער אין הויז ליעב צו געהען אָנ־געטהון זומערדיג, לייכט. זיינע מאָנירען זיינען אויך פ ל י־ה ע נ ד י ג ע. אז ער רעדט דריקען די בעוועגונגען פון זיינע נאָז־פליגעל אויס עפּעס פיבערישעס, פרעכעס, אזוי ווי ליוויי האָט איהם געצייכענט אין זיין ראַדירונג.

אויף זיינע אויגען דריקען אויס עפּעס שפּיזיגעס, שאַרפעס, שטעכיגעס. ער האָט אַרום די אויגען אַזעלכע אויסערגעוועהנליך הויך אַרויפגעשאַרצטע שלעפען, וואָס דריקען אויס כעס און שרעק צוזאַמען.

אַז ער דערצעהלט עפּעס קומט עס ביי איהם אַרויס מיט אימ־פּעט, פלאַמענדיג, אַזוי ווי אין זיין שרייבען.

אַפּאַטאַשו פערשטעהט מענשען מיט'ן קוק. ער האָט אַ פּאַר־שענדען בליק. ער כאַפּט דעם אמת פון דער זייט... ער קען זעהר ניט ליידען אַז עמיצער וויל איהם אַריינשמוגלען אַ ליגען. ער זאָגט באַלד אין די אויגען: „ס'איז ניט אַזוי. ס'איז ניט אמת!" איהם אַרט ניט, טאָמער וועט ער יענעם בעליידיגען דערמיט.

איינמאָל אין אַ געשפּרעך זאָגט ער מיר:

„יעדער מענש איז אַן אַקטיאָר. אַז מען קומט זיך צוזאַמען אין אַ געזעלשאַפט, וויל יעדער אַרויסווייזען וואָס ער קען. ווערט אַ קאָמפּעטיציע, דערוויילֿ דערצעהלט מען ניט דעם אמת, נאָר וואָס עס פּאַסט זיך... דערפאַר, אויב מען וויל דערקענען אַ מענשען מוז מען איהם כאַפּען פון דער זייט... איהר פערשטעהט? אַ מענש קען דאָך ניט אַלעמאָל זיין אין דער ראָלע פון אַן אַקטיאָר, לאָזט ער פאַלען דאָ און דאָרט אַ וואָרט. און פון די זייטיגע ווערטער קענט איהר איהם דערקענען. ווייל דאָס איז דער אמת. ער האָט זיי גע־זאָגט אונבעוואוסט, ניט צוגעטראַכט..."

ער האָט אויף מיר גענומען שפּיזען מיט זיינע שאַרפע אויגען און ווייטער געזאָגט:

„איהר ווייסט? יעדער מענש וואָלט געקענט זיין אַ שרייבער ווען ער זאָל נאָר קענען דערצעהלען דעם אמת. די מעהרסטע מענ־שען קענען דאָס ניט אפילו ווען זיי ווילען. זיי פערמישען דעם אמת מיט אַזוי פיעל ליגען, אַז מען קען איהם שוין מעהר ניט אַרויס־זעהן..."

ער האָט זיך אויפגעשטעלט אין זיין ברייטער פּאָזע און מיר געגעבען אַ קלאַפּ אין פּלייצע:

„יאָ, שטיינבערג, די ערשטע פעהיגקייט פון אַ שרייבער איז צו קענען זעהן דעם אמת און איהם דערצעהלען אַרויסגעשיילט פון אַלע ליגענס. דאָס פערשטעהט איהר מיך, איז דער גרונד! אַז ניט איז מען קיין שרייבער ניט, נאָר אַ—"

אפּאַטאָשו האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז געווען דער רעדאַקטאָר פון „די נייע היים". דער זאַמעלבוך איז ווי אַ פּראָטעסט געגען די „שריפטען". ער האָט אין „די נייע היים" אָבגעדרוקט זיין ראָמאַן „פון ניו יאָרקער גהעטאָ".

אפּאַטאָשו איז זעהר עגאָאיסטיש געשטימט. ער האַלט זעהר פיעל פון זיך. פון אַנדערע שרייבער האַלט ער נאָר פון געצעהלטע.

אויף פיעלע שרייבער קנייטשט ער מיט דער נאָז. — לאַנגוויילינג. ער האָט ליעב ס'זאָל שטורמען פון אַלע זייטען, ס'זאָל פלאַמען. ער האָט אַ היציגע פאַנטאַזיע. דאָס צאַפּעלדיגע, דאָס פרייע האָט ער גע'ירשנ'ט פון זיין מוטער, זאָגט ער. אויסגערעכענטקייט, מאָס און דאָס אַריינדרינגען אין זאַכען — פון פאָטער, וואָס איז אַ ירושה פון דור דורות חקרה און לומדות.

אפּאַטאָשו שטאַמט פון אַ הויכע אַריסטאָקראַטישע פאַמיליע. זיין יחוס ציהט זיך פון תוספות־יום־טוב. ער האָט ליגען בריעף פון זיינע זיידעס און עלטער זיידעס, וואָס זיינען געווען בעריהמטע גאונים. און ער איז זעהר שטאָלץ דערויף...

*

אַז מען לעזט אפּאַטאָשו'ס שריפטען, זעהט מען, אַז אין אייניגע ערצעהלונגען דערגרייכט ער צו אַ סינטעז פון טעמפּעראַמענט און פאַנטאַזיע. נאָר געוועהנליך נעהמט דער טעמפּעראַמענט ביי איהם די אויבערהאַנד. די עראָטיק מינעוועט און היצט אַזוי ווי אַ פערשטיקטער פייער...

און דאָס ערקלערט אויך, ווי אַזוי אַ מענש, וואָס שטאַמט פון אַזאַ גרויסען יחוס, זאָל גאָר שרייבען פון דער אונטערוועלט.

עראָטיש איז דער איבערגאַנג פון דעם אַלטען אידישען לעבען צו דעם היינטיגען. די ליידענשאַפטען זיינען פריהער געווען שטאַרק איינגעצוימט. מיט אַמאָל זיינען די קייטען לויז געוואָרען, און די פון לאַנג צונויפגעדריקטע ליידענשאַפטען האָבען זיך מיט אַן אימפּעט־געטהאָן אַ לאָז אויפ'ן לעבען, ווי ווילדע פערד אויף אַ פּרעיריע...

אפּאַטאָשו'ס פאָר־דורות זיינען געווען אַסקעטען, צוריקגעצויגענע, געקוקט אויף לייב מיט פעראַכטונג — האָט אפּאַטאָשו רעוואָלטירט געגען זיי, זיך געטהאָן אַ ריס צו פרייקייט, צו הפקרדיגקייט. נאָר דער, וועמעס אורעלטערען זיינען געווען עקסטרעמעטיש, איז קאַפּאַבעל צוצורייסען דעם נעץ פון עטיק.

לעזט זיין ערצעהלונג „מאררים און זיין זוהן פיליפ“. אין דער ערצעהלונג האבען מיר מענשען אהן אן עטישען געפיהל. מאררים איז אויסגעטהאן פון אלעס. ער איז דער אמת'ער הפקר־טיפ פון דער אמעריקאנער גאס. ער האט אין גאנצען פערגעסען וואס מען מעג און וואס מען טאר ניט...

שמשון דער פאקוסניק אין דער היים — „אויף יענער זייט בריק“ — האט נאך געהאט טיעפערע געפיהלען, זעעלען־אונרוה און א שטארקען מאראלישען אינסטינקט. אז : „זיין חבר שלמה „קראד־ניק“ קומענדיג פון ווארשע האט איהם דערצעהלט, אז מיט אזא מיידעל ווי רוזשקע קאן מען אין ווארשע מאכען א בכבוד'יג לעבען.

עס האט פיעל ניט געפעהלט שמשון זאל פאר אזא עצה אריינ־פאהרען „קראדניק'ען“ אין פיסק אריין.“

אבער מארים, דער אקטיאר אין אמעריקא, איז שוין אין גאנ־צען הפקר. איהם ארט ניט וועלכע אידענע ער וועט נעהמען, אבי ער זאל נאר האבען צו עסען און „ניט דארפען איינטונקען א פינגער אין קאלטען וואסער“. ער האט קיין מענשליכע בעציהונג צו א פרוי. די ערשטע, וואס קומט מיט געלד, נעהמט ער. אז מיסעס סאלאמאן רעדט איהם איין ער וועט ניט דארפען ארבייטען, זאגט ער צו מיט איהר חתונה צו האבען. און ביי נאכט ,אז רבקה נארט אוים ביים בלינדען די צוויי הונדערט דאלאר, ענטלויפט ער מיט איהר, איבערלאזענדיג אויף הפקר זיין אינגעל פיליפ און רבקה— איהר סילווע.

אונטער דעם לייכטען הומאר פון דער ערצעהלונג, האט אפא־טאשו אנגעהויכט איינע פון די וויכטיגסטע פראבלעמען פון דעם אמעריקאנער אידישען לעבען.

די אנגעפאהרענע פון אלע וועלט־טהיילען האבען דא א ר א ב ג ע ב א ר ש ט פון זיך אלע טראדיציעס, אלע געוואוינ־הייטען: קיין נייע האט מען נאך ניט געקענט אויפנעהמען. איז מען געבליבען גייסטיג הויל... און אין אזא גייסטיגע הוילקייט ווערט ער־צויגען דער יונגער דור... נישטא קיין שאנדע, קיין שעהנע מדות, וואס יעדעס קינד האט זיך אין דער היים אבגעלערענט פון טאטען, פון זיידען — דא לאכט מען פון זיידען...

לערנען לערענט זיך דא דער יונגער דור פון גאס !...

אָבער מיט נאָך פיעל מעהר קראַפט האָט אונז אפּאטאַשו גע־וויזען די אַמעריקאנער הפקר־גאַס אין זיין ראָמאַן „פון ניו יאָרקער געהעטאָ". דאָ איז שוין אפילו ניטאָ קיין ערינערונג פון „שטעדטעל". די שטעדטלעך פון אַש און וויסענבערג זיינען שוין לאַנג אונטער־געגאַנגען. אַש'ס „שטעדטעל" איז שוין מיטהאָלאָגיע. ניטאָ מעהר קיין שבת, קיין יום טוב. אַנשטאַט די שוהל איז דאָ די „מואווינג פּיקטשור", די גאַס און די „קענדי סטאָר" פון „מיסעס ריטש". מען געדענקט מעהר ניט פון וואַנען מען איז געבוירען. פערגעסען טאַטע מאַמען, גלייך מען וואָלט ארויסגעקומען פון א שטיין. אין דער היים איז דאָס שטעדטעל שוין אויך חרוב געוואָרען. אַנשטאַט ס'בית המדרש — די שענק. דאָרט אויך, אַנשטאַט טאַטע מאַמע, שוועסטער, ברודער — די גרויסע פרעמדע גאַס.

דער יונגער דור צופאָהרט זיך אין די גרויסע שטעדט און ווערט אזוי ווי דאָ איינגעשלינגען פון די אייזערנע חיות מיט די טויזענטער מיילער און צוריבען מיט די שטאָהלענע צייהן פון די מאַשינען...

אפּאטאַשו איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אונז געוויזען דעם סוף פון שטעדטעל. ער האָט געוויזען, אז מיר האָבען אלץ געלאָזט הינטער זיך, ווי ווען מען געהט פון א בית הקברות, מען רייסט די גראָזען מיט די ווארצלען אויס און מען ווארפט זיי הינ־טער זיך...

מען זעהט שוין מעהר נישט אַש'ס פרומע בוימער, וואָס „דאַווענען ביחיד אין פעלד."

*

אפּאטאשו איז געווען דער, וואָס האָט אונז געוויזען דאָס אי־דישע לעבען אין אַמעריקא אזוי ווי עס איז — ניט אין דער פאַנ־טאַזיע, נאָר אין דער ווירקליכקייט. קאָברין און ליבין האָבען גע־מאָלען אידען אין אַמעריקא אזוי ווי קוריאָזען. בעל מחשבות האָט א טעות, ווען ער מיינט אז אין ליבין'ס שריפטען זעהט מען דאָס אַמעריקאַנער אידישע לעבען. מען קען פון זייער שרייבען האָבען אזא בעגריף וועגען דעם היגען אידישען לעבען, ווי מען קען וויסען פון דעם אידישען לעבען אין רוסלאַנד, פון די שריפטען פון טשי־ריקאָוו און ארזשעסקא.

די מענשען זיינען דאָ אויפגעוואַקסען אויף די געפּלאַסטערטע גאַסען, און זיי לעבען דאָ און לויפען מיט דער טעמפּאָ, מיט'ן ריס פון די אייזערנע פערד, וואָס יאָגען זיך איבער די הייזער.

אַפּאַטאַשו קען מייסטערהאַפט מאָלען אַט דעם דרויסענדיגען לעבען פון טומעל און בעוועגונג. ביי קיין אידישען שרייבער איז ניטאָ אַזוי פיעל בעוועגליכקייט און אַזוי פיעל האַנדלונג, ווי ביי איהם.

אין דעם ראָמאַן „פון ניו יאָרקער געטאָ“ האָט זיך אַפּאַטאַשו פערנומען ברייטער, אַלגעמיינער ווי אין „מאָררים און זיין זוהן פיליפּ“. ער ווייזט אונז, אַז די מענשען לעבען דאָ גייסטיג אַזוי רויה, גלייך זיי וואָלטען ערשט אַרויסגעקומען פון די ווילדע הייען. ניטאָ קיין מענשליכע אויפפיהרונג, די חיה וויל בלויז איהר פונט פלייש... דער וואָס איז שטאַרקער, פלינקער, כיטרער, קריעגט עס. עס הערשט קיין עטישער רעגעל, קיין גרעניץ־געבאָט. אויסער דעם ביאָלאָגישען געזעץ—קאַמפּף פאַר'ן דאַזיין. פערשטעהט זיך, אַז אין אַזאַ סביבה האָט דער איידעלער מענש קיין ערפאָלג. דער גראַביאַן, דער גאָרילאַ־מענש איז דער זיעגער!...

די מענשען „פון ניו יאָרקער געטאָ“ האָבען קיין הייליגקייטען. אַלע געהען אַרום מיט הוילע נשמות. זיי האָבען אפילו די נאַטירליכע געפיהלען פערלוירען. דער שטאַרקסטער און שעהנסטער געפיהל, — ליעבע, איז ביי זיי דעגענערירט. ס'איז ביי זיי גאָר ניט געבליבען אויסער די ציהעניש נאָך דאָלאַרס. מיסעס ריטש געהט וואוינען מיט'ן צוגאָסענעם סאַלונקיפּער פאַר זיינע דאָלאַרס. און איהר טאָכטער פּאָלי כאַפּט זיך אַרום מיט'ן איטאַליענער געגען דער מאַמעס ווילען, און אפילו געגען איהר אייגענעם געפיהל, אַלץ פאַר די געלד.

פּאָלי איז פּראַקטיש. זי האָט גראַדע מיינונגען איבער'ן לעבען. זי זאָגט: „ליעב האָבען א קבצן פערשטעה איך נאָך, אבער חתונה האָבען דאַרף מען נאָר מיט א רייכען!“

א פיינע אַקסיאָמע? אבער ווי כאַראַקטעריסטיש פאַר אַמעריקאַ.

עס איז דעריבער זעלבסטפערשטענדליך, אויב ס'געפינט זיך אַן איידעלער מענש אין אַזאַ סביבה ווערט ער צודריקט: דורך פערצווייפלונג, דורך ענטוישונג, דורך אָהנמעכטיגקייט.

דזשייק איז דער איינציגער מענש מיט אן אידעלען געפיהל אין דעם ראמאן. האט ער טאקע א סך מזל. ער האט פון פערביטערונג גענומען שכור'ן און וויל מעהר ניט ארבייטען פאר דער „געזעלשאפט". קוקען טאקע אלע אויף איהם ווי אויף א בייז וואונדער.

אט דער שכור'ער דזשייק איז דער איינציגער כאראקטער אין דער „ניו יארקער גהעטא", וואס איז אונז נאהענט. ווענען די איבעריגע פיהלט מיר, אז ס'איז בעסער ניט צו זיין אין זייער געזעלשאפט. מען שפירט צופיעל פלייש. —

גאר אין אן אנדער וועלט טראגט אונז אריבער די ערצעהלונג „דער משפט". מען דערפיהלט אזוי ווי א פריש ווינטעל וואלט פערבייגעבלאזען. דאס איז איינע פון די שעהנסטע זאכען וואס אפאטאשו האט אנגעשריבען. דא איז פארהאן יוגענד, לעגענדע, ווייקפעל און די שעהנע אידילישע ליעבע פון די צוויי קינדערלאך. מען ווערט פערכאפט און עס ווילט זיך אפילו גלויבען אין דער פאלשער גרונד־אידעע פון דער ערצעהלונג, אז די נאטור משפט.

איז דער נאטור איז גיטא קיין גערעכטיגקייט — דאס האט ערשט דער מענש בעשאפען — ס'איז נאר דא נויטווענדיגקייט. אפשר אויך געזעץ. אבער אין דעם פאל האט בלויז געקענט זיין צופאל, ס'זאל פלוצלונג ווערען א שטורם און די צוויי קינדערלאך זאלען דערטרונקען ווערען. אביעקטיוו גערעדט, איז דאך דער שטורם ניט געווען און ניט געקענט זיין קיין פאלגע פון דעם פערביטענעם פויגלישען איי?

אבער דאס איז אלץ גערעדט אז מען וויל זיך גריבלען. ווי אבער אז מען לייענט דאס ווי א שעהנע מעשה? און אויף קיין מעשה טאר מען דאך קיין קשיא ניט פרעגען — איז דאס ווירקליך א זעהר שעהנע ערצעהלונג.

אז אפאטאשו האט א שאפענדע פאנטאזיע, זעהט מען אמבעסטען פון זיין ערצעהלונג „ציגיינער." מיט וויפיעל דעטאלען ער מאהלט זייער לעבען. ווי גוט ער קען זייערע ברענענדע טעמפעראמענטען. ער מאהלט זייער וואגאבונדישען לעבען מיט אזא צאפעלדיגקייט און בולט'קייט, גלייך ער וואלט מיט זיי צוזאמען געלעבט אין וואלד.

אט איז א שטעלע, וואס איז אזוי קאנצענטרירט, אז זי ענט־

האלט אין א פּאָר ווערטער מאהלעריי, פּסיכאָלאָגיע, סימבאָל, ענטווישונג, שאנדע, אַלץ צוזאמען:

„מאַראלע (דער ציגיינער) האָט א שפּרונג געטהאָן ווי א איינגעל, געוואָלט אריבערשפּרייזען דעם שאטען, האָט דער שאטען א העכערען שפּרונג געטהאָן און מיט אמאָל פערשוואונדען. עמיצער האָט זיך צולאכט. מאראלע האָט זיך פערשעהמט, געפיהלט אז ער איז אויסגעשפּיעלט, אז זיין אייגען ווייב איז איהם ניט טריי, אז די ציגיינער לאכען אין די פויסטען און ער האָט אלעמען פיינד געקריגען..."

ווי פיעל אמת איז פערבאָרגען אין די פּאָר שורות? וויל דען ניט יעדער מענש, ווען ער ליידט פון דער אונרוה אריבערשפּריי־זען דעם אייגענעם שאטען? — און לאכען דען ניט די זייטיגע מענשען פון איהם, אזוי ווי די ציגיינער פון מאַראלע? און ער־וועקט זיך דען ניט ביי אלע אונרוהיגע שאטענשפּרינגער א פיינד־שאפט צו די קאלטע ציניקער וואָס לאכען?

אפּאטאשו'ס אמת'ער כח איז דאָרט וואו ער בעשרייבט דרויסענדיגקייטען פון לעבעדיגע מענשען. דאָרט איז ער געטריי צו זיך. ער איז א גוטער בעאבאכטער. ער האָט זיך ליעב צוצוקו־קען צום קאמפּף פון לעבען און מאהלען אזוי ווי ער זעהט. ער אליין נעהמט ניט קיין שטארקען אנטהייל. ער שטעהט מעהרסטען ווי א זייטיגער צושויער." א מענשען מוז מען כאפּען פון דער זייט..." ער האָט אן אינטערעס זיך צוצוקוקען. טהייל סצענעס געפעלען איהם, שמייכעלט ער. בעשרייבט זיי מיט א לייכטען הומאָר. אנדערע ווידער ריהרען איהם אביסעל, גיט ער זיי איבער אביסעל טרויעריג, אבער ניט צו מעלאנכאָליש, ניט צו גרוי, נאָר לייכט, מיט א שארף אויג. וואָס זיין אויג נעהמט אויף, קען ער פּינקטליך איבערגעבען מיט דער פעדער. אלס בילדער צייכנער איז ער א מייסטער. מיט אכט־ניין ווערטער שטעהט פאר אייך א לעבעדיגער מענש.

און איז עס ניט א פריידע צו זעהן אין א זומער טאג ווי עס געהען פיעלע אויסגעפּוצטע מענער און דאמען? ס'מעג אייך זיין פרעמד די הייזער, די מענשען; אבער איהר פיהלט זיך דאָך גוט זעהענדיג פאר אייערע אויגען לעבעדיגע מענשען, און הערט זיי רעדען, לאכען. איהר קוקט אויף זיי און ס'ווערט אייך היימליך.

די ליעבע צו פרעמדע מענשען אין גאס איז אפשר ניט אזא רעאלע ווי די ליעבע צו אייגענע — דערפאר מיסטעריעזער...

עפעס עהנליכעס פיהלט מען ווען מען לעזט אפאטאשו'ס ער־צעהלונגען. זיינע מענשען זיינען אייך זעלטען אינטים. אבער זיי שטעהען דאך פאר אייך ווי לעבעדיגע. און אייך ווערט היימליכער ווען איהר קוקט זיך צו צו זייער לעבען. איהר פיהלט צו זיי ווי צו די מענשען פון גאס.

אבער טאמער וויל מען זיך מיט זיי נעהענטער בעקענען, אריינבליקען אין זייערע טיעפענישען, זעהט מען אז זיי זיינען ליידיג. זיי האבען ניט קיין נשמות... זיי בעוועגען זיך נאר מיט'ן שנעלען אימפעט וואס דער פערפאסער האט זיי אריינגעגעבען. זיי לויפען פארביי אייערע אויגען ווי די פיגורען אין די „מואווינג פיקטשורס". אין פיער און צוואנציג שעה איז ביי איהם דורכגע־פיהרט א ראמאן. מען ליעבט זיך ביי איהם מיט די שנעלקייט פון עקספרעס־צוג. ס'איז ניטא קיין צייט זיינע העלדען זאלען זיך אריענטירען אין זכרון. שטעלט אייך פאר א קאנצערט ווי די גאנצע מוזיק וואלט געשפיעלט ווערען אין א טעמפא אלעגרא?

ווי קענען אזעלכע מענשען פון עפעס טראכטען?

זיינע מענשען זיינען טאקע ניט קיין טיעף דורכגעפיהלטע, זיי בעוועגען זיך אלעמאל אויף דער אויבערפלעכע אין א שמאלען קרייז.

לעזענדיג אפאטאשו'ן פיהלט מען, אז זיין וועלט איז א גרויסע מאשין וואס האלט זיך אין איין בעוועגען מיט א שנעלען אימפעט. ער ווייזט ניט דאס אונענדליכע, פערבארגענע, קיין פינסטערען אדער ליכטיגען ווינקעל אין דער זעעל, וואס איז פיעל טיעפער ווי דאס וואס מיר זעהען...

אידען זיינען דאך גרויסע זעעלען־גריבלער. טא ווי קומט דאס וואס אפאטאשו'ס אידען זיינען אזעלכע חמ'ען?

דער ענטפער איז, אז ער האט זיך ניט דערגראבען צו די פער־בארגענע היילען פון דעם אידענ'ס נשמה. זיין פאנטאזיע דערגעהט קיינמאל ניט צו יענע טיעפקייט וואו די מאטעריעלע ווענד צופא־לען, זי בלייבט שטענדיג אין די תפיסה פון חומר...

מען קען דאס אמבעסטען זעהן אין זיין אונבעהאלפענקייט צו מאהלען א פרוי. די פרוי איז ביי אפאטאשו'ן קיינמאל קיין מענש

פאר זיך. אהן דעם מאן איז די פרוי ביי איהם גארנישט. זי וויל גארנישט פאר זיך. זי עקזיסטירט בלויז אנצוגליהען די מענליכ־קייט. אין דעם איז אפילו פאראן א טהייל אמת. אבער צו דעם וויכטיגערען טהייל אמת האט זיך אפאטאשו ניט דערגריבעלט. און דאס איז, אז די פרוי איז א מענש מיט אייגענע צוועקען. און עק־זיסטירט אויסשליסליך פאר זיך. פרויען זיינען מעהר עגאאיסטיש ווי מענער. זיי ווילען אלעס אין דער וועלט אויסנוצען פאר זייערע צוועקען. אפילו אין דער ליעבע זיינען זיי אזוי. די פרוי שטעלט אלעמאל דעם מאן אויף דער פראבע צו וועט ער זיין גענוג שטארק צו זיין איהר בעשיצער...

די פרוי האט שטארקע פערלאנגען. אמת, מעהר פרימיטיווע. ביי אפאטאשו האט די פרוי בלויז איין איינציגען צוועק — צו רייצען דעם מאן... פאלי, ווי אלע אפאטאשו'ס פרויען, האט ניט קיין אנדערע פערלאנגען, זי איז בלויז געשלעכט. זי האט פער־צעהרט ביז צום טויט דעם ארעמען דזשייק'ן. זי צומישט אלע אלע אנדערע יונגעלייט וואס דרעהען זיך ארום איהר. זי איז דער סוד וואס קיינער קען ניט פערשטעהן און מען קען זיך פון איהר ניט בעפרייען... — די טיראנייע פון געשלעכט!...

אפאטאשו איז זעהר א גוטער שרייבער פאר דעם פראסטען אויבענאויפיגען לעזער. מען קען זיינע ערצעהלונגען לעזען פאהר־רענדיג אויפ'ן על אזוי ווי א צייטונג. נישטא ביי איהם קיין דראנג, דער א"ב פון מיסטיק, וואס אהן דעם איז דאס לעבען קיין לעבען ניט. מען קען כמעט אין אלע זיינע זאכען זעהען מיט וועלכע מיטלען ער אפערירט צו מאכען דעם עפעקט. אז מען הויבט אן זיינס א מעשה, קען מען לייכט טרעפען וואס דארט וועט זיין. ער האט שוין א פארטיגען פ ו ר ע ם. דער אינהאלט מעג זיין ווי פערשיעדען, דער א ו פ ן בלייבט כמעט אימער דער זעלבער. ער דערצעהלט כמעט איבעראל די יאה־רען פון זיינע העלדען, די אויסערליכע סמנים. ווי גרויס, ווי ברייט. צי מיט א בארד, ווי לאנג, און וואס פאר א קאליער די בארד האט. און איהר זענט זיכער צו טרעפען א פאר געלונגענע פערגלייכונגען. און אונטער דעם אלעם אפטמאל א ציטער פון תאוה... אויף זיין שרייבען לאזט זיך בשום אופן ניט זאגען דאס, וואס ס'האבען ליעב אויף זיך אנצואווענדען אונזערע אנדערע יונגע דיכטער, אז זייער

שרייבען איז א ת פ ל ה פון דעם א י י ג ע נ ע ם א י ך, זן ארויסשטראהלונג פון דער אייגענער נשמה. ער שרייבט ליטעראטור. קיין פרישע נייע וועגען האָט ער דערווייל נאָך ניט אויסגעטראָטען. זיין בעסטע ערצעהלונג איז נאָך אלץ דער „ראָמאן פון א פערד־גנב“. מען זעהט ביי איהם ניט קיין שטייגערונג, סיי אין זיין שרייבען, סיי אין טאַלאנט. ער פאסט זיך וואָס אמאָל אלץ מעהר אין דער „גאַנגבארער“ ליטעראטור.... אין דער הינזיכט איז אפּאטאָשו געהענטער צו אונזערע עלטערע שרייבער ווי צו די יונגע דיכטער. זיי, „די יונגע“ שרייבען פון זיך און פאר זיך. אדער פאר מענשען, וואָס זיינען ענליך צו זיי. אבער אפּאטאָשו שרייבט פאר׳ן עולם. איהם אליין קען מען ניט זעהן אונטער זיינע העלדען. שרייבט ניט פון זיך. דערמיט איז ער גאנץ אנדערש ווי די אנדערע יונגע דיכטער. זיי שרייבען אויטאָביאָגראפיש, ער — ביאָגראפיש. זיי געהען אין דער טיעף, ער — אין דער ברייט... דעריבער איז ער ניט שעפּפעריש, נאָר — ערפאָלגרייך...

אפּאטאָשו האָט אבער דערפאר אנדערע מעלות. ער האָט יענעם כח צו מאכען זיינע העלדען אויסזעהן אזוי ווי לעבעדיגע. איהר קענט זיך פון זיי ניט בעפרייען. ער גיט אין זיי אריין אזא לויפענדען אימפּעט, אז איהר מוזט זיי נאָכלויפען. איהר קענט מיט זיינע העלדען ניט זיין אזוי נאָהענט ווי מיט חברים; אבער זיי שטעהען דאָך ווי לעבעדיגע פאר אייערע אויגען און איהר מוזט זיך מיט זיי פעראינטערעסירען. ער האָט אויך א וואונדערבארען זכרון פאר געשפּרעכען. ער קען זעהר גוט די שפּראך־מימיק. זיינע העלדען רעדען אזוי נאַטירליך, אז ווען זיי וואָלטען געזעסען ביי אונז אין הויז לעבעדיגע וואָלטען זיי אויך ניט גערעדט בעסער. אין דעם ראָמאן „פון ניו יאָרקער געהעטא“ רעדט מיסעס ריטש׳ס שוועסטער מיט יעדען קנייטש ווי עס פּאסט פאר אזא פרוי. דאָס אייגענע דער אלטער משה. אמבעסטען איז ארויסגעקומען דער שכור דזשייק. אפּאטאָשו גיט איבער זיינע רייד מיט יעדען טאָן פון זיין שטימע.

אָט איז א געשפּרעך צווישען דזשייק׳ן און סעמ׳ען:

„— סטאָפּ, דזשייק, אז נישט געה איך שוין אוועק!

„—א־רייט, מיין באי“ — האָט דזשייק געוואקעלט מיט דער צונג און אָנגעהויבען שטילער צו רעדען — אָל־רייט, הער זיך

איין: כ'פיהל אז כ'וועל שוין לאנג נישט אנטרייבען, מיך ארט נישט! נאר איין זאך וועל איך דיך בעטען, הערסט, איין זאך: ברענג זי אהער — —

— וועמען? — האט סעם זיך געפרעגט.

— דארפסט נישט זיין „דזשעלאס!" וואס פאר א קאנקורענט בין איך דיר! דו מיינסט כ'וויים נישט, אז ס'שטינקט פון מיר. אז דו האסט ניט געקענט ליגען נעבען מיר? טא וואס האסטו מורא? ברענג זי — — ווען דו וואלסט געוואוסט ווי איך האב זי פיינד און פונדעסטוועגען... כי, כי, אר — האט ער זיך צעוויינט — פאלי'ן מיין איך — —"

אפטמאל האנדלען די מענשען ביי אפּאטאשו'ן אנדערש ווי דער שכל דיקטירט זיי:

„לאה האט געזידעלט וואלפ'ען ער זאל ניט קומען צו איהר און זי פערגעסען, און אין דער זעלבער צייט פלעגט זי קומען א שעה פריהער אויף דעם פלאץ וואו זיי האבען זיך געדארפט טרעפען".

אפּאטאשו האט אויך אריינגעבראכט נייע פראסטע ווערטער וואס ווערען בענוצט אמיינסטען אין פוילען. זיין אידיש איז א נאטירליכער. ער סטיליזירט ניט. זיין שפראך איז ניט פון בוך, נאר פון לעבעדיגע מענשען. אויך זיינע אריגינעלע פערגלייכונגען זיינען אפטמאל דעקעראטיוו, אמאל פסיכאלאגיש, טהיילמאל באַנאל, אבער אימער שארף און אייגענארטיג:

„א אידענע ווי א טערק."

„א צוקנייטשט פנים ווי א געבאקענער ווינטער־עפּעל."

„לייפקע האט זיך אבגעשאקעלט פון די קלעפּ ווי א הינטעל וואס שפּרינגט ארויס פון וואַסער."

„ברוינע באקען ווי די קארע פון גוט אויסגעבאקען געבייטעלט ברויט."

„די רויטקייט פון די באקען איז איהם אריין אין דער שפּיץ נאז."

ס'איז אפשר כדאי צוברענגען נאך איינעם, צו ווייזען ווי מיט א גוטען פערגלייך געלינגט אפּאטאשו'ן איבערצוגעבען דעם געפיהל פון זיין העלד:

„אצינר בערוהיג זיך — האָט פאַלי געזאָגט און זיך צורעכט געמאַכט די האָר — זיי נישט בייז און גיב מיר א האנד, אָט אזוי !

סעם האָט נישט געענטפערט, געגאנגען מיט פּאַלי׳ן אהיים און געווען צופריעדען וואָס ער איז ווידער נעבען איהר, און כאָטש דאָס הארץ האָט איהם געזאָגט אז פּאַלי וועט זיינע נישט זיין, אז פּילייכט נאָך מאָרגען וועט זי עמיצער צונעהמען פון איהם, פונדעסטוועגען האָט דער געזונטער סעם ד ע ר פ י ה ל ט י ע־ נ ע פ ר י י ד פ ו ן א ק ר א נ ק ק י נ ד, ו ו א ָ ס ו ו י י ס, א ז ד ע ר פ אָ ט ע ר נ אָ ר ט א י ה ם ו ו ע ן ע ר ש ע נ ק ט א י ה ם ז י י ן ג אָ ל ד ע נ ע ם ז י י־ ג ע ר ע ר ז אָ ל א י י נ ע ה מ ע ן ד י מ ע ד י צ י י ן א ו ן א י ז פ אַ ר ט ב ש ע ת מ ע ש ה צ ו פ ר י ע־ ד ע ן“.

*

אפּאַטאַשו׳ס גרונד פּעהלער איז וואָס ער מאָהלט ניט קיין טיפּ־ פּען כאראקטער. ער גיט נאָר דאָ און דאָרט שטריכען פון מענשען, אָבער קיין גאַנצען כאראקטער־טיפּ האָט ער נאָך ניט געשאַפען. גנבים זיינען איינזייטיגע מענשען. דערפאַר צובעגרעניצט.

פאַר וואָס האָט אפּאַטאַשו פּונקט אויסגעקליבען צו מאָהלען גנבים ? ער האָט מיר אמאָל אזוי געזאָגט :

„ביי אידען איז ניט געווען קיין ראָמאַן. און אז א אידישער שרייבער האָט געוואָלט שרייבען א ראָמאַן האָט ער געמוזט מאָה־ לען די ליעבע אויפ׳ן ראַנד פון לעבען. ווען מענדעלע האָט גע־ וואָלט מאָהלען ליעבע, האָט ער גענומען פאַר זיין העלד „פישקע דעם קרומען“. פּרץ האָט ווידער גענומען דעם פעלטשער, דעם קלעזמער. אַלץ אוואַנטוריסטישע נאַטורען. ווייל קיין העכערע קלאַס איז ביי אונז ניט געווען. דאָס לעבען פון קליינע געשעפטסלייט איז געווען צו מאָנאָטאָן, די ארבייטער האָבען ווידער געלעבט צו גרוי, צו וואָכעדיג. קיין קעניגען, קיין פּרינצען אָדער גראַפען איז ביי אונז ניטאָ: דערפאַר האָט מען ביי אונז אין דעם ראָמאַן געמוזט נעהמען מענשען, וואָס שטעהען אויפ׳ן ראַנד פון לעבען. דערפאַר האָב איך גענומען דעם גנב, דעם אוואַנטוריסט, ביי וועמען ס׳איז דאָ האַנדלונג, געוואַגטקייט, געפאַהר און ליעבע.“

און מען מוז אנערקענען, אז ס׳איז איהם געלונגען צו געבען

א ראמאן פון גנבים. דער פערד־גנב איז מייסטעריש געשריבען. אמת, קיין פיינער נאכגעפיהל בלייבט ניט פון אזא כאראקטער. ווייל דיזעלבע עקסטרעמעטעטען פון פאסיאן — וואס דאס ווערט סוף כל סוף דערווידער.

די ליידענשאפט איז נאר שעהן ווען זי איז פערהילט, פערליידט אין א פארם. אבער ביי אפאטאשו איז זי פארמלאז, צולאזען... דערפאר מאנכעס מאל אבשטויסענד. אין איהם רעדט איבערטריבענער טעמפעראמענט אוים פראטעסט צום איינגעבוירענעם אסקעטיזם. ס'קלינגט אפשר פאראדאקסאל, אבער אזוי איז דאס: איבערטריבענע שטארקייט קומט פון שוואכקייט...

אבער דאך ווערט אונז אפילו זאנוויל טהיילמאל נאהענט. פאראן מאמענטען ווען ער ליידט אזוי טיעף מענשליך, אזוי טראגיש, אז מיר ליידען מיט איהם מיט. די טראגישקייט פון צופאל, די אייביגע אונרוה שפירט איהר אין דער איבערלעבונג ווען זאנוויל פערשלאפט און פערשפעטיגט צו זעהן רחל'ן. וויפיעל פיינליבער וואהנזין איז פאראן אין דעם אריינשפרינגען ביינאכט דורכ'ן פענסטער איבערצובעטען רחל'ן. און וואס פאר א פערסמ'ענדען ענטפער ער קריגט פון איהר:

„דאס פאסט פאר א גנב!"

ווי פערשאלטען זיינען מענשען, ווען זיי הערען זיך אויף צו פערשטעהן!... ווי גרוים זיינען דאן די אומזיסטע ליידען:

„זאנוויל'ען האט זיך געדאכט, אז דער מח פלאצט, צופאלט אויף שטיקער, און אין די אויערען האט כסדר געקלונגען: — דאס פאסט פאר א גנב! פאר א גנב!"

ווי גרוים איז דא דער צער פון מיסגעפיהל, ענטוישונג און פערדרוס. דא ווערט אונז זאנוויל נאהענט. מיר זעהען אין זיינע ליידען אויך אונזערע. ווייל דא ליידט ניט זאנוויל דער גנב וואס האט דורך א צופאל געהאט א שלעכטע ערציהונג און א שלעכטע פראפעסיע — נאר דא ליידט דאס אייביג אונרוהיגע מענשליכע הארץ, וואס איז פעראורטהיילט צו ליידען אהן א פארוואס...

זאנוויל ווערט אונז אויך סימפאטיש אין זיין שטרעבען צו ווערען א בעסערער מענש, אין זיין ראנגלען זיך ארויסצורייסען פון זיין שלעכטע סביבה:

„צייט זאנוויל האט זיך בעקאנט מיט רחל'ען האט ער גענומען

אלס מעהר און מעהר אויסמיידען זיינע פר הערדיגע חברים.“

אבער אזוי ווי ביי אלע מענשען איז פון וועלען ביז קענען זעהר ווייט, אזוי איז אויך ביי זאנוויל’ען זעהר שווער זיך אבצוגעוואוינען פון שענק און זיינע חברים. און ער כאפט זיך פון צייט צו צייט צו צום טרינקען און פערברענגען מיט מאנק’ען, אבער ער איז שוין מעהר ניט צופריעדען מיט זיך. ביי זאנוויל’ען איז דא געוויסען. עס בעקומט איהם מעהר ניט דער פערגעניגען:

„זאנוויל איז צומישט געווארען, און געפיהלט אז ער ווערט אוועקבלאס. ער האט מאנקע’ן אויפגעהויבען אויף די הענד און זי אוועקגעזעצט אויף א לעדיגע שטוהל. איהם האט זיך געדאכט, אז רחל שטעהט אין ווינקעל א בלאסע, א פערוויינטע און קוקט אויף איהם, קוקט ווי ער האלט מאנקע’ן“.

דא האבען מיר דעם אידישען געוויסען וואס לאזט ניט זינדיגען. ביי זאנוויל’ען איז דא דער געפיהל פון יושר. ניט קיין אויסערליך אנגענומענער, נאר אן איינגעבוירענער פון דור דורות. ער קען ניט פערליידען קיין אונגערעכטיגקייט אויף וויפיעל ער פערשטעהט דאס. ווי גראב אפאטאשו’ס מענשען זאלען ניט זיין, ווייזען זיי אין געוויסע מאמענטען, אז טיעף אין זיך האבען זיי קולטור. דער שטארקער סעם „פון ניו יארקער גהעטא“ האט זיך געשלאגען מיט’ן איטאליענער אזוי לאנג ווי עס איז קיין בלוט ניט גענאנגען. אבער: „גלייך ווי סעם האט דערזעהן דאס בלוט, האט ער זיך א רוק אבגעטהון, אנגעהויבען און געפיהלט ווי די הענד הייבען זיך שוין נישט מעהר ווי פריהער.“

דאס איז ניט בערעכענט מיט’ן אינטעלעקט, נאר דא האט דער איד אינסטינקטיוו דערפיהלט די ג ר ע נ י ץ. ביי אידען איז די עטיק ניט קיין אויסגעלערענטע. זי איז אין אונז. דער יושר ווייזט זיך אפילו ארויס ביי מענשען פון דער אונטערוועלט. אליהו, דער פערד־גנב שטעכט זיין קאמעראד, דעם שייגיץ, פאר וואס ער האט אומזיסט גע’שחט’ען דעם זשרעבאק. פערשטעהט זיך, אז די עטיק דריקט זיך דא אויס אזוי ווי ביי גנבים. אבער דאך איז ביי זיי דא א גרעניץ וואס מען מעג און וואס מען טאר ניט. און דער אידישער יושר ווייזט זיך ארויס אויף פערשיעדענע מדרגות. ער ענטפלעקט זיך אנדערש ביי’ן רב און אנדערש ביים גנב, אבער ער לייכט אין יעדער אידישער נשמה.

אבער ניט קוקענדיג אויף אלע זיינע מעלות, איז אפּאטאשו צו דעם ווייטסטען גרענעץ פון זיינע מעגליכקייטען נאך ניט דערגאנגען. פאר וואס? ווייל איהם פעהלט א העכערער לעבענסבליק. ער האט ניט קיין אידעאלע בעציהונג צו וועלט און מענשען. פאר איהם איז בלויז דא אינטערעס. ער טהיילט איין די וועלט אין אינטערעסאנטע און ניט אינטערעסאנטע זאכען. אזא בעציהונג האבען נאר מענשען, וואס גליטשען זיך אויף די שטיינער פון דער דרויסינער וועלט. א מענש, וואס האט אינערליכעס, הייליגעס ווארפט אויף אלעם זיין שיין... און דאס קליינע ווי דאס גרויסע ווערט פאר איהם אינטערעסאנט:

"There is no great and no small
To the Soul that maketh all."

זאגט עמערסאן.

אפּאטאשו מאהלט אפשר דערפאר דאס גראבע, דאס דרויסענדיגע, דאס גשמיות'דיגע אין לעבען, ווייל איהם פעהלט ראיה פאר דאס אונענדליכע, פערבארגענע... ער זעהט בלויז דאס רגע'דיגע, פערגענגליכע... זיינע מענשען לעבען נאר מיט די מינוטען. ניטא ביי זיי די אונרוה פון אייביגקייט... זיי ציהט ניט, זיי טראכטען קיינמאל ניט פון עפּעס ווייטעס... אונדערגרייכבארעס. אלעס איז ביי אפּאטאשו אזוי מעגליך, זעלבסטפערשטענדליך — ניטא קיין אונבעגלייפליכעס, גייסטערהאפטעס, קיין מיסטעריום, ווי דאס לעבען וואלט געווען מעכאניש פאראויס בערעכענט.

אבער אין לעבען איז דאס ניט אזוי, און ס'דארף אויך אזוי ניט זיין אין דער קונסט.

קונסט איז א גריבלען אין די אייביגע סודות, א ראנגלען מיט זיך אין די וועלט, אן ארויסגעריסענער, א פערפרוירענער מאמענט פון זעעלען-ציטער. דאס אונאויסדרוקבארע וואס איז אין לעבען איז ברעקלאך און ווערט ניט בעמערקט, ווערט פערגליווערט אין דער קונסט אין גאנצע געשטאלטען און בלייבט אייביג צו זעהן, און צו אינספּירירען...

האט אונז אפּאטאשו עפּעס געגעבען וואס זאל אונז אינספּירירען?

יעדער אמת'ער קינסטלער מעקט אויס די מאפּע פון דער וועלט און שאפט זיך א נייע מיט אייגענע וועגען. איינער פון די

וועגען ווערט זיין הויפטוועג.
ווייזט אפּאטאשו זיין נייעם וועג?
דער ענטפער איז א נעגאטיווער.
בלייבט טאקע די פראגע, צו וואס פיהרט ער אונז?
א לייכטען מאך מיט דער האנד אויף דעם היינט איז וועניג.
דער אמת'ער קינסטלער דארף ניט בלויז אויפוועקען פון שלאף, נאר אויך ווייזען א וואהרען חלום...

וואס מען בעדארף, איז ניט מאהלען שוין לאנג אבגעלעבטע מלמדים, שחטים, הענדלער, און גנבים. מען דארף שאפען העלדען. העלדען פון אונזער צייט. כאראקטערען וואס האבען איבערגעלעבט און איבערגעליטען אלעס וואס מיר האבען איבערגעליטען און זיינען דאך געקומען צו א נייע האפענונג, א נייעם שיין...

דער ראמאן דארף ניט בלויז קאפּירען דאס לעבען, נאר דארף אויך זיין א מוסטער פאר'ן לעבען. מיט אנדערע ווערטער, די העלדען דארפען ניט זיין קיין פאטאגראפיען פון מענשען, נאר מ ו ס ט ע ר ע ן פון מ ע נ ש ע ן.... אז די קונסט וועט זיך שטעלען העכער פון לעבען וועט זיך דאס לעבען אויפהויבען צו דער קונסט... ווייל דער טענדענץ פון לעבען איז צו אויסברייטונג, ערהויבונג. עס דארף נאר זיין א וועגווייזער און דאס לעבען פאלגט. און דער נייער העראאישער העלד דארף ווערען אונזער וועגווייזער. ער דארף אבער זיין אן אלמענשליכער כאראקטער, וואס זאל זיין נאהענט צו אלעמענס הערצער.

וועט איהם אפּאטאשו בעשאפען?

אין דעם נייעם ראמאן „אין פוילישע וועלדער" האט זיך אפּאטאשו שוין פערמאסטען צוגעבען גאנצע אידישע טיפּען. אידען וואס זאלען זיין אזוי פעסט ווי די דעמבעס אין די ליפּאוועצער וועלדער.

דער ראמאן הויבט זיך אן מיט א שילדערונג פון א משפּחה, וועלכע האט דורות לאנג געלעבט אין די פוילישע וועלדער און געפיהרט א פּראסטען אבער געזונדען לעבען. די שטארקע וואלד־אידען האבען ניט געוואלט וויסען פון קיין איבערגעשפּיצטע חכמות, פון צופיעל קאפּדרייערע און פּלפּול. זיי האבען געפיהרט א פשוט לעבען און געפיהלט אזוי ווי די בוימער פון וואלד.

אפאטאשו וויל אין דעם ראָמאַן ווייזען, אז ווען די אידען זיינען געווען רויה, פרימיטיוו, זיינען זיי געווען שטאַרק ווי ריעזען. אבער ווי נאָר זיי האָבען זיך בעקאנט מיט'ן חסידיזם זיינען זיי געוואָרען שוואַך. די אידעע האָט זיי צובראָכען.

אפאטאשו האָט זיך אין דעם ראָמאַן זעהר גרויס פערמאסטען. ער וויל פאַר אונז דורכפיהרען די אידישע דעגענעראציע און ווייזען ווי פיעל אידען זיינען געוואָרען אבגעשוואכט, ערוועקט זיך פאַרט אין אונז די כחות פון דורות און מיר האָבען די קראַפט אריבערצוטראָגען אַלע געפאהרען און זיך ניט פערלירען.

אין דעם ראָמאַן זעהט מען, אז ביי אפאטאשו'ן איז פאָרגעקומען אן איגנערליכער ריס. א נייער דראנג האָט זיך אין איהם גענומען ראנגלען. ער האָט געקרוגען א ווידערגעפיהל צו זיינע גראבע, חומר'דיגע מענשען, און גענומען ווייזען מענשען מיט נשמות און מיט נשמה'דיגע פערלאַנגען. ער האָט זיך פערבענקט צוריק צו דעם פערבאָרגענעם צדיק, צו דעם אידישען מקובל.

דער גאנצער ראָמאַן איז נאָך ניט געדרוקט. נאָר פון די איינינגע קאפיטלאַך קען מען זעהן, אז דער פערפאסער האָט גענומען גראבען טיעפער. אין דעם קאפיטעל „מלקות" געלונגט דעם פערפאסער איבערצוגעבען אויף א זעלטענעם אופן ווי טיעף מענשליך זיין העלד מרדכי לעבט איבער זיין אויסערגעוועהנליכע רעליגיעזע אונרוה.

אין דעם ראָמאַן „אין פוילישע וועלדער" ווערען ארויסגעפיהרט פיעלע אידעען. דער פערפאסער האָט אויך פרובירט אנריהרען די משיח־אידעע. אבער איצט איז נאָך שווער צו זאָגען צו עס איז איהם געלונגען די קאָלאָסאַלע אידעע צו פערטיעפען. פון דעם וואָס מיר האָבען ביז איצט געלייענט האָט מען נאָך דאָס ניט געקענט זעהן. שעהן איז דאָס קאפיטעל „פערדעם", וואו ער וויל ווייזען אז נאָך אַלע שטורמען וואָס אידען האָבען דורכגעלעבט זיינען דאָך געבליבען גאנץ די פעדים וואָס פערבינדען אונזער פערגאנגענהייט מיט אונזער צוקונפט.

דאָס זיינען די אייביגע פעדעם, וועלכע וועלען צוריק פערבינדען אונזער דור מיט די דורות פון די אמאָליגע גרויסע אידען. אידען, וועלכע האָבען געהאט הייליגעס... אין דער וועלט — און אימער געשטרעבט צו א בעסרע !... צו א הייליגע וועלט !...

דער מענש.

משה נאַדיר האָט מיך דערפרעהט. ער האָט צופריעדענגעשטעלט מיין פאַנטאַזיע וועגען איהם. אזוי האָב איך געוואָלט זאָל ער אויסזעהן.

אז מען האָט ליעב א שרייבער, מאָהלט מען זיך אויס זיין געשטאַלט, און מען ווערט נייגעריג איהם צו קענען פערזענליך.

משה נאַדיר, האָב איך זיך אלע מאָל פאָרגעשטעלט, מוז זיין א גוטמוטיגער, א גוטברידערליכער, און ער איז טאַקע אזוי.

משה נאַדיר איז א הויכער, א בויגיגער: פעסט געבויט, ברייטע פלייצעס, א געזונדער קארק און א הויכע ברוסט.

זיין פנים: אפאַטיש און סענטימענטאל. זיינע ליניען: ציטערדיג און גלייכגילטיג. ליידענשאפטליך און בלאס. פיבעריש און רוהיג...

זיינע אויגען: ברויז־לאכענדיג און מעלאנכאליש — פלירטירענד און דאָך פערבאָרגען ערענסט... אבער תמיד לייכט און אינטים...

זיין הויכער אידישער שטערן: מיט דינע דאָפּעלע עלעגאנטע קנייטשען. די שווארצע האָהר אויף זיין שטאָלצען קאָפּ, מיט זילבער דורכגעוועבט — און אויף זיינע רונדע פולע ליפּען, א זיך זעלבסט פערמאטערענדער מיעדער שמייכעל...

נאַדיר איז תמיד אונבעשטימט, נעגאַטיוו, לייכט־בליקיג אבער ראפינירט און גראציעז. געקליידעט געהט ער אימער נעט, אָבער ניט אָנגעשטרענגט. מיט זיין קליידונג מאכט ער דעם איינדרוק פון א ניט־אונזעריגען.

משה נאַדיר איז דער געבוירענער אריסטאָקראַט, ווען עס האָט דערעסען זיין אריסטאָקראטיש־זיין. רייסט ער פון זיך אראָב אלע שטייף געפּרעסטע קליידער פון קאָנווענציאָן, און טהוט זיך אָן א ווייכען כינעזישען מאנטעל, מיט ברייטע ארבעל, און שפּרייזענדיג איבער'ן צימער א לייכטער, א לופטיגער, צייכענט ער אויף זיינע לירישע שמעטערלינגען.

אנדערע געהען ארום מיעדע, אָבגעלאָזענע, גלייכגילטיג צו מענשען — אָדער אָנגע'ברוגז'ט, קאלט. טייל זיינען פיקטורעסק־פער'חלומ'ט, אונצופריעדען, גלייך יעדער איינער וואָלט זיי עפּעס שולדיג געווען. נאַדיר איז קיינמאָל ניט ברוגז, אָנגעצויגען, אָדער

גלייכגילטיג. ער מעג אייך נאָר האָבן געזעהן איינמאָל, געדענקט ער אייך שוין, און ווערט מיט אייך גוט־ברודער. ער האָט פאַר יעדן איינעם א גוט וואָרט. איהר מעגט זיין אין דער ערגסטער שטימונג, ווערט איהר אין זיין געזעלשאַפט פרעהליך, געמיטהי־גער.

נאַדיר פערוואַנדעלט דאָס גאַנצע קלוג־נאַריש לעבן אין א געלעכטער. און דעם דאָזיגן, צום געלעכטער געוואָרענעם לעבן, איז ער אין הארצן א טיעפער שונא — פערלאַכט עס, פער׳חוזק׳ט עס, דער׳הרג׳עט עס ביי יעדער געלעגענהייט, און מאַכט דערפון א שפּיעל. ער דאַרף ניט קיין סך טראַכטן, וואָס איהר זאָלט ניט זאָגן, האָט ער דערויף אן איינפאַל, א פּערטיעפּטקייט, א שפּרו־דעלדיגען וויץ, און איהר מוזט מיט איהם לאַכן. און ער אליין לאַכט אויך. נאַדיר לאַכט אליין פון זיינע אייגענע איינפאַלען. זיי קומען צו איהם ניט געריכטערהייט, דעריבער קוקט ער אויף זיי ווי אויף פרעמדע. און אז זיי געפעלען איהם לאַכט ער — לאַכט מיט זיך...

אָבער נאַדיר קען לאַכען פון זיך אויך. דער חוש פאַר הומאָר איז ביי איהם אזוי שטאַרק, אז ער קען קוקען אויף זיך אביעקטיוו. און לאַכען פון אייגענע שוואַכקייטען. א מענש וואָס קען דאָס ניט, קען ניט זיין זעלבסט־קריטיש. אָבער נאַדיר קען זיך. ער איז ק ר י ש ט א ל ד ו ר כ ז י כ ט י ג פאַר זיך אליין. און דער וואָס איז זעלבסט־קריטיש, האָט א רעכט צו זיין קריטיש. נאַדיר איז ביידע — און נאָך מעהר... און דערפאַר פערוואַנדעלט ער זיין אייגענעם טראַגיזם אין געלעכטער — אין דעם דומף־קלינגענדען געלעכטער פון זעלבסט־דערקענטניש, פון זעלבסט־קריטיק.

נאַדיר לעבט אין ווידערשפּרוכען. דאָס איז זיין פאָרמע. זיין ראַהם איז די אונענדליכקייט, די ראַהמלאָזקייט, און ווי דער קאַפּריזנער קעניג־זוהן פון זיין לעגענדע „פון גאָלדענעם גאָרטען" צייכענט ער אָפּטמאָל דעם ראַהם, און דאָס בילד אליין מאַכט ער פון האָלץ... דאָס איז נאַדיר׳ס פילאָזאָפיע — די פילאָזאָפיע פון זיין מעלאַנכאָלישען הומאָר, פון טויטענליכט, וועלכע שפּיגלען אָפּ ס׳לעבען — דאָס אונרוהיגע, זיך אייביג־ווידערשפּרעכענדע, עקס־צענטרישע לעבען.

* * *

קאפריזען.

נאַדיר זעהט ניט בלויז, נאָר ער שפּיאַנירט אויך. און יעדער זאַך וואָס קומט אונטער זיין אויג ווערט דורכזיכטיג. ער צושפּאַלט זאכען מיט זיין קריטישען בליק אזוי, אז זיי ווערען פּלאַטערדיג־דין, הויך דעליקאַט. ער בענוצט זיך דערביי מיט פערשיעדענע אינסטרומענטען, מיט פערשיעדענע פאָרמען פון הומאָר. אבער צום בליציגסטען ווייזט זיך ארויס זיין אָריגינאַליטעט דאָרטען וואו ער קען לייכט שפּרינגען און טאנצען מיט פּאַראַדאָקסען, פערשייטקייטען און קאַפּריזען.

צו דער פראגע : וואָס איז קאַפּריז?

קאַפּריז איז דאָס פערווינקלען זיך פון קינסטלער. אריינפּרעסען די גאנצע וועלט אין זיין איך־ווינקעל. פּריזמאַטיש צונויפּברענגען אויף איין פּונקט אלע ברענפּונקטען פון זיין נשמה־פּייער. נישט געפעלען דעם לעזער, נאָר ב ע ז י י ט י ג ע ן א י ה ם. און נאַדיר בעזייטיגט איהם מיט אלע שפּיצלאַך און פערשאַרפטקייטען. ווי יעדער אינטואיטיווער מענש, ווייסט נאַדיר, אז עס איז איבעריג צו פערפּראָבלעמאזירען וועלט־פּראָבלעמען און צו פערקלוגען קלוגהייטען. נאַדיר זאָגט : אנדערע שרייבען קלוגהייטען פאר נאַראָנים, איך שרייב נאַרישקייטען פאר קלוגע... ער גיט אייך וועלט־ראַנגלערייען אין גראָטעסטקען פאָרם, קורצאָטהעמדיג און שאַרף. ער נעהמט די העכסטע לעבענס־פּראָבלעמען און וואַרפט זיי אַרונטער אזוי נידעריג — ביז צו די זוילען פון די שיך :

„איך רייב אויס די שיך.

איך געה און רעד וועגען מלחמה און — די שיך רייבען זיך דערווייל אויס.

איך געה און ערקלער זיך אין ליעבע און — די שיך רייבען זיך אויס.

איך ענטלויף פון דער ציוויליזאציע און — די שיך רייבען זיך אויס און ווערען א תל.

איך געה אויף קידוש השם און געהענדיג רייבען זיך דערווייל אויס די זוילען, און איך מוז זיך אבשטעלען ביי א שוסטער...

איך געה אנטקעגען דעם טויט, און געהענדיג צום טויט, נוץ איך דערווייל אויס א מאסע שיך, און עס קאָסט מיך אָפּ אן אוצר

מיט גאָלד.

זאָ וואהר איך לעב!"

אָדער ער נעהמט מענשליכע ווערטהען, קאָלאָסאַלע געשעהע־נישען און פערטאָגטעגליכט זיי אזוי, אז זיי ווערען פאַר אייך קלאָהר ביז אבסורד. און איהר קענט שוין מעסטען זייער וויכטיג־קייט פאַר'ן מענשליכען לעבען מיט אזא וואָכעדיגער זאך ווי קאווע און קוכען:

„זאָגער און בעהויפטער.

זיי *בעהויפטען*. איך — *זאָג*.

איך „בעהויפטע" נישט.

איך בעהויפט אפילו נישט, אז *זיי* בעהויפטען. איך זאָג נאָר.

דער אויסגאנג פון דער מלחמה? — איך טרינק מיר מיין קאווע און — צווישען טרונק און שלונג *זאָג* איך.

זיי? — זיי שטעלען אוועק ס'טעלער'ל מיט עסען, ווישען זיך אָפּ באָרד־און־וואָנצען, פוצען זיך אוים די אויגען, און *מאַכען* *א* *בעהויפטונג*...

זאָג *איך*, אז זייערע בעהויפטונגען זיינען מלמדיש, און מעג זיי דער טייוועל נעהמען.

*ווייל* *נאָך* *אלע* *פרייהייטען* *קומט* — *דער* *טוידט*. *רוסישע* *רעוואָלוציאָנען* *העלפען* *נישט*.

און איך טרינק קאווע און איך עס גוטען קוכען מיט אן אייערדיגען פראָסט פון אויבען.

און איך קוק אין שפּיגעל צו זעהן, צי דער שמייכעל ליעגט ניט קרום אויף מיינע ליפּען, צי ער וועט נישט אראָפּפּאַלען...

זעהט דער הערר בעהויפּטער, אז דער פּאָהנפּלאַטעריזם פון זיין פּאַרטיי קיהלט נישט מיין הייסע, הויכזומערדיגע נשמה, *בעהויפּטעט* ער, אז מיינע זאָגערייען וועלען יונג שטאַר־בען, ווייל לויט זייער *הויכקייט* האָבען זיי נישט די *וואָג*.

א סימן, אז זיי זיינען שוואך און נישט מיליטער־פעהיג.

טרינק איך מיין קאווע (שטאַרקע) מיט פראָסטקוכען און איך זאָג און זאָג — נארישע רייד, קלוגע רייד. וואָס געהען מיך אָן

מיינע רייד, די טויטע טראָפּענס אָטעם?

איך בין זייער שקלאַוו נישט, ברודער!

זאָג איך: פרייהייט, גלייכהייט, ברידערליכקייט, קאַווע, קור־כען, קאַלאַמעאַ, אידענשטאַאַט, פּראָפּאַן, פריימויערער, דאַנקאַן, אבימלך, עטצעטראַ."

וויפיעל טיעפע פילאָזאָפיע, ווי פיעל אמת, איז פערבאָרגען אין די קאַפּריזען?

אַז נאַדיר געהט צו צו אַ פראַגע, ריהרט ער איהר באַלד אַן ביים דנאָ. אַט ווי ער מינעוועט אונטער מלחמה־העלדישקייט. ער זעהט ווי מען פיהרט צוריק פון די שלאַכטפעלדער די צושאָסענע העלדען. אבער זיי זיינען שוין מעהר נישט קיין העלדען, נאָר האַלב דערקוילעטע חיות. און אין דעם טריפּ־טריפּ קלאַפּען פון די בלוט־טראָפּענס, הערט ער ווי זיי שרייען:

„זאָל דער טייוועל נעהמען אַלע אייערע קרייצען און מע־דאַלען, טריפּ־טריפּ מיר שטאַרבען, און אַז מיר שטאַרבען, שטאַרבט מיט אונז אָב די גלאָרייכע צוקונפט. שטאַרבען מיט אונז אַלע מעדאַלען. שטאַרבען מיט אונז אַלע פראַכטפולע עפּעל און באַרען און פלוימען און אידעען און בלומענגערטנער און רויטע זונען און בלאַסע לבנות און ראָמאַנטישע ערצעהלונגען וועגען העלדען — טריפּ־טריפּ, צום טייוועל!..."

און דאָס אַלץ איז געשריבען אין אַ שטיפערישען קאַפּריזנעם אַט־אַזוי־זיך־טאָן, אַז איהר שמייכעלט אפילו אויף דעם, אויף וואָס איהר דאַרפט זיין אין כעס און שרייען.

אינטימיטעט.

אַנדערע קינסטלער שרייבען, ווי זיי וואָלטען געשטאַנען אויפ'ן אָלימפּוס־באַרג, און אַרונטערגעגרויסט זיך צו זייערע קנעכט. נאַדיר, כאָטש אַ קינסטלער־אַריסטאָקראַט, איז אבער אינ־טים אין זיין שרייבען. ער דונערט ניט ווי צעאוס פון אָלימפּוס, נאָר ער שרייבט, ווי ער וואָלט געזעסען מיט זיינע לעזער ביים טיש און געטרונקען שאַמפּאַניר וויין.

נאַדיר קולטיווירט נישט דאָס וואָס ער שרייבט — ער אָט־העמט עס. ער מעקט אָב די גרעניץ צווישען דעם פערפאַסטען און

געלעבטען. אין געשפרעך פאלט איהם איין א שעהן ווארט, א קלו־ גער וויץ, און באלד געפינט מען עס געדרוקט.

אויף נאדיר'ן קען מען זאגען אז ער ל ע ב ט זיין הומאר. א פיבערהאפט, העל ארויסלאכענד שטיל פערמעלאנכאלישט לע־ בען. ער איז אזוי אינטים מיט זיך, אז ער האט אנגעשריבען א דראמא, האט ער דעם הויפט העלד א נאמען געגעבען „משה נא־ דיר."

נאדיר איז זיך זעלבסט א פעליעטאן. איך בין איינ־ מאל צו איהם אהיימגעפאהרען דורכקוקען אייניגע זאכען פון זיינע שריפטען. איך האב איהם דערצעהלט, אז איך האלט אין ארויס־ געבען א בוך מיט פארטרעטען און כאראקטעריסטיקען. מיר הא־ בען גערעדט איבער פערשיעדענע זאכען, נאדיר האט זיך געווי־ צעלט איבער זיין אונשטערבליכקייט וואס איך געה פערפונדעווען אין דעם בוך. מארגען האט ער שוין אנגעשריבען א זאך וועגען דעם. אט איז עס:

„איך מאך אן איינדרוק

פערשווענדט עטליכע טעג אויף צו מאכען אן איינדרוק.

עס איז געווען: א בלאנדליכער יונגער מאנסביל, מיט א פיין פערקאמטער נשמה, איז ארויפגעקומען צו מיר אהיים און געזאגט:

— איך וויל דיך בעשרייבען אין א בוך, אין א גרויס בוך, מיט פארטרעטען און וויניעטען. אפשר האסטו א קאלטען טרונק?

גיב איך איהם א טרונק, און איך בעמיה זיך צו מאכען א טיעפען איינדרוק מיט מיין פריינדליכקייט, מיט מיין פיינעם שמייכעל, מיט מיינע אפאריזמערייען. איך וויים: עס איז א פראגע פון לעבען און טויט. פון א י צט אדער ק י י נ מ א ל ניט, פון ז י י ן אדער נ י ט ז י י ן, און אז יעדע מינוט וואס איך פערפעהל צו מאכען אן איינדרוק אויף מיין ביאגראף, איז גלייך ווי איך וואלט גענומען רויהע שטיקער אונשטערבליכקייט און וואלט זיי ארויסגעווארפען דורכ'ן פענסטער...

און דער טאג איז צעווארימט ווי א פערליעבט־און־נישט־ נעזעטיגטער מענש. און איך בין מיעד און מיין ביאגראף — נ י ש ט. און איך מוז אויף איהם מאכען אן איינדרוק. נישט אזוי צוליעב זיך אליין, ווי צוליעב מיינע קינדער, וועלכע נויטיגען

זיך אין א גאָט־בענאָבטען טאָטען. און איצט איז די צייט. איצט אָדער קיינמאָל נישט. און דאָס בוך, אין וועלכען מען וועט איבער מיר שרייבען וועט האָבען פאַרטרעטען און וויניעטען, און סע וועט זיין געבונדען אין א לעדערנער פאַררעדע און בעשניטען מיט גאָלד.״

נאַדיר איז דער אינטימסטער שרייבער וואָס מיר האָבען. אז איהר לעזט איהם, לעזט איהר ניט קיין פרעמדען, וועמען איהר דאַרפט גלויבען אויפ'ן וואָרט; אייך דאַכט זיך אז זיינע געדאַנקען זיינען גאָר אייערע. נאָר ער האָט געהאַט דעם טאַלאַנט זיי אויפצושרייבען און איהר האָט דעם טאַלאַנט צו לעזען.

פרעגט מען: צו לעזען דאַרף מען אויך האָבען טאַלאַנט?

געוויס. ווען די אידישע ליטעראַטור וואָלט געהאַט א בעדייטענדע צאָהל טאַלאַנטפולע לעזער, וואָלט זי נישט אזוי פערפאַרוועטערסט געוואָרען, נישט געוואָרען אזוי נאַכמיטאַג־פאָפולער. אזוי פ ל ע י ן ־ אידישדיג...

וואָס איז א קריטיקער, אז ניט א טאַלאַנטפולער לעזער? איינער וואָס קען אריינלעזען זיין נשמה אין א צווייטענס?...

נאדיר האָט מיר איינמאָל געזאָגט:

„מען האָט מיר איינגערעדט אז עס זיינען דאָ געשמאַקפולע לעזער ביי אידען, האָב איך פון מיין האַרץ־גאָרטען די גאַנץ אונשולדיגע בלומרשט־פערשייטע רויזען ארויסגעריסען און זיי אין א קליינעם בוך ארויסגעגעבען, האָט מען אין זיי תלמוד'יש פערדעכטיגטע פאַרנאָגראַפיע אריינגעלעזען.״

נאַדיר, דער אָריגינעלער, דער נייער, דער פּערזענליכער, דער מענש פון פיינעם פליטער־פלירט, האָט זיך געוואָלט געבען א לייכטען שפּיעל מיט די לעזער אויף אַן אינטימען אופן, א ווייל צו פערמאַכען דאָס מויל פון דער אונענדליכער לײדיגקייט... האָבען אָבער די פון לאַנג שוין שטייף איינגעפּרעסטע לעזער־הערצער, ניט פערשטאַנען אזא לייכטקייט און אינטימקייט. און ווער שמועסט די פערזשאַווערטע אמבאַסאַדאָרען פון אונזער קריטיק, זיי האָבען איבער דעם קליינעם בוך געשריבען גרעסערע און מעהר נאַרישקייטען ווי געוועהנליך. (און געוועהנליך שרייבען זיי אזוי פיעל ווי פיעל עס קען נאָר אריין.) זיי האָבען נעבעך פּשוט ניט געוואוסט אויף וואָס פאַר אן אופן הנאה צו האָבען דערפון. און אפילו ווי אזוי זיך צו ערגערען דאַריבער האָבען זיי נישט פערשטאַנען... האָ־

בען זיי עס אזוי קרום־אידישלעך, אזוי נידעריג־סעקסועל אויסגע־טייטש, אזוי אבשייליך אונמענשליך, ווי עס קענען נאָר שווער־ארבייטענדע אידישע נאָכמיטאג קריטיקער.

משה נאדיר איז פאר זיי צו אמת'דיג מענשליך, צו אונלייט־ארטיקעלדיג, דערפאר — אונפערשטענדליך. זיי קענען נאָר פער־שטעהן דאָס זעלבסטפערשטענדליכע, די אויס־געפוצטע טרואיזמען, אנגעבענטע שאבלאָנען — ער רייסט ארונטער יעדען שאבלאָן. נאדיר מאכט א פאראדיע אויף דער גאנצער אין־שאבלאָן־אריינגלאָריפיצירטער קונסט. ער לאכט אב פון אלע אויפגעגרויסטע קינסטלער. ער איז פערזענליך. ער וויל ניט פערשטעלען און פערלייקענען זיין אינטערעסאנטען א י ך.

נאדיר זאָגט:

„מיר „יונגע" גלויבען אז רעדען פון זיך אליין איז פונקט אזוי אינטערעסאנט ווי רעדען וועגען... א י ך, צום ביישפיעל.

זיין פערזענליך — הייסט זיין: מענשליך. ווי מיר זאָגען טאקע „פון מענש צו מענש". ניט פון שריפשטעלער צו לעזער, ניט פון גדולים צו קטנים, ניט פון זשעניען צו די ברייטע מאסען, נאָר פשוט: „פון מענש צו מענש."

ווילדע רויזען.

ווען מען לעזט משה נאדיר'ס „ווילדע רויזען", דאכט זיך פון אנהויב אז דער שרייבער האָט זיך געוואלט אביסעל שפּיעלען מיט'ן לעזער, איהם זאָגען אָהן ווערטער: מענש, זעה ווי ליידיג דו ביזט, ווי נאריש! און אויב ס'געפעלט אייך נישט, ווער איז שולדיג? אז איהר געפעלט זיך אליין נישט? זיי זיינען דאָך א י ע ר ע קליינליכקייטען, א י י ע ר ע זינד, א י י ע ר ע נישטיגקייטען. דערפאר קען איך אייך זאָגען די אונאנשטענדיגסטע אמת'ן און איהר מוזט פערבייסען מיט די ליפּען. איך קען אזוי טרעפליך שילדערען אייערע צורייצטע נישט־בעפריעדיגטקייטען, אייערע אלצומענשליכע מענשליכקייט, אז איהר מוזט צוגעבען, אז ס'איז ריכטיג. ווייל אזוי זעגט איהר אלע. איהר מענשען מיט ליידיג־געהענדע נשמות און פערפרומעלטע געזיכטער.

עס איז אפשר אביסעל צו געוואגט, אבער דערפאר איז עס ניי, איז עס אזוי קערענדיג־אמת ווי דער ווילד־רויזענדיגער פאקט, אז אָהן מיסט בליהען נישט די רויזען. עטצ.

פֿיעלע אנשטענדיגע „פֿרייע אַרבייטער שטימע"־לעזער וועלען פֿערדרעהען מיט די נעז, אוועקוואַרפֿען דאָס בוך און אויסרופֿען מיט טאָפּעלטער האַנד־פֿערצווייפֿלונג: וואָס האָט מיר דאָ דער פּערפֿאַסער געגעבען? אָבער יענע וואָס ווילען מען זאָל זיי געבען, דאָס וואָס זיי  ו ו י ל ע ן  עס זאָל זיי געגעבען ווערען, מיט יענע קען זיך משה נאַדיר ניט געדולדיגען. ווייל נאַדיר וויל זיך ניט אונטערטעניג מאַכען צום לעזער, נאָר איהם  ב ע ז י ע ג ע ן. ער איז ניט קיין אַנהענגער פֿון דער שוהלע, וואָס קעכעלט און פּעכעלט דעם ליעבען לעזער. וואָס נאַדיר וויל, איז שפּיעלען, שפּיעלען מיט זיך, פֿערשפּיעלען זיין לאַנגווייליע, פֿערשפּיעלען זיין שפּיעל פֿון וועלכען ער איז זיך אַזוי אונענדליך בעוואוסט. נאַדיר קוקט ניט אין שפּיגעל כדי צו שפּיגלען  ז י ך,  נאָר כדי צו זעהן ווי עס זעהט אויס יענער נאַדיר וואָס שפּיגעלט זיך, דער אַנדערער, דער פֿרעמדער.

נאַדיר האָט דערפֿיהלט די שרעקליכע לאַנגווייליגקייט פֿון לעבען, ער האָט אָבער אויך אין דער זעלבער צייט דערפֿיהלט די באַנאַליטעט פֿון געלאַנגווייליט־זיין. דעם שאַבלאָן פֿון וועלען זיך פֿעראונשטערבליכען דורך אָריגינאַליטעט.

כדי נאַדיר'ן צו פֿערשטעהן, דאַרף מען זיין, אָדער אור־פּרימיטיוו, אָדער הויך־קולטורעל. דער ערשטער  ע מ פּ פֿ י נ ד ע ט, דער צווייטער  פֿ ע ר ש ט ע ה ט.  פֿאַר איבערגאַנגס־מענשען האָט נאַדיר ניט קיין סימפּאַטיע, קיין פֿערשטענדניש. זיי דאַרפֿען אינטערפּרעטירער, גייסטיגע פֿערמיטלער. און משה נאַדיר האָט אַזוי פֿיינט דאָס קלאָהר־מאַכען. ער האַלט אַז דער דערוואַקסענער מענש מוז זיך נאָך מעהר שפּיעלען ווי אַ קינד, ווייל אַ קינד האָט זיין קינדישקייט וואָס איז אין  ז י ך  ז ע ל ב ס ט  אַ שפּיעל. אָבער וואָס זאָל טהאָן דער דערוואַקסענער מענש, דער איקאָנאָקלאַסט וואָס האָט שוין אַלע זיינע געטער צובראָכען אויף שטויב, זאָל ער פֿון דעם דאָזיגען געטער־שטויב זיך אַ נייעם גאָט אויספֿורמען? אַ גאָט פֿון הפקר'קייט, פֿון וואויל־יונגעריזם, פֿון פֿערשייטקייט? יאָ. ער זאָל. שאַפֿט משה נאַדיר זיינע מעלאַנכאָליש־פֿערשייטע ווילדע רויזען, אַבי דעם טויט־הונגער פֿון זיין איינזאַמקייט צו שפּייזען. אַבי טהעאַטעטיש צו לאָזען, — אין געדאַנק, — איבערפֿאָהרען אַ פֿינגער און ער זאָל האָבען די מער־

דער־פרייד פון וויסן אז זיין העלער זומער־אנצוג איז רויט־גע־פלעקט ווי ביי א גזלן...

און ווער עס האָט א געאיידעלטע נאָז און קען שמעקן דעם פעקוליערן דופט פון נאדיר'ס עקזאָטישע ווילדע רויזן. דער דערפיהלט אז אונטער די אלע וואויל־יונגערישע פערשייטקייטען, אונטער וועלכע נאדיר וויל זיך בעהאלטען, ליגט א טיעפער רעלי־גיעז־ציטערענדער פעסימיזם, ליגט די נישט־צווייפלענדע פער־צווייפעלטקייט. גרויזאם־בלענדענד ווי די ווייסע ליידינקייט פון דעם מענשענס טעג.

נאדיר פיהלט שטארק די נישט־גלאנציגקייט, די נישט־פער־שפרעכליכקייט פון די מארגענס וואָס ווערען ה י י נ ט ס, פון די רויז־פארביגע חלומות וואָס ווערען גרויע ווירקליכקייטען! און ער ווייסט אז דער מענשליכער ווילען איז נאָר ברייט און שטארק אין דער א י ד ע ע, אין דעם שטומען פערלאנג צ ו ו ו ע־ל ע ן. און דאָס מוטערעל נאטור פעראונטערטעניגט אונז, מאכט אונז אויספיהרען א י ה ר ווילען דורך אונזערען, און בעגרע־ניצט אונז. און איבער די גרויע מיט־מאך־בעוואקסענע שטיינער פון אונזערע לעבענס, רינען די וואסער־פאלען פון דער אייביג־קייט. און זיי לאָזען נאָך זיך איבער נישט מעהר ווי א געהיימ־ניספולען שוים. ווערט נאדיר עלעגיש, שפיגעלט ער זיך אין א פיי־נעם זשעסט:

„אין געדאנק.

אמאל ווערט מיר נמאס די פערשלומפערטע, לאנגווייליגע וועלט.

לאָז איך זיך — אין גדאנק — איבערפאהרען א פינגער פון מיין לינקער האנד: אז עקספרעס־צוג געהט בליץ שנעל. האקט ער אָב דעם פינגער אין א סעקונדע און איך ווער פערגאָסען מיט ווארעמען בלוט.

אבער איך קיהל זיך ניט.

לעג אונטער נאָך א פינגער און נאָך איינעם, ביז מקריב די גאנצע האנד,ביידע הענד —

און דאָס בלוט טריפט. קאפעט איבער מיין העלען אנצוג.

איך בין רויט־געפלעקעלט ווי א מערדער.

און דאָס הארץ זידט אין מיר אלץ.

און מיר איז אזוי לאנגוויילינ ווי נעכטען.
ווי אייערנעכטען.
ווי מארגען."

און זעהט! א מענש קעמפפט מיט דער חיה־רעה „לאנגווײלע". אבער ער איז מאכטלאז קעגען דעם ר י ע ז י ג ע ן ג א ר ־ נ י ש ט. ווייל קעמפפען קען מען נאר מיט א זאך וואס ס'איז, וואס האט פארמען און ליניען. און די לאנגוויילע איז דאך אזוי מורא'דיג פארמלאז, אזוי גרוי קאמפליצירט ווי דאס לעבען. ווי דער טויט. האט ער — אין געדאנק — זיך אבגעהאקט א האנד כדי צו ווערען אביסעל אויפגערעגט. כדי צו דערפיהלען דאס וויב־רירען פון זיינע אייגענע נערוועז. אבער —

„מיר איז אזוי לאנגוויילינ ווי נעכטען, ווי אייערנעכטען, ווי מארגען."

איהר אלע מענשען וואס האט א סך געלעבט און אלט געוואָ־רען פון צופיעל יוגענדליכקייט, איהר אלע וואס האט געזעהן די וועלט אין איהר גאנצער פלאך־און־רונדקייט, איהר אלע וואס האט געשעפט פון די לעבענס־קוואלען און געווארען ענטוישט פון זייער נישט אפעטיטליך ביטערען טעם, איהר אלע מוטינ־פער־צווייפעלטע וועט געפינען א חבר אין משה נאדיר'ן.

לעזט זיין עלעגיע אין די „ווילדע רויזען" וואס איז אזוי לי־ריש סענטימענטאל אויסגעצייטערט אז אייער אייגענע נשמה (אויב איהר האט אזא!) וועט וואונדיג אנגעריהרט ווערען פון די פעלזען שפיציגע אפגרונד־טיעפע ווערטער:

„און עלענד בלעטעל פלאטערט אויף דעם צופאלענעם בוים: הערבסט.

קראהען דרעהען זיך ארום אין דער הויך און קראקען דיר אזא אונענדליכע שווערקייט אין הארצען אריין.

און די זון געהט אויף, געהט אונטער, —
אזוי לאנגוויילינ.
און דו ביזט טרויעריג,
ווי נאך א רייכען, איבערזאטען מאלצייט.
אדער האבענדיג איבערגעלעזען א בוך פון איינעם.
וואס איז אונענדליך גרעסער פון דיר.
און טאלאנטפאלער.

און נאָך טרויעריגער איז עס וואָס —
איך בין אַליין דער הערבסט.
דאָס עלענדע בלעטעל. די שוואַרצע קראָה.
די מיעדע זון, וואָס געהט אויף און אונטער און געהט ווידער אויף אָהן אַ זין און ציעל.
איך בין אַליין דער זאַמער מאַלציים : דאָס פּיינע בוך.
דער טאַלאַנטפולערער קינסטלער...״
דער פּעסימיזם וואָס קומט פון פערצווייפעלט־זיין און נישט פון צווייפלען, איז דער הויפּט טאָן ביי נאַדיר׳ן. דער פּערפאַסער האָט זיין מעלאַנכאָלישע שטימונג ניט געקענט בעהאַלטען. אפילו ווען ער האָט זי געוואָלט פּערקראַנצען מיט ווילדע רויזען...
קיינער האָט דעם לירישׂ־פּערהומאָריזירטען טאָן נישט פּער־שטאַנען. ער איז צו טיעף...
האָט נאַדיר ניט דערפיהלט, אַז ער זינגט זיין ליעד פאַר טויבע אויערען?
יאָ. אבער זינגען מוז ער סיי ווי : ווייל ער וויל זיך אַליין פערזינגען... ער זאָל נישט דערהערען דאָס טרויער־ליעד פון זיין נשמה : פון דער נשמה וואָס בענקט אונענדליך...
און צו דער פראַגע : ווער איז משה נאַדיר?
האָט איהר געזעהן ווי אַ קאַפּריזנע קינד וויינט, אַז עס וויל ניט וויינען?
האָט איהר געזעהן אַ פילאָזאָף וואָס לאַכט פון דער גאַנצער וועלט און זיין אייגענער פילאָזאָפיע, און אפילו פון זיין אייגע־נעם פּערניינען פון דער זעלבער פילאָזאָפיע?
האָט איהר געזעהן אַ מענש וואָס צוקנייטשט בידים זיינע נייע זיידענע קליידער כדי זיי זאָלען ניט אויסזעהן צו ניי, צו גלאַנציג?
דאָס איז משה נאַדיר.
משה נאַדיר איז יענער מאָדערנער מענש, וואָס האָט בעטראַכט דאָס לעבען פון אַלע זייטען און האָט ניט געפונען קיין פעסטען פּינקט אויף וועלכען זיך אָבצושטעלען. וואָסער, וואָסער, אומע־טום! די תבה פון זיינע פערלאַנגען איז ביז צום אַראַראַט־באַרג נישט דערשוואומען. נאַדיר האָט זיין האַרטע און בלייכע לעבענס־מינץ אויף אַ רויט־גאָלדען טרוים־רענדעל אויסגעביטען, כדי שפּע־

טער ד אָ ס אויף אוועקצואוואַרפֿען. ווייל עס איז נישט עכט. נישט פֿער'כשוף'ען קען איהם אפילו דער רענדעל־קלאַנג פֿון אידעאַלען, נישט בעגייסטערען קען איהם דער וואונש פֿון דעם אונטערדריקטען ארבייטערקלאַס, וואָס קעמפֿפֿט פֿאַר טיעפערע שיסלען בארשט און פֿאַר מעהר גאָלדענע יויך אויף דער חתונה צווישען קאַפּיטאַל און ארביים.

אויף דאָס גיט איהם נישט קיין אינספּיראַציע. נאַדיר'ס לייטמאָטיוו איז נישט דאָס ז י י ן, נאָר דאָס ו ו ע ר ע ן. דאָס אייביגע פֿון זיך אוועקגעהן, דאָס אונפּראַגראַמאַטישע, דאָס נישט אָרגאַניזירטע. בעשאַפֿט ער זיך איין אילוזיע נאָך דער צווייטער. אפשר וועט ער זיך קענען פּערווינקלען, זיין ארט געפֿינען. אבער דעם ערענסט מעלאַנכאָלישען נאַדיר ווערט דאָס באַלד נמאס, און ער צולאַכט זיך פֿון זיין פּוסטען שפּיעל. און לאַכענדיג שאַפֿט ער ווידער נייע אָרנאַמענטאַציען, נייע קאָרניזען אויף דער טורעמדיגער גול־געביידע פֿון זיין לעבען און ער בלייבט ווידער עלענד, מיט זיין מיסטעריעזען נישט רעדעוודיגען פֿריינד — מעלאַנכאָליע.

און די אייביגקייט איז גרויס און אונענדליך און זי לאָזט ניט קיין פּלאַץ פֿאַר דאָס פֿערגענגליכע, פֿאַר דעם מאָמענט.

וואָס זאָל טהאָן דער מענש, אז זיין לעבען איז נישט פֿון איין שטיק אייביגקייט געשניטען, נאָר פֿון קליינע צוריסענע מאָמענטען צונויפֿגעלאַטעט? זאָל ער זיך מיט די דאָזיגע לאַטעס גרויס האַלטען? אָדער זאָל ער זיי פֿאַר בעטלער־צוועקען אויסנוצען און זיך דערנידעריגען? נאַדיר קען נישט דאָס איינע און אויך נישט דאָס צווייטע. און דאַרום זיינען זיינע זשעסטען אַזוי אונבעהאָלפֿען, אַזוי נישט זיכער, אַזוי קאַפּריזנע

און גאָט! — וויפֿיעל קינסטלער וועלען נאָך אויסטראַכטען פֿאַנטאַסטישע זונשפּיעלען כדי זיך צו פֿערבלענדען?

און וויפֿיעל וועלען נאָך זינגען הויכע פֿרייד־ליעדער בשעת זיי וועלען מיט וואַקלענדע טריט געהען איבער די שטיין־וועגען פֿון לעבען?

וויפֿיעל וועלען נאָך כלומר'שט מאַכען דעם אנשטעל, אז זיי איז פֿרעהליך, בעת זייער נשמה וועט אויסצאַנקען פֿון אַ כעמישען זיך־אויפֿלייזען אַזוי ווי נאַדיר'ס?

אַט ווי נאַדיר שילדערט זיין גנעזלשאַפטליכקייט:
„אין פענסטער קלאַפּען עטליכע גרויסע פליגען.
צו אידישלאַך־חוצפה׳דיג — אבער היימיש.
שטעלען זיך אַזוי פריינדליך אויפ׳ן שפּיץ נאָז.
מאַכען אַ גרויסען טומל — כמעט אַ ב ע ו ו ע ג ו נ ג.
מיר איז אַזוי גוט.
אַזוי פרעהליך...
איז דעם ליעבען לעזער אויך אַזוי פרעהליך?"

און נאַדיר האָט תרעומות אויף זיין לעזער וואָס נישט נאָר קען ער איהם גאָר נישט געבען, נאָר קען אפילו נישט נעהמען. ווייל דער דיכטער וואָס שפּיעלט זיך מיט אונניצליכע ווילדע רויזען אַנשטאָט מיט ניצליכע גאָרטען־בלומען, וועלכע מען קען צו געלד און צו כבוד מאַכען; דער קען נישט ווערען דער ליעבלינג פון די ברייטע מאַסען, וואָס זוכען אין יעדער זאַך אַ פּאַרטינגען זין, אַן אויסגעטייטשטע ניצליכקייט.

אַזאַ דיכטער בלייבט שטענדיג אין־זיך־פעררינגעלט. אונקלאָהר פאַר אַנדערע, און אפילו פאַר זיך אַליין...

לירישער הומאָר.

וואָס איז אַזוינס הומאָר?

הומאָר איז הומאָר. דאָס איז די בעסטע דעפיניציע. פּונקט ווי ליעבע איז ליעבע. מיר ווייסען ניט וואָס דאָס איז, מיר עמפּינדען דאָס.

דער חן פון הומאָר ליגט אפשר אין דעם סוד פון זיין פאַרמולע — אין כעמישער נישט־אַנאַליזירבאַרקייט פון הומאָר׳ס בעזונדערע טהיילען.

עס איז אָבער דאָ אַן אונטערשיעד פון הומאָר און הומאָר. משה נאַדיר׳ס איז דער ל י ר י ש ע ר ה ו מ אָ ר. דער ליריזירענדער, דער הומאָר פון סענטימענטאַליטעט, דער הומאָר וואָס בליצט אַרויס פון די פערשלאָסענע נשמה־קאַמערען. נישט דאָס פּלאַסטישע וואָס ווערט בלויז געזעהן מיט׳ן אויג. יענער הומאָר דערוועקט אין אייך בלויז געלעכטער, ווייל ער ווייזט אייך בלויז דאָס דרויסענדיגע אינ׳ם פאָרם פון קאַריקאַטור. אבער דער לירישער הומאָר, דערוועקט אין אייך ניט בלויז געלעכטער, נאָר אויך דאָס טיעף מענשליכע עמפּינדען. אין אַלע זיינע דימענסיעס.

משה נאדיר לאכט ניט פון הארצען, נאר ער לאכט פון זיך דאס הארץ ארויס. אנדערע הומאריסטען גיבען אייך זייער הומאר, שוין פארטיג, א ו י ס ג ע ל א כ ט, איהר דארפט שוין צו איהם גאר ניט צוטראגען. משה נאדיר גיט זיין הומאר נאך ניט אויסגעלאכטערהייט, פרעפאראטיוו, רויה; און פונקט ווי רויה־גאלד, מוז דורכגעהן א כעמישען פראצעס, כדי געלייטערט צו ווערען, אזוי מוז נאדיר'ס הומאר ערשט געלייטערט ווערען דורך א י י ך...

נאדיר לאכט ניט דורך טרעהרען. זיין געלעכטער אליין איז טרעהרען. ער דארף ניט מאכען קיין מיקטור פון די צוויי בעזונדערע עלעמענטען, געלעכטער און געוויין, עס זאל ארויסקומען דער פאטהאס. נאדיר'ס הומאר איז פאטעטיש אין זיין אורעלעמענט. זיין געלעכטער איז טרעהרען, איז היסטעריקע, נישט פרייגעלאזענער געוויין. ביי אידען האט מען תמיד געזוכט צו כשר'ן דאס געלעכטער מיט טרעהרען. ווי געלעכטער וואלט — אין זיך אליין — געווען א נישט ווירדיגע זאך, א שקאצעריי. דעריבער האבען אידישע קריטיקער, מעהר ווי אלע אנדערע, הויך עקספאנירט די פראזע „געלעכטער דורך טרעהרען." ווייל דאס פרייד־געפיהל און שפיעל־געפיהל איז דעם אידען געווען אונקלאסיש. ווייל דער חורבן בית־המקדש איז ביי אידען מעהר טראדיציאנעל ווי שמחת בית־השואבה. ווייל תשעה־באב איז ביי אונז וויכטיגער ווי פורים. ווייל דער איד איז בטבע אסקעטיש, און בעוואוסטזיניג פער'אבל'ט. א בית־עולם האט פאר'ן איד מעהר חן ווי א הערבסטליכער פארק.

נאדיר ווייזט אייך, אז לאכען איז אין זיך זעלבסט א פאזיציע, א לעבענס־אויסדרוק. אז אמת'ער הומאר שלאגט זיינע ווארצלען אין סאמע הארץ פון דער וועלט. נאדיר'ס הומאר, אויבוואויל אזוי לייכט ציטערדיג, האט אבער א טיעף שווערען הינטערגרונד. ווייל ער האט אין דער טיעף א פונדאמענט, דערפאר קען ער בויען אזוי שווינדעלדיג הויך. אמאל פערהענגט נאדיר די טורעם־פענסטער פון זיין געמיט און לאזט אייך בלויז אריינקוקען דורך א שפארע, צו זעהן ווי מעלאנכאליש אינוועניג איז, ווי איינזאם. אן אנדערש מאל לאזט ער אייך זעהן די גאלדיג־בלענדענדע ליידיגקייט פון לעבען, די קרומע נישטיגקייט אין אלע איהרע ציטער־פארבען. אבער זיינע מאטיווען געהען אימער אין דער הויך, שפיראל־פארמיג, קונציג־געדרעהט. נאדיר ווערט אמאל אויף

ציניש; אבער זיין ציניזם קומט פון איבערפיינקייט, פון א פערשארפטען עסטעטישען זין. ער שפּיעלט מיט זיך און אלעם ארום זיך, אבער זיין איבערגעשארפטער הומאָריסטישער שפּיעל מאכט אייך נישט פּרימיטיוו־נידעריג, קינדעריש־קליין, נאָר קהלת'דיג קלוג, אומעטיג, דעגאזשע.

נאָדיר האָט ארייגעפיהרט א סך נייקייטען אין דעם אידישען הומאָר. ווי שטיפערישע נאַנסענס, פּלירט, פּאראדיע, סורפּריז, וואָרטשפּיעל, וואָרטקלינגערײ און קאַפּריז. דאָס נישט־רייצענדע פרייליין סאטירע קומט צו איהם אמאָל אויך צו גאסט. נאָר נאָדיר, דער קינסטלער האָט דערפיהלט, אז ער קען מיט איהר ניט זיין צו נאָהענט. ער שענקט איהר ניט קיין סך צוטרוי. ער חבר'ט זיך אמיינסטען מיט הומאָר. אָדער ער פערהומאָריזירט זיין סאטירע. זיין קינסטלער־בעוואוסטזיין רוימט איהם איין, אז סאטירע איז א נידעריגערע מדרגה פון קונסט ווי הומאָר. סאטירע גיפטיגט, פערוואונדעט, הומאָר איז דער גלעד־באלזאם וואָס היילט. סאטירע איז איינזייטיג, הומאָר איז פיעלזייטיג ווי דאָס מענשליכע לעבען אין אלע זיינע ווארינאנטען. סאטירע איז אינטעלעקטועל, טעראָריסטיש, הומאָר איז פּאטעטיש, נאָכגעביג, קלויסטערליך. סאטירע איז האפערדיג־פּעסימיסטיש, איז צווייפלענד, איז פּאזע, הומאָר איז זשעסטלאָז, איז שטיל־פערצווייפעלט, אָבער ניט צווייפלענד. הומאָר גיט צו פּראָפּארציע צו איינעמס וועלט־בליק; מאכט פערגעבען אנשטאט האסען, לאָזט דעם מענשען ניט שטעלען זיך אויף איין פוס און ווערען בלוט־שווער דורך איינזייטיגער מימיק. הומאָר גיט די גלייכגעוויכט צום מענשליכען כאראקטער, לייטערט דאָס געמיטה אין די שווערע שעה'ן פון אונזער לעבען...

בעדויערען מוז מען וואָס מיר האָבען זעהר ווענינ הומאָריסטען. פּאָעטען און דערצעהלער האָבען מיר א סך. אבער נאָך דעם ווי שלום עליכם'ס געלעכטער איז ענטשוויגען געוואָרען, איז בלויז געבליבען איין איינציגער הומאָריסט אין דער אידישער ליטעראטור, אויף וועמען מען קען לייגען גרויסע האָפענונגען — משה נאָדיר. און ווי נויטיג עס איז אין אונזער לעבען הומאָר!

די וועלט האָט גענוג איבער וואָס צו וויינען — לאכט משה נאָדיר... לאכט פון זיך די טרעהרען ארויס... און אלע זאָגען: ווי לייכט און פריידיג דער מענש לאכט.

אַלעס פערגעהט אונערמיעדליך און מען שטאַרבט! און
אַז איך שטאַרב שטאַרבען מיט מיר אַב אַלע מעגליכקייטען
צו שרייבען אין פיינעם מאַניר. — נאַדיר.

טראַגיזם.

די מענשליכע נשמה איז איינגעשרויפט אין דריי רינגען. דער ערשטער די נאַטור, דער צווייטער די געזעלשאַפט, דער דריטער רינג — דער מענש אַליין. וואו ער וואַרפט זיך אין זיינע אייגענע קייטען־גליעדער. דער לעצטער, דער איך־רינג, איז דער געפעהרליכסטער. מען קען זיך פון איהם ניט בעפרייען אויף איין מאָמענט. וואָס מען קען טהון איז אויסשפּיאָנירען זיין גרויס — כדי צו איהם ניט צו צוקומען צו נאָהענט און דאָס אייגענע לייב צורייסען...

נאַדיר'ס איז די דורכזיכטיגע נשמה, וואָס האָט אויף זיך דערזעהן די אייביגע דריי טונקעלע רינגען. און זי זוכט צו מאַכען אַלערליי קונצען, כדי אַ ווײַלע פון זיי לויז צו ווערען, צו פערגעסען... אָבער וואָס מעהר זי וויל זיך פון זיי בעפרייען, אַלץ שטאַרקער דערפיהלט זי די רינגען — דערפון קומט זיין פערצווייפלונג און מעלאַנכאָליע. דער פּאַטהאָס פון הילפלאָזקייט. ער שרייבט צו אברהם רייזענ'ען:

„ס'איז אומעטיג און מעלאַנכאָליש, און די ליידיגקייט פון לעבען איז אַזוי גרויס — אפילו אין אַ זאַאַל מיט העל־בעלויכטענע אויגען און מיט גרין־בעקראַנצטע לויב־רעדען.

מיר ווייסען אַלע וועגען זיינען שמאָל און שטויביג, און אַנשטאָט אַ האַרץ געפינסטו אַ שטיין."

דאָך איז דאָ אַ טרייסט אין אומעט. דער אומעט אַליין ווערט אַ געטראַנק מיט וועלכען מען פער'שכור'ט זיך. פון דעם אומעטבוים אַליין שניצט מען זיך אַ כשוף־שטעקען אוועקצויאָגען די לאַנגווײַלע. פון דער הילפלאָזקייט אַליין פלעכט מען זיך אַ קראַנץ דעם געבויגענעם קאָפּ צו בעציערען...

אָבער אַזוי שפּיעלען מיט זיך אַליין, קען מען נאָר, ווען מען שטעהט אַנטקעגען דעם גרויסען מיסטעריעזען ריעז, דאָס לעבען. אָבער אַנטקעגען דעם אַלמעכטיגען שד דעם טויט, זיינען מיר אין גאַנצען אָהן הילף. דער טראַגיזם, דער פּאַטהאָס פון טויט, איז אונענדליך. ער איז אַזוי אונפערשטענדליך און מעכטיג, אַז מיר האַ־

בען אפילו נישט קיין כח איהם צו האסען. ער איז איבער אונזער ווילען, איבער אונזער ערפאהרונג. מיר פיהלען פאר איהם בלויז א בלינדען שרעק. — און פאר דעם דאַזיגען שרעק האַבען מיר מורא. און אפילו דער ביטערסטער שפאַט אליין קען דער נשמה איהר אטעמען ניט גרינגער מאכען.

ווען פרץ איז געשטאַרבען האַט נאַדיר געוואַלט מיט א פאַר לייכטקייטען פערדעקען דעם גרויסען הארץ־ריס — אבער ער אליין הויבט אן זיין פעליעטאָן מיט אן ארויפגעהויבענעם קאַפ, מיט א „פונדעסטוועגען“ און ענדיגט א צובויגענער, מיט צוריק־לויפענדע טרעהרען. אין דעם זעלבען פעליעטאָן שפאַט ביי איהם ארויס דער געוויין מיט די ווערטער:

„טהייל מאָל דאכט זיך איך, אז דאָס איז קאָמיש: געשטאַרבען א מענש וואָס דו האָסט אזוי ליעב געהאט און דו — פאַזירסט. געשיעדען זיך פון דיר דאָס טהייערסטע, וואָס דו פערמאָגסט און דו קלעהרסט, וואָס פאר א קליידער זאָלסטו טראגען צו דער לויה...“

וואָס דען קען א מענש טהאָן? וויינען? מאכען אן אויסשטעלונג פונ׳ם אייגענעם טרויער? אָדער א געשעפט?

און ווי טיעף נאַדיר האסט און פערשפאַט די פראַפעסיאַנעלע ווייינער. ער איראניזירט:

„רייסען די האָר פון קאָפ און פון יעדען בינטעל האָר מאכען א פערז איז — א פעהיגקייט, וואָס ניט יעדער בעזיצט. זאָגען, אז עס איז אויסגעלאָשען געוואָרען דיין ליכט — איז גאנץ נאַטירליך: ווי דען אנדערש קען מען זאָגען? פרעגען „צי איז מעגליך, אז פרץ איז טויט?“ כאָטש דו ביזט דרין זיכער. עס איז אן אלטע פראזע — אָבער זעהר פאסיג פאר דער געלעגענהייט.

וואָס קען מען דען בעסער טהאָן?

מיר זיינען מענשען — ניט מעהר. שטארבען מיר פערגעסט מען אונז. בלייבען מיר אונשטערבליך — מאכט מען וועגען אונז א שטיקעל טומעל און דאן גיט מען אונז ארויס עטליכע בענדער, אָדער מען בעציערט מיט אונז א וואנד פון א מוזעאום.

מיר זיינען מענשען — ניט מעהר. און אז פרעמדע ליידען ווילען צו אונז צוקומען, מוזען זיי דורכגעהן דורך אונז. מיר זיינען די גרעניץ פון אלע גרעניצען, דאָס לאנד פון אלע לענדער און

דער מיטעלפונקט פון אלעם וואס לעבט... טו ווי קען אונז ריהרען די טיפע טראגיק פון טויט? צי קענען מיר דען דעם טויט דורכלעבען פונקט ווי מיר לעבען דורך די קלענערע טראגעדיען פון לעבען? יענע טראגעדיען וועלכע מיר קענען איבערזעצען אויף זיך זעלבסט, און זיי מיטפיהלען?

דער קאמישער טויט! ער בערויבט דיך און מאכט דיך אזוי נאריש. דו שטעהסט און קוקסט אויף זיין קרבן און — וואס קענסטו טהאן? דו קענסט זיך אפילו ניט איינבייסען אין זיין האלז און צערייבען זיינע האלז־אדערען צווישען דיינע צייהן...

קענסט זיך ניט נוקם זיין.

און זאגען האסטו ניט וואס...

און שווייגען קענסטו ניט...

און קענסט אפילו ניט פיהלען זיך אזוי טיעף אונגליקליך און נעטראפען, ווי דו וואלסט געוואלט. דערפאר ווייל דו ביזט א מענש — בלויז א מענש ניט מעהר.

און ווי דו ווערסט טהאן, ווערסטו אלץ בלייבען א הילפלאזער נאר. דערפאר האט שוין געזארגט דאס לעבען און — דער טויט.

די צוויי אלטע שותפים!..."

דאס לעבען זעהט אויס ביי נאדיר'ן ווי א טאלאנטלאזער גאט־הומאריסט וואלט זיך געוואלט א ביטערען שפאס מאכען, האט ער דעם מענשען בעשאפען...

דער טראגיזם פון טויט, דער פאטהאס פון הילפלאזיגקייט, דער בעוואוסטזיין אז דעם מענשענס לעבען איז בלויז א פיעלפארביג פערגעהן, איז דער הינטערגרונד פון נאדיר'ס שרייבען. אט דער אייביגער אונמוט — נישט אומעט — בעהאלט זיך אונטער אלע זיינע וויצען. ער זאגט: „ווען איך וואלט געהאט א דעה אין דער וועלט, וואלט איך איינגעפיהרט, אז די מענשהייט זאל זיך איינטיילען אין צוויי העלפטען: איין העלפט מענשהייט זאל שרייען „געוואלד" בייטאג, און די צווייטע העלפט מענשהייט זאל שרייען „געוואלד" ביינאכט... פון ארבייטען אדער עפעס אנדערש איז אבגערעדט: ווען זאל עס ליגען אין זינען צו ארבייטען, אדער צו זיין גליקליך, אז פון דער ערשטער רגע זינט מען איז געבוירען

נעווארען הויבט מען אן צו שטארבען, און מען שטארבט רעגעלמעסיג 24 שעה א טאג, און מ׳הערט ניט אויף שטארבען אפילו א מינוט.

און ער ענדיגט:

א יעדען זונטאג פאהר איך צו א פיק־ניק מיט דער בלאנדער אנא. זי איז זעהר א נאאיווע און זי האט ליעב צו פאהרען אויף א קארוסעל. — — — “

נאדיר האט דערהויבען דעם טויט צו א לעבענס־פילאזאפיע, צו א לעבענס־פאזיציע, צו א לעבענס־טעכניק. דורך דעם טויט צו דער דערלייזונג פון לעבען, וואס איז שפל׳דיג, אזוי אונאייביג — אין פערגלייך מיט דער לאנגער אייביגקייט פון טויט. אזוי קאמפליצירט אין פערגלייך מיט דער סימפליציטעט פון טויט. „איך ליעב דיך היינט אייביג“ זאגט נאדיר צו זיין געליעבטער. ווייסט ווי לעכערליך, ווי אונהעראאיש, ווי מילבענקליין עס איז די קאפאציטעט פון לעבען! דאס לעבען איז נישטיג — און פון דער דאזיגער נידעריגקייט קריגט עס זיין ווערט. ווייל ערגער קען נישט זיין — דערמיט אליין איז עס שוין בעסער, איז דאס בעסטע וואס מיר האבען. און דעריבער איז אונזיניג צו וועלען העראאיש א פ פ ע ר ע ן ד א ס ל ע ב ע ן פ ו ן ה י י נ ט פ א ר מ א ר ג ע ן, פאר איבערמארגען — צו אפפערען מיין דערוואקסען לעבען פאר מיין אייניקעל. איך בין עלטער פאר מיין אייניקעל און מעהר ניצליך פאר דער וועלט ווי ער — זאגט נאדיר. דעריבער איז די פ י י ג ה י י ט — זיין העכסטע לעבענס־עטהיק. דעריבער ווארפט ער זיינע שארפסטע פיילען אויף דער העלדישקייט־אידעע. אויף איהר פארוועניוואישער צושפרייטקייט, אויף איהר ליידיגקייט...

ווען איך וואלט געווען א גאט, זאגט נאדיר, וואלט איך געצאהלט מיינע מענשען 2.90 סענט א טאג פאר — לעבען. ווייל דאס לעבען א ל י י ן איז אן ארבייט, אן אויפגאבע, א פראפעסיע.

אין דעם פרט פון לעבענס־עטהיק איז נאדיר דער אידישסטער שרייבער. דער פרומסטער פון אלע. דער נאכגעבענסטער, דער כריסטליכסטער. אסקעטישסטער. — כאטש אין לעבענס־אויסדרוק, און אויסערליכקייט, איז ער דער פרייעסטער, דער וואוילזונגערישסטער, דער ציגיינערישסטער.

איך בין שוין מיעד פון מיין אייגענע וויצען,
מיין אייגענע געזעלשאפט אינטערעסירט מיך ניט מעהר,
מיינע אייגענע הכמות דערקוויקען מעהר ניט מיין גומען.

ם. נ.

פערזענליכעס.

און דער דיכטער וואס איז לויטער פערזענליכעס האט אויך פונדעסטוועגען זיין פ ר י וו א ט ע פערזענליכקייט, זיין סאנקטום אין וועלכע נאר אויסדערוועהלטע קענען אריינקומען.

אין מאמענטען פון גרויסען צער עפענען זיך די טירען פון דעם דאזיגען סאנקטום און מען קען זעהען טיעפער ווי תמיד.

שלום עליכם'ס טויט איז געווען דער גרויסער צער וואס האט די שטארק פעררינגעלטע טירען פון נאדיר'ס פריוואטע פערזענליכקייט געעפענט. קיינער איז ניט געווען אזוי צובראכען ביי דעם טויט פון דעם גרויסען אידישען הומאריסט ווי נאדיר.

א פאר טעג שפעטער האב איך נאדיר'ן געטראפען אין קאפע, ער איז געווען אזוי אינטים ווי אימער, נאר לייכטע שפורען פון בלאסקייט זיינען געבליבען אויף זיין געזיכט. אפשר אויך א פערטרוקענטע טרעהר. ווער ווייסט?

מיר זיינען ארויס אין גאס. אין דעם רוישיגען איסט בראדוויי, פון דארט אויף דער וויליאמסבורגער הענג־בריק, וואו מיר האבען זיך צונעזעצט און פערפיהרט א געמיטליכען שמועס.

איך האב געזאגט: איהר ווייסט, מיין ליעבער נאדיר, איהר וואלט זיך בעדארפען נעהמען אביסעל ערענסטער.

— געהט שוין, זייט ניט קיין קינד, מען דארף קיין זאך ניט נעהמען ערענסט: אפילו נישט דעם הומאר. פאר וואס זאל דער הומאריסט לאכען פון אלצדינג, נאר נישט פון זיין געלעכטער?

— שטיינבערג, — האט ער ווייטער גערעדט — ווי קען מען לאכען ערענסט אז די וועלט שטארבט אב? אט שטעה איך דא און מאך אפאריזמען און ערגיץ שטארבען מענשען. נישט נאר מענשען, נאר אפילו די אונשולדיגע זונטאגס און מאנטאגס שטארבען אויך אב. אט איז שוין הייגט דער לעצטער פרייטאג, מעהר קיין פרייטאג וועט שוין היינטיגע וואך נישט זיין, וואס דאס איז זעהר א פיינער אפאריזם. איהר מענט איהם פערצייכענען, שטיינבערג ברודער, אפשר וועט איהר אמאל שרייבען וועגען מיר.

— אבער עס זיינען דאָך פאָרהאַן גרינדליך ערענסטע זאַכען אין דער וועלט, מיין ליעבער נאַדיר.

— ערענסט קען נאָר זיין דער צווייפלענדער, אָבער נישט דער פערצווייפעלטער. דער וואָס שטעהט ביים ראַנד פון לעבען קוקט ניט אין שפּיגעל, ציערט זיך ניט מיט טראַגיזם. צווייפעל איז א פּאָזיציע, אבער פערצווייפעלט זיין איז א קאַטאַסטראָפע. און א מענש קען נישט אויסרעכענען אויף פאָראויס די חנ'עוודיגע נאָטע, אויף וועלכער ער זאָל א שריי טהאָן „געוואַלד!“ בשעת ער ווערט איבערגעפאָהרען פון א לאָקאָמאָטיוו, וואָס דאָס איז אויך א געוואַלדיגע פּראָזע.

נאַדיר'ס ליפּען האָבען נערוועז א צוק געטהאָן און ער האָט ווייטער גערעדט אין א זעהר שנעלע טעמפּאָ, און זיינע ווערטער זיינען געפאַלען איינס איבער דאָס אַנדערע.

ווי מקנא בין איך די מענשען וואָס האָבען א בעשטימטע מיינונג וועגען אַלצדינג און וואָס ווייסען אַקוראַט ווען זיי דאַרפען אויפשטעהן און ווען זיי דאַרפען זיך לייגען, ווען ס'איז יום טוב און ווען ס'איז זין דער וואָכען. איך אַליין האָב קיינמאָל נישט געהאַט קיין בעשטימטע מיינונג וועגען קיין זאַך. איהר קענט ביי מיר פּועל'ען אי א ז וי, אי פ ע ר ק ע ה ר ט. היינט אין דער פריה, אונגעפעהר ביז א זייגער עלף, בין איך געוועזן א ציוניסט. דערנאָכדעם האָט אָנגעהויבען רעגענען, איז מיר געוואָרען אומעטיג, בין איך אריבער צום אַנאַרכיזם. ס'האָט גערויערט ביז א זייגער דריי בין איך געוואָרען מיעד סיי פון אַנאַרכיזם, סיי פון ציוניזם און בין געוואָרען א טהעאָרעטישער אַנטיסעמיט. א זייגער אַכט האָב איך זיך שרעקליך גענומען האַסען פאַר מיין אַנטיסעמיטיזם, און פערבייגעהענדיג אַן אָרטאָדאָקס'ישע שוהל, פון וועלכער עס האָט ארויסגעקלונגען אַן אומעטיגער „ברכו“, בין איך אריין זאָגען קדושה. איך האָב זיך געפיהלט אַזוי אונענדליך גוט, די סינאַגאָגישע פייערליכקייט איז מיר אריין אין הארצען. און איך האָב בעגריפען אַז דאָס אַלט־אידישע דאַווענען, איז אינהאַלטליכער ווי די ליעדער פון אונזערע „יונגע“. און אינספּיראַציאָנעלער ווי די ליטעראַטור פון אונזערע „אַלטע“. — אַך שטיינבערג, פּליעז זאָגט מיר וואָס מאַך איך עפּעס? פיהל איך זיך גליקליך? אויב יאָ, פאַר וואָס יאָ? און אויב נישט, וואָרום נישט?

— הערט! — האָב איך גענומען פּרוּוען אַ נייע סטרונע.
— פאַר וואָס גיט איהר נישט אַרויס אייערע ווערק אין עטליכע ביכער?

— איך וועל קיינמאָל נישט אַ ר ו י ס ג ע ב ע ן מיינע זאכען, איך האָב נישט קיין געדולד דערצו. איך וועל זיי אַרויס־וואַרפען דורכ'ן פענסטער, פּונקט ווי איך וואַרף מיינע נישט גע־דרוקטע מאַנוסקריפּטען אַ ר י י ן דורכ'ן פענסטער פון דער רעדאַקציע. אויב עמיצער וועט זיי אויפקלייבען און אַרויסגעבען וועט זיין גוט. אויב נישט... — נאַדיר האָט זיך פערטראַכט, בע־מערקט, אַז ער האָט זיך אַליין געכאַפּט ביי אַ זשעסט און צוגעגע־בען: — אויב נישט וועל איך זיי מסתמא אַליין אַרויסגעבען. ווייל איך בין העכסט פערליעבט אין מיינע זאַכען. איך האַלט, אַז איך בין אַ געוואַלדיגער זשעניע, אַ צווייטע אַמעריקאַ, וואָס מען דאַרף ערשט ענטדעקען. גלויבט מיר, האָט ער צוגעגעבען מיט זיין לייכט שפּאָטישען טאָן, אַז איך וואָלט נישט געקאַרגט די פּאָר דאָלאַר, אַבי צו קריגען דעם לייטישען קאָלאָמבוס וואָס זאָל מיך ענט־דעקען.

—אַך, שטיינבערג, ווי ענטדעקט מען ערגיץ אַ גוטען ענט־דעקער. וואָס זאָל מיך ענטדעקען? אונזערע „יונגע“ האָבען שוין פערכאַפּט אַלע בעסטע קריטיקער און איך. — האָט ער כלומרשט אַנגעשטעלט אַ וויינענדיג קול, — בין דאָך אויך אַ מענש, און דאַרף אויך לעבען אויף דער וועלט, צי ניין? און די אונשטערב־ליכקייט איז שוין באַלד צוכאַפּט, און דער טויט אין מיר ווערט יונגער, רייפער און לעבענסלוסטיגער פון טאָג צו טאָג.

— יאַ, חבר שטיינבערג, — האָט ער פערענדיגט, — מען מוז זיך צואיילען. די ריין פערזענליכע אונשטערבליכקייט איז אַזוי קורץ. אַ יאָהר איז ביי מיר אַ לעגענדע. און די ווייטע צוקונפט איז אַן אויסגעטראַכטע אונגלויבליכע זאַך. מיין אייבינקייט בע־שטעהט פון קליינע מאָמענטען. פון אַ י צ ט י נ ק י י ט ע ן. און אַלץ איז אַזוי קרום געלאָטעט, אַזוי קליין, אַזוי מיזעראַבעל און אַזוי פערביילויפענד...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

און ערגיץ אין דער ווייטקייט האָט אַ בליץ געטהאָן אַ ווייסער זעגעל פון אַ שיף און איז פערשוואונדען ווי אַ מאָמענט. ווי דאָס

אויפבליצען פון א העלזעהערישע מענשליכע נשמה, ווי נאדיר׳ס א פאראדאקסאלע אין־זיך־זעלבסט־פערגעהענדע אייביגקייט.

און ארונטערגעהענדיג פון דער בריק, האט נאדיר מעלאנכאליזירט מיט א שמייכעל:

„צווישען הימעל און ערד העגגט אונזער לעבען — א פאפירענער נול צווישען צוויי אייביגקייטען... צווישען צוויי שטאהלענע אייביגקייטען...“

ניע קריטיק.

משה נאדיר שרייבט א גאנץ נייע קריטיק. דאכט זיך ער איז לייכט, גימנאסטיקירט מיט ווערטער, שפיעלט זיך מיט אייגענע קאפריזען, שטעכט ארויף זאכען אויף דעם שפיץ פון געדאנק; דאך איז זיין קריטיק אינטואיטיוו און דערפאר — עססענציוו. מיט עטליכע שפיזען־ווערטער בויערט ער דורך דעם תמצית פון א ווערק. — מען זאל דא ניט פערשטעהן, אז איך מיין זיין קריטיק איבער׳ן אידישען טהעאטער, וואס האט אין גאנצען קיין וויכטיגען אינהאלט ניט. וואו דער געהאנגענער האט ניט די ווערטה דעם שטריק. און ס׳איז נאר א שאד די גאלדענע פיילען וואס ער שליידערט אויף דעם ליימענעם גולם. אבער פונדעסטוועגען האט נאך קיינער ניט אזוי געשריבען טהעאטער קריטיק ווי נאדיר. — טיעף דורכדרינגליך איז ער ווען ער שרייבט וועגען דיכטונג און דיכטער. ווי ווייטזעהענד ער איז, למשל, ווען ער שפאצירט דורך ראלניק׳ס שאפען. איך וויל דא אונטערשטרייכען דעם עקזאלטירטען געדאנק:

„אויבערפלעכליכע נאטורען מיינען, אז ראלניק אידעאליזירט דאס קליינע ליטווישע לעבען, אבער טיעפע בעאבאכטער — צום ביישפיעל, איך און דער בלאנדער זישא — ווייסען, אז ראלניק׳ס ארעמקייט איז ניט קיין לעבענס־אידעאל, נאר א לעבענס־מאסקאראד. ניט א רעכטערטויער צו זיין אייגענער העכסט־אינטערעסאנטער פערזענליכקייט, נאר א פאנטאסטיש טהירעל צו דער גרויסער, באנאלער, אבגעשמאקטער אונענדליכקייט — א פראזע, וואס איז מיר א־יין אונפערשטענדליך.“

ער פערגעסט אָבער קיינמאָל ניט, אז ער איז דער הומאָריסט, און דער געדאנק גיט באלד א טאנץ אויף צוריק און מאכט א וויץ פון זיין אייגענע בעהויפּטונג. ווענגן דער אונענדליכקייט. אָדער ער ווערט נאָהענט און שפּאסיג ווי קיינער וואָלט זיך ניט געקענט ערלויבען, און ביי קיינעם וואָלט עס ניט ארויסגעקומען אזוי חנ׳עוודיג:

„... י. ראָלניק, מיין חבר: דו געהסט אויף בלאָטיג־פערבלוי־טיגטע זאמדינגע, דארניגע וועגען — אבער ווער הייסט דיר אהין געהן? קום בעסער טהו אָן דיין קעניגליכען, שאַרלאַך־מאנטעל־אויבערראָק און איך וועל דיך אין די וויינגערטנער פון לעבען פיהרען, און דו וועסט ניט מעהר איינגעבויגען געהען, און שיל־טענדיג גאָט און פערשווייגען זיינע מייסטערווערק.״

„א גרויסער דיכטער ביזטו, י. ראָלניק, ניט נאָר דיכטער ביזטו, נאָר א פּערזענליכקייט אויך, און זיין פּערזענ־ליך איז שווערער ווי שרייבען פער־זען.

„ס׳איז גוט וואָס דו געהסט אין זאמדיגע וועגען! ווען דו וואָלסט ניט געגאנגע״ אין זאמדיגע וועגען, וואָלט אויך געווען גוט.״

קיינער האָט נאָך ניט געוואגט און קיינער האָט נאָך ניט געקענט זיין אזוי אינטים און פּערזענליך אין קריטיק ווי נאדיר. אז ער שרייבט וועגען רייזען׳ען איז דאָס קעפּעל: „מיין פּערזענ־ליכער אברהם רייזען.״ און רעדט צו איהם אזוי ווי אויג אויף אויג:

„פערשטעהן זיי דיך דען? לעזען זיי דיינע ליעדער, טייטשען זיי פון זיי די גראמפּארטיגקייט ארויס. לאָבען זיי זיך מיט דאָס נעזאגטע און ווייסען נישט, אז דו זאָגסט בלויז צוליעב דעם נישט־דערזאגטען, אז דו רעדסט צוליעב דעם שווייגען וואָס ווערט מעגליך אין די פּאוזען. בעגרייפען זיי נישט, אז אונטער דעם בליץ־און־וויץ פון דיין דערצעהלונג ליגט עטוואָס, וואָס איז טיעפער און קלוגער און העכער ווי דאָס אָנגעשריבענע. ליגט דאָס וואָס דו האָסט אויסגעשוויגען מיט אזוי פיעל רעליגיעזי־טעט, מיט אזוי פיעל בענקשאפט...״

אויף זיין פּאַלעמיק איז אַן אייגנאַרטיגע. אויף דאָ איז ער אינטים און וויציג. און ער קען מעהר איבערצייגען מיט אַ וויץ, ווי אַנדערע מיט פּאַקטען און בעהויפּטונגען. איינער פון די עלטערע שרייבער איז אַרויס מיט אַ זידעל־צוג געגען די יונגע דיכטער, שרייבט נאַדיר אַלס ענטפער:

„אַזוי איז די יוגענד: — נאַריש, לייכטזיניג, שפּיעלענדיג און נעהמט איהר לייכטזיניגקייט אַזוי שרעקליך ערענסט! אַבער וועד פון די עלטערע מיט די גייסטיגע גראַהע בערד, און גייסטיגע רומאַטעס, וועט האָבען די חוצפּה צו זאָגען אַז די עלטער איז שעהנער, ניצליכער, בעל־הבית׳ישער, און אַז קינדער דאַרפען דאַריבער געבוירען ווערען ערשט אויף די עלטערע יאָהרען?"

אַ מערקווירדיגער פּאַראַדאָקס. נאַדיר אַליין האַלט ניט פון ערענסטקייט, דאָך ווי טיעף ערענסט ער איז אין זיינע מיינונגען. און ווי אמת׳דיג ער דריקט דאָס אויס ווען ער רעדט וועגען די יונגע אין אונזער ליטעראַטור. אָט איז זיין נייער אַטיטיוד:

„מיר זאָגען ניט, אַז אונזער וועג איז דער ריכטיגער. מיר ווייסען, אַז מיר בלאָנזשען זעהר אָפט און פּערקריכען אין אַלדע גוטע יאָהר... אַבער דאָס בלאָנזשען אַליין איז אונזער צוועק. אונזער פּערזענליכקייט איז אונזער אויפגאַבע, און דאָס ריין מענשליכע, דאָס ניט ליטעראַרישע — אָפט דאָס ניט־גראַמאַטיקאַלישע — איז די רעזידענץ־שטאָדט פון אונזער וואונש..."

און פּונקט ווי ער אַליין האָט זיך ליעב צו שפּיעלען מיט פּאַראַדאָקסען, אַזוי האָט ער פּיינט, אַז אַנדערע בעפּוצען זיך מיט ליגנערישע אמת׳ן. ער האַסט דעם פּערקליידעטען ליגען און ווען ער דערשנאַפּט איהם שלעפּט ער איהם אַרויס פון זיין טונקעל־בעקוועמען ווינקעל און עקספּאָנירט איהם אונטער דער טעלעסקאָפּישער ווייטזעהענדיגקייט פון זיין קריטישען זין.

איינע פון יענע שעהן־פּערקליידעטע ליגענס איז, אַז אַ קינסטלער דאַרף זיין בעשיידען. נאַדיר זאָגט:

„אין גרונד גענומען איז קיין מענש ניט בעשיידען. און איז דער קינסטלער ניט קיין לעבעדיגער מענש?

שוואַכע נאַטורען רעדען ניט וועגען זיך נאָר... וועגען וועטער. איז דען דאָס וועטער אינטערעסאַנטער פון מענשען? און איז דען דאָס טהעמא „איך" ניט אַזוי פּיעלפאַרביג און אַלץ אַרומנעהמענד

זוי דער קאַווע־שמועס וועגן סווינבורנען און וועגן דעם נאַטור־פאַרשער איפּסילאָן?

דער אמת'ער מענש קען ניט אמת'דיק עהרליך איגנאָרירען זיין פאַרשווינדליכקייט. קען ניט פאַרפעהלען צו ברענגען זיין „איך" אין שפּיעל ביי יעדער געלעגענהייט. צו רעדען פון שריפטשטעלער איפּסילאָן און ניט פון מיר יצחק רייז, וועלכער איז נאָך מיין מיינונג א גאַנץ סימפּאַטישער יונג, וואָלט געהייסען אונטערדריקען אז אמת וואָס שרייט פון מיין בלוט ארויס, קלאַפּט ארויס פון מיין דופק; און פינקעלט ארויס דורך דעם שוואַרצאַפּעל־שימער פון מיין אויג."

און ער איז אויסגעהאַלטען. אז מען דאַרף זאָגען א ניט פערקליידטען אמת, קוקט ער ניט אויף קיין בעשיידענהייט, נאָר זאָגט איהם מיט זיין גאַנצער פרייקייט:

„די אנערקענונג איז ניט קיין רעזולטאַט נאָר אן אורזאַך. זי איז אן א י נ ס ט ר ו מ ע נ ט, מיט וועלכען דער קינסטלער שאַפט זיינע ווערק. די קאָמפּלימענטען וואָס דער דיכטער קריגט זיינען נויטיג, כדי איהם צו בעגייסטערען פאַר זיין ארבייט. ווען עס וואָלטען ניט געווען קיין מעצענאַטען אויף דער וועלט — וואָלטען די קינסטלער אליין געמוזט ערוועהלען פון צווישען־זיך מעצענאַטען און זיי צאָהלען א געוויסען געהאַלט פאַר זייער מעצענאַטיריי...

איך האָב אמאָל געטראָפען אונזער שלום אש'ן אין א געדריקטער שטימונג. זיינע גרויסע, קינדישע אויגען זיינען געווען פערפינסטערט. מיר האָבען גענומען א קליינעם שפּאַציר צוזאַמען, און נאָך א ווייַלע שווייגען האָט זיך אש צו מיר אָנגערופען כמעט ערענסט:

— איך בעט איך, ליעבער מענש, מאַכט מיר עטליכע קאָמפּלימענטען... איך דאַרף היינט אָנהויבען א ניי ווערק און ס'כאַפּט ניט קיין כח דערצו... טהוט מיר א געפאַלען און זאָגט מיר, אז איך בין א גרויסער קינסטלער.

איך האָב איהם פערשטאַנען...

נאָר מיטעלמעסיגע טאַלאַנטען קענען טהאָן זייער ארבייט אָהן שום אָנרעגונג פון דרויסען. דער אמת'ער קינסטלער האָט גענוג

**טיעפע אמת'ן אין ז י ך, צו וועלען זיך אמאָל אפּפרישען מיט א פיינעם, עלעגאנטען, שוימענדען ליגען."**

נאַדיר'ס געדאנק קלעטערט אלעמאָל ארויף אויפ'ן העכסטען שפּיץ כדי ער זאָל קענען אריבערקוקען און זעהן וואָס ס'טהוט זיך אויף יענער זייט. די קונסט איז פאַר איהם ניט יענע כשופ'דיגע זון, אין וועמעס פּנים מען טאָר ניט אריינקוקען. נאַדיר בליקט אריין אין איהרע פערבאָרגענסטע ווינקעלאַך און פערטרויט אלעמען איהרע סודות. נאָך מעהר: ער ווייזט, אז דאָס זיינען גאָר קיין סודות נישט. ער האלט, אז קינסטלער דארפען ניט זיין אזוי ערענסט ווי מען האָט זיי איינגערעדט: „דער אמת'ער קינסטלער שטעהט העכער פון זיין קונסט. אָדער ריכטיגער: שטעהט אין דער זייט פון זיין קונסט און, ער קוקט זיך צו, ווי זי ווערט געמאכט. ער האָט הנאה פון דעם ליגען, וועלכען ער פער'אמת'ט מיט זיין טאַלאנט... אזוי, אז פון דעם ליימענעם גולם פון אבסטראקטע פאַלשקייט — ווערט בעשאַפען א וועזען וואָס אטהעמט און הוסט, און — האָט אנדערע לעבעדיג־מענשליכע בעדערפענישען, כמעט ווי שוישפּיעלער, אָדער קריטיקער."

אָט אזוי, מיינע הערשאַפטען, רעדט דער נישט־איבער־מענשליכער, דער א י נ ט י מ ע ר, דער לירישער פער־דו־רעדענדער משה נאַדיר.

: : :

פינאַל.

נאַדיר איז אן אויסערגעוועהנליכער סטיליסט. ניט קיין סטיליזאטאָר. נאָר ער איז אליין סטיל. קיינער האָט ביי אונז ניט געמאכט אזוי פיעל פאָרם־עקספּערימענטען ווי ער. איהם געלינגט צו שרייבען אין פערשיעדענע פאָרמען און סטילען. איהר געפינט ביי איהם, אָנהויבענדיג פון א ליעד, א פעליעטאָן, ביז א דראמא און א דערצעהלונג. נאַדיר דערצעהלט שעהן און פּיקאַנט. „מיין ערשטער ראָמאן" האָט א בעזונדערען משה נאַדירשען חן. מיט אזוי פיעל דינקייטען, אזוי פיעל קינדערשע נאַאיוויטעט, און אזא שיינענדע אונשולדיגקייט, וואָס נאָר אזא ווייטער קינדער־טרוים האָט געקענט אָנהויבען און נאָר אזעלכע פלינקע ווייס שלאַנקע הענד ווי נאַדיר'ס האָבען געקענט אויפצייכענען.

נאַדיר דערצעהלט ניט קיין מעשות, ווי אנדערע. ער בעשאַפט

ניט קיין העלדען. ער איז אין זיין שרייבען אימער א ל י י ן דער ה ע ל ד... דערפאר אז איהר האט א סך געליינט נאדיר'ן — געדענקט איהר ניט אזוי ו ו א ס איהר האט געליינט, ווי איהר געדענקט דעם גוטען נאכ־טעם. מען געדענקט מעהר פון אלע, נישט זיין שרייבען, נאר איהם — דעם ל ע ב ע ד י ג ע ן משה נאדיר. דעם קינסטלער פון ווערטער־רעגענבויגענס, דעם מייסטער פון פיעל שיינענדע און ב ל ע נ ד ע נ ד ע שפּראכליכקייטען. דער ווערטער־ווירטואז וואס שפּיעלט זיך מיט קלאנג און ריטם אזוי וואונדערליך פלינק, אז — ווען ער זאל זיין א פיעדעלשפּיעלער — וואלט איהר פונקט אזוי בעוואונדערט זיינע בויגען־בעוועגונגען, ווי זיין טאן, ווי זיין שפּיעלען. נאדיר'ס סטיל־טעכניק קענט איהר נישט נאר הערען, נאר אויך זעהען. — אזוי צו זאגען — פונקט ווי די פוטוריסטישע מאהלער מאכען אמאל א קאמפּאזיציע פון בלויז פארבען, אזוי מאכט נאדיר טהיילמאל א קאמפּאזיציע פון בלויז ווערטער און קלאנגען. ער זעהט ווערטער ווען זיי זיינען נאך נאקעט, אין זייער פּריוואטען לעבען. און ער קען זיי דערפאר אנטהאן אין וואס פאר א געדאנקען ער וויל. אָפטמאל שרייבט ער ניט צוליעב געדאנקען, נאר צוליעב מוזיקאלישען ווערטער־שפּיעל. מען האט בלויז א הנאה פון דער שפּראך־מוזיק, אזוי ווי אין:
„דיינע שמעטערלינגען, ליעבע פרוי."

נאדיר איז דער פוטוריסט אין אונזער ליטעראטור. „10 מינוט רויהע געדאנקען" איז אפשר דאס נייעסטע און אָריגינעלסטע, וואס מען האט ביי אונז געשריבען. ניין, ניט געשריבען. אזעלכעס שרייבט מען ניט. דאס איז כירורגיש ארויסגעשניטען פון זיין נשמה. נאדיר האט די נאך ניט פערקליידטע געדאנקען ארויפגע'כשופ'ט אויפ'ן פּאפּיר, אזוי נאקעט, אזוי פראגמענטאריש, מיט אלע שפּיצען און קנייטשען, פונקט ווי די נאך ניט אויסגעפורעמטע גייסטיגע בליצען אין א פלינקען מענשליכען מוח. איהם איז געלונגען צו פערטרייבען דעם געדאנק אין זיין ענגסטען ווינקעל, און איהם דארטען פאנגען. און ווי א לעבעדיגער, ערשט־געפאנגענער שמעטערלינג ציטערט און ווארפט זיך צווישען די פינגער פון דעם וואס האט איהם געכאפּט, אזוי ציטערט און פלאטערט דער ביי־דער־ארבייט־געכאפּטער געדאנק, אונטער נאדיר'ס פעדער.

וואס פאר אן אוצר'דיגען אידיש נאדיר האט! מען ווייסט

ניט פון וואנען ער נעהמט אזוי פיעל קלאנגען. און ווי ליכט און גראציעז די ווערטער בויגען זיך ביי איהם. די ווערטער זיינען אימער גרייט איהם צו דיענען. נאדיר ניט בלויז א כשוף־וואונק, און די עקזאטישע ווערטער קומען ווי פייגעל צופליהען פון זייערע פערבארגענע שפּראך־נעסטען. און וואס ער הייסט זיי טהאן, טהוען זיי. אט הייסט ער זיי זאגען אזא געדאנק — פאלגען זיי און זאגען:

„יהואש ד ע נ ק ע ר ט  דורכאויס און פאלשטענדיג און — אהין־און־צוריק. דאריבער: נעהמט ער א יעדער ווארט און צעשפאלט עס אויף צווייען און לייגט אריין אינווענינג א מין געדאנקענראזשענקע, כדי עס זאל זיין פול מיט אינהאלט...“

אדער אזעלכע געדאנקען און ווערטער זשינגלערייען:

„די וועלט און די אומגעגענד.“

„די אייביגקייט און נאך לענגער.“

„פון די אלערלייסטע געשלעכטער וואס דרעהען זיך ארום אויפ׳ן ערדקוגעל, פערליעבט זיך דער מענש ענטוועדער אין א מאן, אדער אין א פרוי.“

„אז איהר זאלט מיך פרעגען וואס איך וויל, ווייס איך ניט. אבער איך וועל ניט רוהען ביז וואנען איך וועל עס ניט קריגען.“

„קיין זאך גראבט ניט אזוי אונטער דאס געזונד, ווי דאס לעבען. אז מען לעבט אב און אכציג, ניינציג יאהר, איז מען א רר־אינגירטער מענש.“

„אמאליגע יאהרען איז ביי אידען געווען א בושה צו ארבייטען — אבער דעמאלט זיינען נאך די אידען געווען א נ א ר מ א ל און געזונד פאלק...“

אדער ער פארט ווערטער. צו ברידערליכקייט, מאכט ער ש ו ו ע ס ט ע ר ל י כ ק י י ט. צו מאנספערשוין — פ ר ו י ס פ ע ר ש ו י ן. צו פינסטערלינג — ל י כ ט ל י נ ג. אדער אזא געדאנקען־פאנג:

„איך שרייב. איד׳ל נאך אמאל אנשרייבען אזא זאך, אז די גאנצע וועלט וועט מוזען צוגעבען, אז נאך שלום עליכם׳ען ע״ה פערנעהם איך — געב גאט דאס נעמליכע צו פערנעהמען.“

נאדיר שרייבט אויך ליעדער. אבער זיינע ליעדער זיינען שוין ניט אזוי געלונגען. מען פיהלט אין זיין א געוויסע ש ט י י פ־

ק י י ט און ענגקייט. עס פעהלט אין זיי די משה נאדיר'שע לופט. דאָס ליעד איז אפשר צו ענג פאר זיין פרייען פלאטערדיגען טאַ־לאנט. ער מוז האָבען א סך רוים אין וועלכען זיך צו צאַפּלען און צו וואַרפען. די האַרטע גראַמען־ווענד און די געשניצטע פערזען־פיס שטעהען איהם אין וועג. און מען פיהלט אז דאָס ליעד דער־שטיקט איהם. עס פעהלט די לייכטקייט און וואַסער־פאַל־בע־וועגליכקייט פון זיין פראַזע. דערפאר זיינען זיינע ליעדער ניט הומאָריסטיש, נאָר וויציג, אָדער ס ע נ ט י מ ע נ ט א ל.

אָבער צופיעל אונטערשעצען נאדיר'ס טאַלאנט צו ליעדער שרייבען, דאַרף מען אויך נישט. ער האָט גאַנץ אייגענאַרטיגע זאַכען אין פערזען. „די לעגענדע פון כאַנדרא" ענטהאַלט א סך אָריגינעלע סטראָפען. און מען געפינט כמעט אין יעדען ליעד ביי איהם א פיינע בליציגע שורה. און אפילו אין דעם שוואַכסטען ליעד, דערקענט מען דעם ק א פּ־ר י ז נ ע ם נאדיר, מיט זיינע חנ'עוודיגע איינפאַלען:

„די זון איז נע־ונד, זי קומט און זי פערגעהט,
אזוי איז אויך מיין טרוים — ער קומט און ער פערגעהט...

די זון איז נע־ונד, צושיט זי פריי איהר גאָלד,
אזוי בין איך שוין ניט — איך שיט ניט פריי קיין גאָלד!..."

אויף א פּאָסט־קאַרטעל שרייבט מיר נאדיר:
„ביטע פריינד נח שטיינבערג: ציטירט די פאָלגענדע צוויי סטראָפען מיינע, אלס בעווייז ווי טיעף טראַגיש מיין לעבען איז...

מיין האַרץ.

די זון איז גרויס און פרעמד,
אזוי איז אויך מיין האַרץ.
די נאַכט איז טיעף און שווער,
אזוי איז אויך מיין האַרץ.

די גראָזען וויינען שטיל,
אזוי וויינט אויך מיין האַרץ.
די גראָזען שטאַרבען שטיל,
אזוי שטאַרבט אויך מיין האַרץ."

„יענע וואָס איך האָב שטאַרק געגלוסט צו קושען און האַלזען, האָב איך דאָך קיינמאָל ניט געקושט, און יענע וואָס איך האָב אַזוי הארציג געקושט און געהאַלזט, האָב איך דאָך קיינמאָל ניט געגלוסט צו קושען און האלזען.“

(יצחק רייז).

משה נאדיר איז דער מענש וואָס בלאָנדזשעט ארום צווישען אספאַלט און שטערען, צווישען לעבען און טויט, ווי אַן איינזאמער קאַוואַליער אין א טאַנץ־זאַל. ער זעהט מיאוסע און שעהנע דאַמען. די מוזיק שפּיעלט. זיי ווילען טאַנצען און האָבען ניט מיט וועמען. ער האָט יאָ מיט וועמען, נאָר ער פוילט זיך. — די וואָס טאַנצען זיינען אונצופריעדען מיט זייערע מיט־טענצער... די וואָס טאַנצען ניט זיינען אונצופריעדען מיט זיך אליין. ער איז א ליעבלינג און האסט די ליעבלינגעריי. ער זעהט דעם טאַנץ, און די אונטענצליכקייט דערפון. ער הערט דאָס נאַרישע מוזיק־געקלימפּער. און ער ווייסט, אַז אויך דאָס וועט באַלד אויפהערען, און ער ווייסט אז א נישט געטהוענע נאַרישקייט איז נאַרישער ווי א געטהוענע. ער מערקט דעם טויט זיך ארומדרעהען צווישען די מיעדע טענצער — באַלד וועלען זיי מוזען אהיימגעהן שלאָפען... און דאָס אייביג טוידט־זיין איז אזוי ערמיעדענד און באַנאַל! געהט ער צו צו דער שעהנסטער אָדער מיאוסטער דאַמע און גיט איהר א מאַנירליכען קוש, און פּלאַפּעלט ליידיגע ליעבעס־ווערטער, וואָס קלינגען אזוי שעהן, צום ריטם פון דער נאַרישער לעבענס־מוזיק, פון דעם שווינדעלדיגען לעבענס־וואַלצער... ווייל ער ווייסט אז:

...אַלץ פערגעהט—פערפליסט... דאָס ליעד און אויך די פליוט!
און אַלץ צונאַגט, צופרעסט דער שאַרפער צאָהן פון צייט—“
(פון זיין „לעגענדע פון כאַנדרא“)

דאָס איז אפשר ניט אקוראַט אזוי. דאָס איז בלויז איינע פון יצחק רייז'ס אויסגעטראכטע זאכען, וועלכע איך האָב פאַר איהם אויסגעטראַכט. אבער נאדיר זעהט זיך צום בעסטען אין דער א ו י ס ט ר א כ ט ו נ ג. ווייל משה נאדיר איז אן אויסגעטראכטער — א פ ו ן ז י ך ־ ז ע ל ב ס ט ־ א ו י ס ג ע־ ט ר א כ ט ע ל ע ג ע נ ד ע...

# ר. אייזלאנד

„לעג דיין קאָפּ צו מיר אין שויס
און מאַך די מיעדע אויגען צו.
איך וועל דיין קאָפּ מיט מיינע דאַרע פינגער גלעטען.
און ביידע וועלען מיר ווי קליינע קינדער בעטען
צום ליעבען גאָט נאָך רוה,
נאָך אייביג שטילער רוה.“

ר. אייזלאנד.

אין א שעהנעם זומערדיגען אבענד בין איך מיט אייזלאנד'ן אומגעגאנגען איבער די ניו יאָרקער גאסען. איבער אונז האָט די לבנה אויסגעשפרייט איהר בלאס ליכט, לאנג האָבען זיך אויסגעצויגען אונזערע צוויי שאטענס, און מיר זיינען זיי נאָכגעגאנגען א גאנצע נאכט און גערעדט צווישען זיך פון דיכטער און דיכטונג. מיר האָבען זיך אזוי פערטיעפט אין געשפּרעך, אז די נאכט איז אוועק אזוי ווי אין א חלום. אז מיר האָבען דערזעהן אז דער הימעל איז שוין העל און בלוי, האָבען מיר זיך ערשט געכאפּט, מען דאַרף געהן אהיים...

מיט אייזלאנד'ן איז זעהר אנגענעהם צו פערברענגען. מען קען מיט איהם רעדען וועגען אלצדינג. ער איז ניט קיין פערשלאָסענער. ער איז צוגעלאָזען און גיט זיך אייך אוועק אין גאנצען, אזוי ווי אין זיין שרייבען. און ער קען אזוי אינטים אוועק רעדען טעג און נעכט און ניט מיעד ווערען. אין א געשפּרעך קען ער אייך איבערדערצעהלען א מעשה, א לעגענדע און אמאָל א גאנצע קריטיק איבער א ווערק. ער רעדט שטיל, לאנגזאם, אבער ווארעם.

אייזלאנד האָט פיעל געלעזען און גערענקט דאָס געלעזענע. ביי איהם ווערט אלץ סיסטעמאַטיזירט אין א שטה. די אידישע קולטור איז ביי איהם איינס מיט דער אייראָפּעאישער. אבער דאָס איז בלויז אין גייסט. אויסערליך איז ער א טיפּישער איד. זיין פּנים איז לענגליך, בלאס, מיט א בעזונדערע אידישע ווייכקייט, מיט אן עכט אידישע נאָז; און עס פעהלט איהם נאָר אויס באָרד און וואנצען אויסצוזעהן ווי א היימישער רב.

שטענדיג זעהט אייזלאנד אויס מיעד. איך האָב טהיילמאָל דערפאר מיט איהם אויסגעמידען צו רעדען, ניט וועלענדיג איהם נאָך מעהר מיעד מאכען.

ערשט שפּעטער, אז איך האָב זיך מיט איהם נעהענטער בעקענט, האָב איך איינגעזעהן אז ער מאכט נאָר דעם איינדרוק פון א מיעדען. אין דער אמת'ן איז ער יונג, פריש, און האָט ליעב צו זיין נאָהענט מיט מענשען.

אז איך בין אריינגעקומען צו אייזלאנד'ן אין הויז, האָבען מיר ביי א גלעזעל טהיי, אזוי זיך פערנאָנדערגערעדט, אז מיר האָבען פערגעסען אז ס'איז דאָ צייט אין דער וועלט. איך האָב זיך אויפמערקזאם איינגעהערט צו זיינע רייד. ער האָט זיך געפיהלט

לייכט, געלאָפּען פון איין געראנק צום צווייטען און יעדער געראנק איז געווען א נייער בליץ.

געווען מאָמענטען, ווען דער מיעדער אויסדרוק איז אין גאַנ־צען פערשוואונדען פון זיין געזיכט. און צוזאמען מיט די געדאַנ־קען האָט זיך געגאָסען אזא שטילע פרייד איבער זיינע ליפּען. זיינע אויגען האָבען אויפגעלויכטען. ער איז געוואָרען אזוי שעהן און הארציג, אז איך האָב דערפיהלט א פרייד קוקענדיג אויף איהם. כ'האָב געוואָלט עפּעס זאָגען, נאָר עס האָט זיך ניט גע־רעדט. בין איך געבליבען זיצען רוהיג, שטיל. אין זיך האָב איך געטראַכט:

אייזלאנד איז דאָך אזא פערהילטער — מען וויים נאָך ניט ווער אייזלאנד איז...

איך האָב איהם געבעטען ער זאָל מיר לעזען זיינע ליעדער. האָט ער מיר געגעבען א בוך, מיט נאָך ניט קיין געדרוקטע ליעדער. איך זאָל אליין לעזען. איך האָב איבערגעלייענט איין ליעד און נאָך א ליעד און מיר איז געווען גוט לייענדיג די שטילע געמיטהפולע פערזען. וואָס פאר א ווארעמער געפיהל ליגט אין זיי. אז איך לעז פיהל איך ניט קיין ווערטער; נאָר ווי א מילד ווינטעל וואָלט פער־בייגעבלאָזען און איבערגעלאָזט א פרישקייט. איין ליעד געדענק איך הויבט זיך אָן:

„אין דרויסען שמעקט מיט פריש געקאָסעט היי."

אין א ווײַלע ארום לעזט ער מיר זיינע איבערזעצטע כינעזי־שע ליעדער און רעדט מיט פיעל ליעבע וועגען דער כינעזישער ליריק.

עס קומען אריין זיינע צוויי אינגעלאָך, טאנצען ארום איהם, רעדען צו איהם, נעהמען זיך שפּיעלען מיט'ן טאַטען. און ער, דער טאַטע קוועלט אַז פון זייערע קונצען. שפּיעלט זיך מיט זיי א ווײַלע. באלד ווערט ער מיעד, בעט ער זיך ביי זיי: „קינדערלאך לאָזט מיך צורוה".

זיין שטימע קלינגט אזוי געבעטפּול, ווייך, אז די קינדערלאך דערפיהלען עפּעס... און געהען אריין אין צווייטען צימער.

בלייבענדיג אליין, זאָגט ער צו מיר: „איהר ווייסט? שריי־בער האָבען ניט קיין קינדער, קיין ווייב, קיין עלטערען, זייער שרייבען זונדערט זיי אב פון אלץ—"

אייזלאַנד קען זיין אַן אינטימער פריינד. זיין איינפאַכע צו־געלאָזענע האַלטונג צושטערט באַלד די גראַטע, וואָס שטעהט צווישען מענש און מענש.

איך וויים נים וועד ס'קען נים ליעב האָבען אייזלאַנד'ן. דאַכט זיך אַלע האָבען איהם טאַקע ליעב. נים שרייבער און אפילו שריי־בער אויך.

געשריבען האָט אייזלאַנד נאָך גאַנץ ווייניג. אָדער בעסער געזאָגט, געדרוקט האָט ער ווייניג. און דאָס וואָס ער האָט שוין געדרוקט האָט אויך נים געמאַכט קיין גרויסען רושם. ווייל אייז־לאַנד גלאַנצט נים, בלענדט נים מיט קיין געקינצעלטע פאַרבען, ער איז צו איינפאַך, כמעט וואַכעדיג, מען זאָל איהם קענען לייכט דערקענען.

אייזלאַנד האָט אָבער מיט זיין איינפאַכקייט אריינגעבראַכט זיין בעזונדערען טאָן אין דער אידישער פּאָעזיע.

אין וואָס בעשטעהט אייזלאַנד'ס בעזונדערקייט?

ער ענטפערט דערויף אַליין אין זיין אַרטיקעל:

„די נייע ווענדונג אין דער אידישער פּאָעזיע." געדרוקט אין „מענש צו מענש".

„די נייע ווענדונג אין דער אידישער פּאָעזיע, איז די ווענדונג צום לעבען. צום אַלטעגליכען לעבען פון יחיד, מיט זיינע ליידען און זיינע פריידען, און אַלע זיינע עמפּינדונגען. דערפאַר זוכט דער מאָדערנער פּאָעט פריהער פאַר אַלץ גערעכט צו ווערען צו זיך אַליין. דערפאַר פערנעהמט ער זיך אַזוי ווייניג מיט דעם וועלט־שמערץ און נאַציאָנאַלען שמערץ; מיט הויכע אידעען און סאָ־ציאַלע פּראָבלעמען. וואָרום ער ווייסט, אַז פריהער פאַר אַלץ און שטאַרקער פאַר אַלץ אינטערעסירט איהם זיין אייגענער איך און אָט די אַלע טויזענטער קליינע ערשיינונגען וואָס רינגלען איהם אַרום יעדע מינוט.

„וואָס פאַר א דערהויבונג קען מען דען געפינען אין'ם לעבען פון יחיד, וואָס איז אָפּט אַזוי גרוי און וואָכעדיג?

אָבער דאָס לעבען, אפילו דאָס גרויע וואָכעדיגע לעבען, איז נאָר נים אַזוי איינפאַך, ווי עס קען זיך אויסדוכטען... יעדער איינ־ציגער מענש איז א גאַנצע וועלט פאַר זיך... אין אונזער נשמה גע־פינען אַן אַבקלאַנג יעדע ערשיינונג, יעדער בעריהר און יעדער

קלאנג אפילו.

א מאך מיט דער האנד, צי א בלאז פון א ווינטעל: א בוים אין מיטען פעלד, צו דער געוויש פון שטאדט: דער קנאפעל פון א פרויען־שוך, צו א קוק פון אן אויג, — יעדע זאך פרעסט זיך איין טיף אין אונזער געמיטה און רופט ארויס א גאנצע רייהע מיט געפיהלען און געגען־געפיהלען... חלומות ווערען געבוירען און חלומות שטארבען אב... אפטמאל איז גענוג א קוק, מיר זא־לען ווערען ווי קליינע קינדער.

„ד י  ש ט י מ ו נ ג  איז אייגענטליך דער הויפט מאטיוו פון דער גאנצער מאדערנער פאעזיע.

„וואס איז שטימונג?

„דאס איז יענע פערפלאנטערונג פון געפיהלען, וואס לאזט זיך ניט אויפפלאנטערען, דאס איז איבערהויפט יענע דערהויבונג פון דער מענשליכער נשמה וואס דערנעהנטערט יעדע וואכעדיגקייט צום אייביגען סוד פון גאנצען אוניווערזום.

„דער עלטערער אידישער פאעט וויים ניט פון קיין שטי־מונג... דערפאר ווייל ער איז קיינמאל ניט צוגעגאנגען צו זיין איי־גענעם איך... און ווען יא, איז ער צוגעגאנגען מיט פרעמדע, גע־בארגטע ברילען. פאר אלץ האט ער שוין געהאט אן אלגעמיינעם פארטיגען בעגריף...

„אונזערע בעציהונגען צו דער פרוי, האט ער געוואוסט הייסען „ליעבע". האט ער זיך פערקוקט אויף א לאנדאשפט, האט גע־וואוסט אז ער קוקט אויף דער „מוטער נאטור..."

„פאר פאעטען פון זייער שניט שפיעלט דערפאר די הויפט ראל דאס טעמא... ניט געפינענדיג גענוג פאעזיע אין דעם אייגע־נעם איך, נעהמען זיי זיך צו „טעמאס."

קומט מען ווידער מיט א טענה, אז די מאדערנע פאעטען זיי־נען ניט דייטליך, אז מען פערשטעהט זיי ניט.

אבער ווי מאדנע! דאכט זיך אין דער גאנצער אידישער פאעזיע איז ניט געווען אזוי פיעל איינפאכקייט פון ווארט, ווי דוקא ביי אט די „יונגע".

יא, טאקע דערפאר, ווייל זיי זיינען איינפאך, פערשטעהט מען זיי ניט.

אין דער אידישער פאעזיע איז מען נאך צוגעוואוינט צו דער

הויכער פראזע. און געוואוינהייט ווערט די ע ר ש ט ע נאטור. די מיידלאך וואס געוואוינען זיך צו צו פאלשע פארבען קענען מעהר ניט זעהן זייער אייגענע פארב אויפ'ן פנים...

מענשען האבען זיך פאר לאנגע יאהרען צוגעוואוינט צו פאל־שען גלאנץ. און ווען ס'קומט איינער און ווייזט זיין אמת'דיג פנים, איז עס צו נאטירליך עס זאל אויך זיי מאכען אן איינדרוק. זיי דאר־פען עס זאל זיי בלענדען פאר די אויגען. און אזא דיכטער ווי אייז־לאנד בלענד ניט. ער איז צו וואהרהאפטיג... דערפאר פערשטעהען איהם נאר די ווענינע טיפע נאטורען, די וואס לעבען ניט בלויז אויסערליך נאר מיט זיך און פיהלען די וויכטיגקייט פון דאס נאהענטע...

מען דארף אבער ניט מיינען, אז אייזלאנד'ס וואכעדיגקייט, איז די אזוי גערופענע פשוט'קייט, מיט וועלכע עס האבען זיך ליעב צו פוצען אונזערע אלטע. אייזלאנד'ס פשוט'קייט, איז יענע איינפאכקייט, וואס קומט פון א רוהיגען געמיטה. די פשוט'קייט, וואס וועהט ארויס פון דער אלטער כינעזישער ליריק. ביי לאנדוי איז אויך דא דער פשוט'ער טאן. נאר ביי לאנדוי איז ער פרעטענ־ציעזער, און דערפאר — אנזעהעוודיגער.

אייזלאנד איז אבער א שטילער. און שוין דערפאר אליין, איז איהם לייכט צו פ ע ר ז ע ה ן. און אז מען זעהט איהם שוין יא, איז זעהר לייכט איהם מיסצופערשטעהן. ווייל איהר געפינט אין זיין ליעד, אזעלכע עלעמענטארע אונבעדייטענקייטען ווי „פאנ־טאפעל“, „אייער“, „ציבעלע“, אז מען קען מיינען זיין ליעד איז אונבעדייטענד. אבער דאס הייסט אריינפאלען אין א טעות. ווייל די שרייענדע זאכען איז לייכט צו מאכען זעהן. אבער כדי צו מאה־לען דאס שטילע, אונבעדייטענדע, צו דעם דארף מען האבען א נשמה, וואס זאל פיהלען דעם סוד פון דאס פשוט'ע.

אבער דאס פשוט'ע וואלט נאך אין גרונד, אפשר קיין קונסט ניט געווען, ווען אונטער דעם זאל זיך ניט פיהלען די שטימונג פון דעם שטילען זעהער אייזלאנד:

„דורך דעם פענסטער קוקט אריין צו מיר א טריבער מארגען.
מיעד, ניט אויסגעלאפען געהט ארום די פרוי.
די פאנטאפעל קלאפען וואכעדיג און גרוי,
פון די ווענט און ווינקלען קריכען וואכעדיגע זארגען.“

דאַ האָבען מיר דאָס לעבען אזוי ווי עס איז. אַהן פאַלשע פאַר־בען. דאָך ווי שעהן איז דאָס וואַכעדיגע לעבען, ווען עס איז גע־מאהלען פון אייזלאַנד'ן?

אייזלאַנד האָט מיר אמאָל געזאָגט: „מען דאַרף זיך געבען אזוי ווי מיר זיינען, ניט פערגרעסערען, אויך ניט פערקלענערען; נאָר געבען די ווירקליכקייט. און פון דער ווירקליכקייט אליין וואַקסט דאָך שוין ארויס דאָס וואונדערבאַרע...“

אייזלאַנד זוכט ניט קיין נייע הימלען. ער האָט זיך בלויז אויסגעזוכט אַן אייגענעם ווינקעל דאָ אויף דער ערד. זיין ווינקעל איז דער געוועהנליכער. ער איבערדיכטעט די שעה'ן פון אַלע טעג. דאָס לעבען אַהן סענסאַציעס. ער רופט טאַקע זיינע ליעדער „פון אַלע טעג“. און זיי זיינען אזוי שטיל און איינפאַך ווי די טעג פון א גאַנץ יאָהר. ווי געטריי געמאָהלען, מיט אזא ל י י כ ט־ק י י ט און ד י נ ק י י ט... און אַהן די מינדסטע איבערטריי־בונג פון וואָרט אדער בילד.

אייזלאַנד האָט אויך געשריבען אייניגע זעהר שעהנע ערצעה־לונגען, וועלכע צייכענען זיך אויך אויס מיט זיין בעזונדערע איינ־פאַכקייט און וואהרהאַפטיגקייט. ער האלט אויך אין שרייבען א ראָמאַן פון דעם אמעריקאַנער לעבען. אייניגע קאַפּיטלאָך פון דעם ראָמאַן זיינען שוין געווען געדרוקט אין זשורנאַלען און צייטונגען. אָבער איצט רעד איך נאָר וועגען אייזלאַנד'ס ליעדער.

: : :

ווי אזוי איז די שאָפ געווען רעפּרעזענטירט אין דער אידישער ריכטונג פון אונזער גרעסטען דיכטער, מאָררים ראָזענפעלד, און ווי זעהט אויס די שאָפ ביי אייזלאַנד'ן?

ראָזענפעלד שרייט, אדער וויינט:

„ביטערע טרעהרען און זודיגע טרעהרען
צוואָווייקען מיין מאָגערען מיטאָג, מיין ברויט.
עס ווערגט מיך, איך קען ניט מעהר עסען, איך קען ניט!
א שרעקליכע פראַצע! א ביטערע נויט!“

אָבער ער וויל מאַכען דעם איינדרוק שטאַרקער. שרייט ער אויס מיט די ווערטער פון אַן אמת'ן אגיטאַטאָר:

„א סוף צו די קנעכטשאַפט, א סוף זאָל דאָס זיין!“

און דאָך מאַכען די דעקלאַמאַציאָנס קולות קיין טיעפען איינ־

דרוק, ווען מען לעזט זיי פאר זיך אין דער שטיל. אפשר דערפאר, ווייל מיר זיינען שוין אזוי ווייט פון יענער צייט? —

אייזלאנד אָבער שרייט ניט. ער מאָהלט שטיל, מיט א רו־היגע האנד. ער ווייזט אייך די קללה פון שאפ מיט די איינפאכסטע ווערטער און מיט די געוועגליכסטע בילדער.

ראָזענפעלד שרייט:

„ס'שיינט מיר די שאפ אין מיטאג צייט ש ט ו נ ד ע
א בלוטיגער שלאכטפעלד,
ארום און ארום זעה איך ליגען הריגים,
עס ליארעמט פון דער ערד דאָס פערגאָסענע בלוט..."
(פון דעם ליעד „די סוועט שאפ").

און אָט לאָמיר זעהן ווי אזוי אייזלאנד מאָהלט די מיטאג־שעה אין שאפ:

„ס'איז מיטאג צייט. ארום איז שטיל. בלויז ווי א ביהן
דאָרט זשומט אין א ווינקעל וואו איין איינציגע מאשין.
א מיידעל עסט און קנאקט די שאלעכץ פון אן איי.
און איינער אָדער צוויי געמיטהליך זופען טהיי.
דערנעבען כראמקעט עמעץ ציבעלע מיט ברויט, —
און בלאסע מיידלאך אָנגעפארבט אויף רויט,
צושטעלען זיך ביי אָפענע פענסטער אויס,
און קוקען זשעדנע ערגעץ וואו ארויס.
און אנדערע לאכען קייכענדיג און ריידען מיט די הענט
און ריידען מיט די אויגען און מיט צייכענס אויף די ווענט.

און אויף א פענסטער זיץ איך מיר אליין,
די פיס פערלייגט, א האנד אין שויס, און קוק ארויס,
אזוי זיך גלאט ארויס."

אין אייזלאנד'ס פראָסט פשוט'ע שורות פיהלט מען, אז דאָס איז דער אמת'ער שאפ. אזוי לעבען און ארבייטען מענשען יאָהר איין, יאָהר אויס, ביז זיי הויכען אויס זייער אטהעם און פערגעהן אזוי שטיל, ווי עס פערגעהט א טאָג פון אלע טעג, אויף וועלכען קיינער קוקט זיך ניט אום... אין די איינפאכע שטילע ווערטער פיהלט מען אפשר מעהר די גרויזאמקייט פון אזא לעבען ווי ביי דעם שרייענדיגען ראָזענפעלד'ן.

דאָס קען אפשר אויך ערקלערט ווערען דערמיט, וואָס פון ראָזענפעלד'ן רעדט דאָך אַלעמען ניט מעהר, ווי דער פערביטערטער, צייהנקריצענדער, ניט ראפינירטער ארבייטער. בעת אייזלאנד איז דער אויסדרוק פון א גאנץ אנדער דור. א ד ו ר פ ו ן ג ר י ב ל ע נ ד ע נ ש מ ו ת, וועלכע זיינען געוואָרען הויזען־נעהער אין אמעריקא.

אזעלכע מענשען שרייען ניט. זיי טראָגען אוים זייערע ליידען אין דער שטיל...

פונדעסטוועגען פיהלט מען אין די שטילע שורות א פערקלעמטען כעס צו דעם גאנצען ביליגען, וואכעדיגען לעבען.

אַט ווייזט ער אייך א פריהמאָרגען אין א וואָכעדיגען טאָג, ויען מען געהט צו דער ארבייט. דאכט זיך א גאנץ איינפאך בילד. אָבער גראד אין דער איינפאכקייט זעהט מען די טיעפע, ריין פערזענליכע ליידען פון אן איינזאמען, פערזאָרגטען אין זיך פערקלעמטען מענשען:

„כ'שטעה ביים טהיר און ווארט. א מיידעל קומט:—גוט מאָרגען!
ס'קומען יונגע, אלטע לייט — גוט מאָרגען און גוט יאָהר!
ס'עפענט זיך די טהיר. א נעגער־יונג מיט קרייזעלדיגע האָר,
ציהט ארויף אונז אין דער הויך. א זשום, א פליה.
באלד מיר זיצען שוין אין יאך ווי פיה,
און ציהען אויסגעמוטשעטע, געשפאנט אין שווערע זאָרגען.“

מיטאג צייט — האָבען מיר געזעהן — ווייזט ער אייך, ווי מען זיצט און מען „כראמקעט ציבעלע מיט ברויט. און בלאסע מיידלאך אנגעפארבט אויף רויט, צושטעלען זיך ביי אָפענע פענסטער אוים, און קוקען זשעדנע ערגעץ — וואו ארוים“, און ער צווישען זיי א פערביטערטער, מיט א בעהאלטענעם כעס, זיצט אויף א פענסטער און קוקט אויך ארוים פון שטייג... אין שטייג פון שטאָהל און אייזען — — —

ווי אזוי פיהלט א רעפינירטער מענש נאָך א טאָג ארבייט?

אַט מיט וואָס פאר א גרוילדיגע גלייכגילטיגקייט אייזלאנד גיט אונז איבער די אבענד־שטימונג, ווען מען קומט אהיים פון פאבריק:

„אבענד. אבגעגעסען, זעץ איך זיך אוועק,
טראכט זיך גאנץ גלייכגילטיג: ס׳געהען אלע טעג,
איינער ווי דער אנדערער, אזוי גרוי און פויל,
כאַטש גענע נעהם פון פוילקייט און צועפען ס׳מויל
אין א גרויסען געגעץ און שפּיי ביטער אויס,
אדער עפען ס׳פענסטער, וואַרף זיך גלאט ארויס“.

דער גרויער לעבען פון טאָג איז אזוי מעכאניש, אזוי געפיהל־לאָז, אז מען ווערט פערטעמפּט. ס׳ווערט אזוי ערשעפּט יעדער לעבענסלוסט, אז ס׳בלייבט אפילו קיין געפיהל זיך צו פרעהען מיט די אייגענע קינדער. ס׳איז בלויז געבליבען די מיעדקייט, וואָס עסט די געפיהלען פון הארצען ארויס.

„קומט צו געהן מיין טאָכטער, שטעלט זיך לעבען מיר:
ס׳קליינע פון דער ווייטענס, קריכט אויף אלע פיער,
און מיין זוהן, ער זיצט שוין ברייטליך אויף מיין שויס,
רייט אויף מיר א פערדעל, צופּט מיין וואנצע אויס.
און אָט איז דאָס קליינע אויך שוין אויף מיין האנד,
פּלאַפּעלט „דאַ“ און פּאַטשעלט קיכלאַך דורכאנאַנד.
זאָגט די טאָכטער: „פּאַפּאַ געניץ ניט אזוי!...
ווייסט איך קען שוין צעהלען? — איינס און איינס איז צוויי“
בעט דער זוהן זיך: „פּאַפּאַ זינג פון אלטען איד“
—געהט אייך קינדער שלאָפען, ס׳איז דער טאַטע מיעד.
„וויל ניט געהן שוין שלאָפען“ פּלאַצט דער זוהן ארויס.
און דער טאָכטער׳ס אויגען ווערען גלאנציג גרויס. — —“

דאָס לעבען פערזינגט אין זיך אליין. ס׳איז ניטאָ אויף וואָס צו ווארטען. ס׳געהען אלע טעג, איינער ווי דער אנדערער אזוי גרוי און פויל. „אלעס איז אזוי אויסגעהוילט, אז עס איז אפילו ניט דאָ מיט וואָס זיך אבצונארען... כאַטש נעהם „עפען ס׳פענס־טער וואַרף זיך גלאט ארויס“. קיין טראגעדיע וועט ניט זיין — ווייל ס׳איז סיי ווי אלץ בלויז אויפ׳ן וועג צו פערגעהן...

וויפיעל בעהאלטענע איראָניע ליגט אין דעם...

„ס'איז שפעט. איך גײ אַלײן און ס'קלאַפּן מײַנע טריט.
איך װײס: מיר איז ניט גוט. נאָר אַרן אַרט מיך ניט.
איך װײס: דער מאָרגן װעט אַזױ װי הײַנט זײַן גרױ.
איך װײס, איך װײס דאָס אַלץ. — נו, לאָז שױן זײַן אַזױ!...“

אײַזלאַנד'ס איראָניע איז דער שמײכעל פֿון שטי־לע צער.

אײַזלאַנד האָט אַ סך דערזען. דער גרױסער גול פֿון לעבן האָט זיך איהם בעװיזען אַזױ קלאָהר, אַז ער קען ניט אַבװענדען זײַן אױג פֿון איהם. ער האָט דערפֿיהלט די נישטקײט פֿון אַלע שעהנע אײַנרערעניששען. „פּוסטע תאװת, אײַנגערעדטע פֿרײד“. דערפֿאַר גערהט ער אַלעמאָל אײַנגעבױגען, אַבגעלאָזען, מיעד — און בענקט. ער איז אַ רעזיגנירטער, גרײט יע־דען מאָמענט זיך אױפֿצולײזען אין נירװאַנאַ...
רוה, רוה איז די אױסלײזונג:

„איך בין שױן מיעד,
מיט לײב און לעבען מיעד.
פֿון גרױע טעג: פֿון נאַריש לאַנגע רײד,
פֿון פּוסטע תאװת; אײַנגערעדטע פֿרײד,
פֿון אַלצדינג װאָס איך טראַכט און טהו. —
אַ גרױסער גאָט אין הימעל! שענק מיר רוה!“

װען קען מען האָבען רוה?
די איראָניע זאָגט איהם אונטער: אױף דער עלטער. און אַלט־קײט װערט זײַן אידעאַל. ער פֿאַנטאַ־זירט זיך אַרײַן אין דעם פֿערגעניגען פֿון אַלטװערען:

„איך װינש מיר כ'װאָלט געװאָרען שױן אַלט.
איך װאָלט מיר דאַן געקױפֿט אַ גראָבען שטעקען.
און אפֿשר גאָר אַ טאַבאַק פּושקעלע צום שמעקען.
און װאָלט אַרױס אין גאַס, געזעצט זיך פֿאַר דער טהיר.
בעטראַכט אַ יעדען אײנעם און געלאַכט אין מיר
אױף אַלע די װאָס יאָגען אײַלענדיגע זיך פֿערבײַ
און האָבען גאָר קײן צײַט ניט. אַ קוק, אַ לױף, אַ שפּײַ,
און װײַטער זיך געיאָגט צו אַלדי גוטע יאָהר.“

אבער דאָס איז אויך צופּיעל טעטיגקייט. ער גאַרט נאָך אַ צושטאַנד פון פאַלשטענדיגע פּאַסיוויטעט. דעריבער הערען מיר ווייטער:

„און אפשר גאָר
וואָלט איך דאָס אויכעט ניט געטהון.
נאָר כ׳וואָלט זיך פּשוט, גאַנץ אַזוי געלאָסען,
געגאַנגען מיר שפּאַצירען אין די גאַסען.
די הענד פערלייגט אַהינטער אויפ׳ן רוקען,
אַביסעל איינגעבוקט, בנעימות׳דיג נאָר קוקען,
ווי שטיל, געלאָסען ס׳טרעטען אויף די שטיינער
מיינע אַלטע ביינער,
טראָט נאָך טראָט,
טראָט נאָך טראָט.“

אַט דאָס איראָנישע ליעד, האָט אַ טיעפען לירישען הינטער־גרונד.

דער אייביגער פערלאַנג נאָך רוה, פיהרט איהם צום וואונש נאָך אַלטקייט. געפינט ער כמעט דאָרט זיין געוואונשטע רוה? עס גלויבט זיך קוים. דערצו איז אייזלאַנד צופּיעל פאַטאַליסט. און אפשר צופּיעל איך? און אויף דעם שוועל פון אַלטקייט דערזעהט ער גלייך דעם שרעק פון טויט, וואָס לויערט דאָרטען. און הערט ווי ציטער־דיג ער גיט אונז איבער אַט יענעם שרעק:

מיר זענען ביידע אַלט.
צוויי דינע אַלטינקע מיט מאַטע, ווייכע אויגען.
ביים פענסטער זיצען מיר. דער טאָג איז שען, נאָר לייכט פאַרצויגען
אין דער הימעל מיט דינע, ווייסע וואָלקענס.
זי זאָגט: העי אַלטיטשקער, ס׳ווערט קאַלט,
מאַך צו דאָס פענסטער און טו זיך אָן דעם וואַרימען כאַלאַט.
איך זיץ און רוהיגער רוהיג מיר די ליולקע, לעז אַ באַלט
און טראַכט: ווי אייביג נאַריש בלייבען דאָס די פרויען.

דער זייגער קלינגט.
די אַלטע דרעהט זיך אום און קוקט זיך איין
מיט לאַנגע בליקען אין דעם ציפערבלאַט, ווי שפּעט ס׳קען זיין.
כמעט קלאָר און העל צעהלט אָפּ דער זייגער פינף.

—שוין פינף דער זייגער!... נאַ... ווי ס'לויפט דער טאָג! —
אַ ציה די שמאָלע אַקסלען און ס'פּאַלען מיעד די הענד אין שויס,
און מיר ווערט פּלוצים קאַלט. איך בויג דעם קאָפּ אַרויס
און זעה ווי ס'רויטלען זיך די דינע ווייסע וואָלקענס.
און כ'וויס אַז ערגיץ לויערט שוין די נאַכט."

אייזלאַנד בענקט נאָך אַלטקייט. פאַר וואָס? ווייל דאַן וועט ער קענען רוהען. אבער פאַר וואָס וויל ער אַזוי שטאַרק רוהען? ווייל די בענקשאַפט נאָך רוה קומט פון פערקלעמטער אַנגערוהיגקייט. אינערליכע אונרוה איז זעלבסטצושטערונג. מען עסט זיך אַליין אויף... כאָטש מען האָט איהר אַזוי ליעב — און דער וואָס פיהלט אונרוה און קען איהר ניט אויסדריקען אויף וועלכען ס'איז אופן, דער ליידט גהנים. און פאַר אַ טרייסט חלומ'ט מען זיך אויס אַ גן עדן פון רוה, וואו „אַלטע לייט מיט גראָבע שטעקענס זיצען און שמעקען פון טאַבאַק פּושקעלעך."

וויפיעל איראָניע ליגט אין די אידילע פון אַלטקייט! ניט דערפאַר וויל ער אַלט ווערען ווייל ער בענקט טאַקע נאָך יענער צייט, ווען ער וועט זיין צופריעדען מיט גאָרנישט... נאָר דערפאַר, ווייל ער וויל איצט אַזוי פיעל און קען גאָרנישט קריגען!... מיר האָבען אַ סך פערלאַנגען און ווייניג צופריעדענשטעלונג. דאָס לעבען איז צו ענג פאַר אָריגינעלע נאַטורען...
אין דער ערצעהלונג „דער זייטיגער" זאָגט אייזלאַנד:
„וואָס לאָזט זיך טאָן? אַז לעבען לעבט מען קיינמאָל ניט ווי מען וויל אַליין, נאָר ווי עס לאָזט זיך".
לאַנדוי האָט געפיהלט עהנליך ווי אייזלאַנד ווען ער האָט גע־שריבען:

„ווי עס קלאַפּט אין וואַנד אַ גריל,
קלאַפּט דער טייוועל טיף אין מיר:
באַלד פערפריהרען וועלען דיר
דיינע ציטעריגע הענד."

ס'איז אין אַלגעמיין פערהאַן עהנליכעס צווישען לאַנדוי און אייזלאַנד'ן. נאָר לאַנדוי איז בעוועגליכער, נעוואַנטער, פלינקער. קען שנעל אַריבערשפּרינגען פון איין שטימונג צו אַ צווייטע. זיין האַרץ האָט לייכטע פיסלאַך. און צוגלייך איז לאַנדוי אויך מעהר

עקשנות'דיג אין זיין ווילען. ער קען זיך מעהר רעגירען... ער קען זאגען צו זיך: ניט מיינע קאפריזען, נאר איך מוז זיין דער האר איבער זיך. און אויב לאנדוי איז סקעפטיש צו אלעם און אלעמען; נעגען זיך אבער איז ער קיין סקעפטיקער ניט. אויף זיך זאגט ער גאר ניט קיין שלעכטע מבינות, נאך אלעמען:

„עס זיינען מיינע לידער: ריין ווי טויבען; קלוג ווי שלאנגען."

דערפאר איז פאר לאנדוי מעגליך געווען צוקומען צום דוקא־אפטימיזם. אויב ער האט ניט געפונען קיין טרייסט אין הארץ, האט ער זיך געשאפען א טרייסט מיט דעם שפיץ פון זיין חכמה.

אבער דער ווייכער געפיהל־מענש אייזלאנד, האט דאס ניט געקענט. ביי איהם מוז אלעס קומען פון הארץ... וואס זיצט פעסט אין ברוסטקאסטען — פון אמת'ע שטימונג... דערפאר איז ער גע־בליבען אין אייגענעם קלעם... דערפאר שרייט ער אויס פון מאל צו מאל מיט געבעט:

„א, גרויסער גאט אין הימעל! שענק מיר רוה.
לאז זיין אין זאמד, לאז זיין אין שטויב,
נאר לאמיך איינמאל זיין שוין טויב
פאר אט דעם גאנצען טומעל."

אויף אייזלאנד'ן איז מקוים געווארען די קללה, מיט וועלכע עס איז פערשאלטען די מעהרסטע פון אונזער יונגען דור. — די קללה פון צוויייפעל. ער איז א מענש, וואס ווייס א סך, אבער פער־צעהרט זיך צופיעל מיט ספקות. איהם פעהלט די איינבילדונג וואס מאכט דאס שאפען צו א פערגעניגען. ער איז צו א אנאליטיש אין זיין דענקען. הינדערט זיך אליין מיט זיין צו שארפע זעלבסטקריי־טיק. ער וויל זיך ניט אנפערטרויען א שטארקען ווילען, ער וויל זיך ניט לאזען פערפיהרען פון דרייסטע עקסטרעמען. ביי איהם וועגט קיין זאך ניט אריבער. צו איינגעהאלטען, צו אונזיכער. האט מורא איינצושטעלען. ער איז יענער קאנטעמפלאטיווער כאראק־טער וואס צוגלידערט אלץ אויף בעזונדערע טהיילען און בעזונדער זעהט אלץ אויס נישטיג. עס גליטשט זיך ארום דער טרוים...

אייזלאנד איז אויך פון יענע שטילע נאטורען, וואס בלייבען אימער אין דער זייט. ער וועט שרייבען וועגען אנדערע, לויבען, העלפען אנדערע, ער אליין בלייבט אונבעהאלפען...

ווייל ער קען ניט שפארען זיינע עלעבויגענס, קען ניט שרייַ־ען, בלייבט ער אימער פערבענקט, פערצווייפעלט אין זיך... און קען ניט דערגעהן צו דעם וואס איהם ציהט.

אייזלאנד'ן פעהלט גלויבען. אין דער פריהער שוין דערמאנ־טער ערצעהלונג „דער זייטיגער" זאגט ער אליין:

„א שאד וואס איך האב מעהר קיין גלויבען ניט. א ד וואלט זיך וועלען גלויבען. שטארק גלויבען".

דערפאר איז ער אימער אונזיכער, בלייבט דער שטענדיגער פרובירער, זוכער און ניט־גלויביגער אין זיך. און א איד קען נאר זיין גרוים אין בטחון, אבער ניט אין אונגלויבען. אז מען צווייפעלט שאפט מען גאר ניט. מען ווערט פערלוירען, צובראכען, הילפלאז: מען צוגעהט:

„עס איז מיין הארץ צוטהיילט אין צוויי.
א האלב איז קויט, א האלב איז שניי.
א האלב צוגעהט ביים מינדסטען שיין,
א האלב נאר תמיד פוילט אין פיין."

די שורות זיינען כאראקטעריסטיש פאר אייזלאנד'ן דעם אין זיך גריבלער. געלאזען אלע וועגען הינטער זיך, די אלטע בריקען זיינען שוין צובראכען... מען קען ניט געהן צוריק אפילו מען זאל וועלען — און קיין נייע האט ער ניט געפונען. שטעהט ער א פער־בלאנדזשעטער, אן איינזאמער אין זיין עלענדער גרויער וועלט...

אייזלאנד האט די שטימונג פון גרויען עלענד געוואלט סימ־באליזירען אין זיין פאעמא „בעטלער". אלס גאנצע מאכט זי אבער א שוואכען איינדרוק. נאר דא און דארט בליצט עס אויף...

בעטלער, דאס זיינען די אייביגע וואנדערער וואס זוכען אימער און געפינען גאר ניט. האבען גאר ניט. און דער עיקר — קיין גלויבען אין א וויטען ציעל. זייער לעבען איז בלויז א שפיעל ביים צופאל אין די הענד:

אנגעוואוירען ווייב און קינד, בין א שפיעל איך פאר'ן ווינד:
ווארפט ער זיך אהער, אהין, אהן א טעם און אהן א זין."

פון וואנען נעהמט זיך אזא אייזלאנד?

אייזלאנד איז דער מאדערנער ראפענירטער מענש, דער צנוע'דיגער, איידעלער בלאסער, וואס פיהלט זיך פערלוירען, פער־צאהמט אין די גרויסע שטאדט צווישען מאשינען און פרעמדע

הויכע װענד. פריי פיהלט זיך נאָר דער הפקר, װאו ס'הילכט בלויז די רוישיגע גאס „אָהן א טעם אָהן א זין".

אָבער אין מיטען געפילדער כאַפּט זיך איינער און פרעגט:

„װען װעל איך צום ישוב קומען?"

— דאָס איז דער פּאָעט. אבער ער קריגט קיין ענטפער...

אין אייזלאַנד'ן זעהען מיר די האָפנונלאָזיגקייט און פער־צװייפלונג פון אונזער צייט. די אַלטע גלויבענס זיינען צושטערט געװאָרען און קיין נייע חלומות, װאָס זאָלען אונז געבען כח, האָבען מיר ניט געשאפען. מיר זיינען אן אָבגעריסענער דור. טהייל לייכטע נאַטורען זוכען זיך צו פער'שכור'ען מיט איינרעדענישען, מיט שעהנע ליגענס... אייזלאַנד איז אבער א צו טיעף קריטישע נאַטור ער זאָל זיך אליין קענען אָבנאַרען. ער זעהט די הוילע װירקליכ־קייט צו בולט צו גלויבען אין נישט געשטויגען און נישט געפלויגענקייטען. ער האָט א ליעד:

„האָט עמיצער געזונגען װאו?
— עך, װאָס פאַר א נאַר ביזטו!
אויב ס'איז װאָהר אז עמיץ זינגט,
זינגט ער דאָך עס ניט פאַר דיר."

אָבער דאָך, אונטער דעם דראַנג און פערצװייפלונג, האָט אייזלאַנד א סך מיטגעהאָלפען די ענטװיקלונג פון דער אידישער ליטעראַטור אין אמעריקא. ער איז דאָ אויסגעװאַקסען צוזאַמען מיט די יונגע שריפטשטעלער. און ער איז פיעל מאָל געװען זייער װאָרט־זאָגער. סיי דורך אבהאַנדלונגען, פאָרלעזונגען, אָדער פּרי־װאַט.

אייזלאַנד האָט דורך זיין שאַרף קריטישען כאַראַקטער אַרונ־טערגעבראַכט די פּאָעזיע צו איהר אויפריכטיגסטען טאָן. זיין שטילער שרייבען איז דער ראַדיקאַלסטער פּראָטעסט געגען דעם גאַנצען אַלטען פראַזען־בעגאַזש פון די עלטערע אידי־שע דיכטער. ער קען אָרגאַניש ניט פערטראָגען קיין שעהנע אבער פּוסטע װערטער. ער האָט פיינט דאָס אידיאַליזירען דורך פראַזען. פון שטאַנדפּונקט פון פאָרם האָט אייזלאַנד אזא גרויסען װערטה פאַר דער ענטװיקלונג פון דער אידישער פּאָעזיע, װי װאָרדס־װאָרטה פאַר דער ענגלישער. ער האָט אַריינגעבראַכט אמת'ע אינטימיטעט אין דעם אידישען ליעד. ער האָט בעװוי־

זען אז מען קען שרייבען שעהן אָהן הויכע מליצה.

אייזלאַנד האָט זיך אויך בעפרייט פון דעם מאָנאָטאָנעם סטראָף וואו אלע שורות זיינען ארטיפיציעל אבגעטאקט. ער האָט בעוויזען אז מען קען שרייבען נאַטירליך, פריי און ס'זאָל דאָך זיין האַרמאָניע, אויסגעהאַלטענקייט. אויסגעהאַלטען, ניט מעכאַניש געצוואונגען, נאָר לויט א ברייטערען געזעץ געשאַפען פון דעם דיכטערס אינדיווידועלען געשמאַק. ביי דיכטער וואו אלע שורות ציהען זיך בלויז אין לענגאַטע, איז דאָס ליעד מעכאַניש, קינסטליך, אָהן לעבען. ביי אייזלאַנד'ן איז אבער דאָ סינקאָפען אין זיינע ליעדער. אַט געהען זיינע שורות אין א יאַמבישען ריטם און אין דערמיט גיבען זיי א טאַנץ אין א טראַכייאישען, אָדער אנאַפעסטישען. דאָס זעלבע מיט'ן מעטער. איין שורה קען זיין פון צעהן זילבען, א צווייטע פון דריי. און דאָך פיהלט מען ניט קיין דיסקאָרד. ווייל דאָס וואָס שיינט דרויסענדיג אונאָרדנונג, פאָלגט גאָר א העכערע אָרדנונג, אַן *אינערליכען געזעץ* פון קינסטלער.

צו שרייבען פריי איז פיעל שווערער ווי אויסצוהאַלטען רעגלען. ווייל מען קען זיך ניט פערלאָזען אויף קיין פאַרטיג אָנגענומענע געזעצען פון אַנדערע. מען מוז זיין נאַטירליך און זיך שאַפען אַן אייגענע האַרמאָניע. צו דעם דאַרף מען זיין א געבוירענער קינסטלער.

אייזלאַנד האָט בעוויזען אז ער קען דאָס. זיינע סינקאָפישע פערזען גיבען זיינע ליעדער נאַטירליכקייט, אינטימליכקייט—לעבען. וואָס איהם פעהלט איז: וואָגען! ער האָט ערשט פערנאַנדערגענומען די הענד. מיט דער צייט וועט אפשר דער גלויבען אין זיך אויך קומען. דער אַלטער קלוגער בעטלער, אין זיין לעצטער פּאָעמאַ, גיט אונז שוין אַן אָנצוהערעניש דערויף:

„קרומע הענד און לאָמע פיס,
דאָך איז ס'לעבען גוט און זיס.
אָהן א קלייד און אָהן א העמד
און פערוואָגעלט אין דער פרעמד;
דאָך נאָר זעהט די גרויסע פרייד,
וואָס פאַר אונזער אויג זיך שפּרייט. —
האַלט דאָס האַרץ נאָר גוט און ריין,
וועט איהר אַלע גליקליך זיין.“

# מ.ל. האלפערן

„ווער איז ווער איז דער רייטער דאָרט
וואָס רייט און ריהרט זיך ניט פון אָרט?
זיי שטיל מיין בלוט, זיי שטיל ניט וויין,
דער רייטער דאָרט בין איך אַליין.

אין האַלבער נאַכט, אין מיטען וועלט,
ווער האָט פאר איהם דעם וועג פערשטעלט?
זיי שטיל מיין בלוט, זיי שטיל ניט וויין,
דער רייטער דאָרט בין איך אַליין.

און אַז ס'איז פינסטער אומעדום,
וואָס קעהרט דער רייטער זיך ניט אום?
זיי שטיל מיין בלוט, זיי שטיל ניט וויין.
דער רייטער דאָרט בין איך אַליין.“

מ. ל. האלפערן.

## כאראקטער.

צווישען אונזערע נייע דיכטער איז דאָ איינער, וואָס וואגט. נישטאָ ביי איהם קיין אנגענומענע שעהנקייט. ער זינגט פון זיין בלוט ארויס. און זיין בלוט איז רעוואָלוציאָנער. רויט — אמאָל אפשר ווי די זון, ווען זי גערט אויף און אונטער, און אמאָל ווי דאָס רויטע טוך, מיט וועלכען דער גלאדיאטאר צורייצט דעם בוהאי אין דער ארענא.

האָט ער פיינט, ברענט דער האס אין זיין ליעד. דער גרויזאמסטער עקעל שרייט פון איהם ארויס אזוי פריי, ווי זיין בענקשאפט נאָך שעהנקייט. דאָס בורלעסקע און וואולגארע מאָהלט זיך אין זיין ליעד אזוי בולט, ווי דאָס פיינסטע בילד וואָס די פאנטאזיע בעשאפט. מיט שטארקע ארעמס — אונמעכטיג. אין דער אונמעכטיגקייט שטארק. בלינד מיט אָפענע אויגען — זעהענדיג די אייגענע בלינדקייט — מיט'ן גאנצען פעקעל מעלות מיט חסרונות וואָס עמיץ האָט דעם מענשען מיטגעגעבען אויף זיין לעבענס־וועג.. מיט א גרויסען פערלאנג — האלב געלונגען, און האלב ניט געלונגען. גרויס אין דער נישטיגקייט און נישטיג אין דער גרויסקייט... לייכט קלינגענדיג, ווי דאָס פייקעל ביי א יונגער ציגיינערקע, וואָס טאנצט אויף א פרעמדען מארק פאר גראָשען־לויהן; שווער קלינגענדיג, ווי דער ווינד דורך טויזענד יאהריגע אלטע דעמבעס אין וואלד און דורך צובראָכענע פענסטער און ווענט פון פערגעסענע חורבות — זיך בייטענדיג ווי א טייך, וואָס שפּיגעלט אָב דעם הימעל, ווען ער איז לויטער און אויך ווען ער איז פערוואָלקענט... אין שטורם ברויזט ער אויף; איז שטיל — שפּיגעלט ער אין זיך אָב די לאנדשאפט פון די ברעגען — און אפשר אויך מענשען אין שיפלאך וואָס וויעגען זיך אויף איהם...

קומט א וואָלקען־ברוך, ווערט ער קויטיג און רייסט זיך, רייסט מיט שטיקער פון די ברעגען: ערד און שטיינער, ביימער און פּלויטען און אפשר אויך דאָ און דאָרט דאָס שטיבעל פון אן איינזאמען שטילען מענשען, וואָס פערשפּיעלט זיין לעבען אין זוכען, אין טרוימען... אזוי ווי דו, אזוי ווי איך...

„האָט דער אדלער פליגעל גרויסע,
האָב איך ברייטע שטאַרקע הענד.
האָט דאָס לעבען קאמפף און ליעבע,
האָב איך בלוט וואָס שרייט און ברענט.“

(פון „מיין פאָרטרעט“).

**מ. ל. האלפערן.**

זיין פנים: הויכע באקען־ביינער. א פון בלוט פארברענטע הויט. א פאָר גרויע אויגען, ווי שטאָהל, וואָס מעהר פון אלץ שיינט פון זיי ארויס א ביטערע בייזקייט פון איינעם, וואָס האָט פיינט אלץ וואָס איז היפאָקריטיש,זיס און ליעבענסווירדיג פלאך, און באלעבאטיש.

חנפה׳ט זיך איינער דעם צווייטען אין די אויגען. און אונטער די פלייצעס שטעלט זיך ארויס צונגען — אבער איך בין ניט אייערער... איך האָב אייך פיינט! איהר מעגט מיך אויך פיינט האָבען.

האלפערן איז דער פרייער מענש, וואָס שטעלט אלץ אויף זיך. ער איז דער שארפסטער אבלייקענער פון יעדע אויטאָריטעט, פון אלץ, וואָס וויל זיך שטעלען העכער פון זיין געוויסען... :

„שטאָלץ צו זיין, האָב געלערענט
שוין אין מיינע קינדער יאָהרען.
כ׳האָב זיך קיינמאָל אין געפאהרען
אויף א רגע ניט פערלאָרען.“

און ווידער:

„מענשען זאָגען, אז דער טייוועל
קוקט ארויס פון מיינע אויגען,
סיי ווי סיי האָב איך פאר קיינעם
קיינמאָל נאָך דעם קאָפּ געבויגען.“

און ער איז ניט בלויז אזוי געווען אין זיינע קינדער יאָהרען, נאָר אזוי איז ער פערבליבען ביז׳ן היינטיגען טאָג.

מען קען פערשטעהן האלפערנ׳ס ליעדער, ווען מען קען איהם פערזענליך און זיין הויך הפקר׳דיג געלעכטער, וואָס רייסט זיך ארויס פון זיין ברוסט מיט א היסטערישען הא! הא! הא!

פון אלץ לאכט ער אב. אמיינסטען פון פּאָעזיע און פּאָעטען.
[illegible] איינהארן שרייבט ער אין „דע־לא־העסטער״ :

„ניט לאנג האב איך א ליעד געלייענט פון א דיכטער,
וויינט דער אָרעמער אין זיין ליעד — א טויטען צו בעקלאָגען..
בלאס און קרענקלאך, וויל ער נעבעך, זאָל
איהם זיין די ליעבסטע,
ווייל — די פאהנע פון זיין פאָלק זאָל זי
איהם העלפען טראָגען...״

עס איז נאַטירליך פאר האלפּערן, דעם לעבעדיגען מענש אין דער פּאָעזיע, ניט צו קענען פערטראָגען דעם קינסטליך־פערבלאס־טען און אויגען גלאנצענדיגען איינהאָרן, וואָס מאכט האנד־גע־שניצטע תפלה׳לאך, וועלכע געלערענטע נאראָנים רופען נאציא־נאלע לי‍ריק. א פערבלאסטע פערקרענקליכטע געליעבטע וויל ער. וואָס איז? — די פאהנע פון זיין פאלק זאל זי איהם העלפען טראָגען. — און אז זי וועט זיין געזונד און שעהן? וועט זיי וועלען א געזונדען און שעהנעם בחור, ניט קיין פערפאהנטע אידיליען...

אָבער זעהט איהר, פון מאררים ראָזענפעלד׳ן לאכט ער ניט. כאָטש ער האָט געגען איהם געשריבען א שארפען קריטיק. אָט זיינען האלפערנ׳ס אייגענע ווערטער וואָס ער האָט ארויסגעזאָגט אין א פארטראג איבער אידישע דיכטער :

„ראָזענפעלד איז אריין אין בלוט אין יעדען איינעם פון אונז. ער האָט געגעבען א ברום און טויזענדער שטימען פון דעם ערוואכ־טען פּראָליטאריאט האָבען מיט איהם מיטגעברומט. ראָזענפעלד׳ס שפּראך איז ניט אזוי ראפינירט ווי פון די שפּעטערע דיכטער, אָבער דאָס מאכט זיי נאָך ניט גרעסער פאר איהם. ווייל ניט די ווערטער מאכען דאָס ליעד, נאָר די שטימונג הינטער זיי.—״

מיט זעהר פיעל בעגייסטערונג רעדט האלפּערן וועגען בערנע און היינע. ער קען פיעלע פון היינעס ליעדער אויף אויסענווענינ און ציטירט זיי ביי יעדער געלעגנהייט. ער האָט א טהייל פון היי־נע׳ס ליעדער איבערזעצט אין אידיש און זעהר גוט איבערזעצט. ער האָט פיעל געלערענט פון היינע. היינעס איינפלוס מערקט זיך אין אלע זיינע ליעדער. און דאָס איז אפשר זיין גרעסטער חסרון. ער האָט ניט אלע מאל גענאשט דעם גיפט צוזאמען מיט׳ן האָניג...—

און ליעב איך דיך דו אונרוה מיינע, דו,
פאַר וואָס־זשע בענקט מיין הארץ אזוי נאָך רוה,
פאַר וואָס מוז ליידען איך אזוי פיעל שווערע פיין,
צי מוז די ליעבע דען פאַר אימער אונרוה זיין,
דו אונרוה מיינע, דו...
פאַר וואָס בענק איך אזוי נאָך דיר — א טאָג...
עס געהט דאָך ניט אוועק א נאכט, א טאָג,
וואָס איך זאָל טראכטען ניט און טרוימען ניט פון דיר...
פון דיר, פון דיר—דו לעבען מיינס, דו הארץ אין מיר...
דו אונרוה מיינע דו..."

אמת'ע ליעבע. די ליעבע וואָס מאכט פיהלען אזוי זיגזאגיש. מען ווייסט אליין ניט וואָס מען וויל. מען בענקט נאָך רוה, דאָך האָט מען אזוי ליעב די אונרוה. בלויז די איינציגע שורה: „דו אונרוה מיינע, דו" איז א ליעד. אין דער שורה איז דאָ טרויער און פרייד צוזאמען — די ליעבע וואָס פערפייניגט און גיט דאָך אזוי פיעל גליק — — אפשר דאָס איינציגע גרויסע גליק אין לעבען...

דאָס דאָזיגע ליעד גיט א געלעגענהייט א קוק צו טהאָן אויף האלפערן פון דרויסען.

דער פערזבוי איז א שלעכטער. דורך געצוואונגענעם ריטם ווערט א הויקער פון דער שפּראַך:

„פאַר וואָס מוז ליידען א י ך"

אָדער אינ'ם צווייטען סטראָף:

„וואָס איך זאָל טראכטען נ י ט און טרוימען נ י ט"

איז ניט אידיש. צונויפשטעלען א שורה מעכאניש איז פאַבריצירטע „פּאָעזיע". דאָס פלעגען זיך ערלויבען די עלטערע דיכטער:

„פיעללייכט איז עס בעסער געליעבטע,
פ א ר נ א נ ד ע ר ג ע ש י י ד ט ז י י ן מ י ר ז א ל ע ן ?"
(פון „בלומען און דערנער". יהואש).

מיר דאכט זיך, אז האלפערנ'ס ליעדער, איבערהויפּט די ליִרישע פון די ערשטע צייטען, ליידען פון אינערליכער פאַרמלאָזקייט. אָדער בעסער, פון אַ ניט צונויפגעזונגענקייט צווישען פאָרם און אינהאלט. אבער עמאציאָן איז ביי איהם אימער דאָ. ער

עמפינדעט שטאַרק, ברויזענד. ער האָט אַזאַ ווילדע אומרוה, וואָס רייסט מיט אין וועלכען ס'איז פאָרם. אפילו אין געוועגליכע פּראָזאַ וואָלט ער אייך אנגעגליהט מיט זיין ברען. נאָר האַרמאָ־ניש און לייכט ווערט ביי איהם פאָרם און אינהאַלט צונויפגעגאָ־סען, ווען ער ווערט קאַפּריזנע און שפּיעלעוודיג:

„גו ביזטו ברוגז גאָר, דו נאַרעלע.
קום, קום, איך האָב דיך ליעב.
צי קען איך אנדערש דען, דו גוטע, דו?...
פערגיב מיר איצט, פערגיב."

איז דאָס ניט די זעלבע שפּראַך, וואָס מען שרייבט אין פּראָ־זאַ אָדער וואָס מען בענוצט אין געוועהנליכען געשפּרעך? געוויס. דאָך איז דאָס ליעד, פון וועלכען איך האָב ציטירט דעם סטראָף, קיין רעטאָריק, נאָר אמת'ע פּאָעזיע. שוין וואָס דער איינער סטראָף האָט צעהן פּונקטאַציאָן־צייכענס, ווייזט אַז דער פאָרם מיט'ן אינהאַלט איז האַרמאָניש צונויפגעשפּינט. וויל אין דעם ליעד שפּיעלען ניט אַזוי די ראָלע די ווערטער, איבערצוגעבען די שטי־מונג, ווי די פּ א ו ז ע ן. דורך די פיעלע קאָמאָס און פּונקטען קומען די שורות אַרויס טאַנצענדיג און שפּיעלענדיג אַזוי, אַז זיי גיבען איבער דעם ריכטיגען טאָן פון אַזאַ קאַפּריזנע שטימונג.

האַלפּערן איז אויך אָפּטמאָל אינטים. ער גיט זיך אַריין אין זיינע ליעדער מיט זיין פיבער. אין דער הינזיכט איז ער אַזוי ווי די אנדערע יונגע דיכטער. נאָר דער אונטערשיעד פון איהם ביז אנדערע איז, וואָס ער איז — סינטעטיש. זיי — אַנאַליטיש. ער זינגט איבער פּ י ע ל זאַכען מיט אַמאָל. זיי גיבען זיך אָב מיט בעזונדערקייטען, מיט ניואַנסען. ביי איהם פעלען די ניואַנסען... זיי גיבען ב ל ו י ז דעם שמייכעל; ער גיט דעם שמייכעל אין איינעם מיט די ליפּען.

אין האַלפּערן ראַנגלען זיך פיעלע נשמות. יעדע איינע וויל נעהמען די אויבערהאַנד, אָבער קען ניט. ווערט געשטערט פון אַ צווייטע. דערפאַר קיין מאָנאָפאָנישע ליעדער, נאָר מעהרסטענס — פּאָליפאָנישע. עס מישען זיך ביי איהם פערשיעדענע קלאַנגען מיט אַמאָל. טרעפט איין נשמה קריגט די אויבערהאַנד, קומען אַזעלכע פאַנטאַסמאַגאָריען, ווי ביי פראַנציסקאַ גאַיאַ, אָדער סענטימענ־טאַלע שטימונג־ליעדער, ווי די לעגענדע פון וויניאַוואָסקי. אַמיינסטען

מישען זיך די פערשיעדענע שטימונגען צונויף. עס שטראמט צארטקייט מיט ווילדקייט, ערענסטער פאטאס מיט שטיפערישע סענטימענטאליטעט, ענטציקונג פאר שעהנקייט מיט גרויל און עקעל.

טהייל דיכטער קלייבען צוזאמען שפענדלעך, לייגען אונטער האלץ, גיסען ארויף נאפט, לייגען צונויף די קוילען רוהיג און ווארטען דער לעזער זאל קומען אנצינדען — האלפערן לייגט ניט צוזאמען קיין האלץ מיט שפענדלעך. ער ווארפט באלד שטיקער פייער און פערברענט זיך די הענד... אדער ער קומט מיט גליהענדע גלאוועגעס. זיינע ליעדער זיינען ווי ארויסגעפלאמטע פייערצינגען פון הארצען, וואס פלאמען אפטמאל ארויס אין א ודוי. א ודוי, ניט פון קיין שטארבענדען, נאר פון א לעבענסלוסטיגען מענשען, וואס ראנגעלט זיך מיט די שעה'ן פון זיינע טעג און האט זיי ליעב אפילו מיט זייערע ליידען און טרויער.

טרויער און טרייסט.

„זיי האבען מיך קיינער ניט ליעב. איך בין איינער אליין.
בין ווייט פון מיין היימ־לאנד פערטריבען.
די איינציגע געסט — מיינע טרוימען, זיי קומען און געהען,
ווי פינסטערע וואלקענס געטראגען פון ציעלאזען ווינד,
און אויבעט מיין בענקשאפט איז בלינד, ווי די נאכט
אזוי בלינד — מיין טרויער נאר איז מיר געבליבען.
און דונקעל אזוי ווי דער ים איז מיין טרויער און טיעף.
מיין האפנונג ווערט גרויער און גרויער.
א שיפער בין איך און איך בלאנדזשע ארום מיט מיין שיף.
איך האב ניט קיין רודערס. איך זוך ניט קיין ברעג. איך
בין מיעד —
וויעג, וויעג זיך מיין שיפעל — וואס האב איך דען מעהר
ווי מיין ליעד — וואס האב איך דען מעהר ווי מיין טרויער?“

יא. אפילו ביי דעם טראציגען, עקשנות'דיגען האלפערן איז דא טיעפער צער און טרויער. נאר ער קלאגט זיך זעלטען דערויף. פערקעהרט, ער טרייסט זיך מיט זיין טרויער. ער זאגט, א מענש ווערט דאן אויסגעלייזט, ווען ער קריגט ליעב זיינע ליידען. מען דארף זיין שטארק, זיך בעפרייען פון אלע ענטוישונגען און זיך שאפען אן אייגענעם טרייסט. מען דארף אין זיך בעזיעגען דאס צובראכענע... בלייבען גאנץ אפילו מען האט זיך צעבויגען!

ניט אלע קענען דאס. מען דארף זיין א הערשער איבער זיך
אליין. זיך קענען בעפרייען פון דעם געוועזענעם, ניט געריכטעו,
בייזען, צופעליגען — שוין פערפאלענעם:

„כ'האב וואהנזיניג ליעב געהאט איינעם א מענש,
דער מענש האט דאס הארץ געהאט פאלש מיר צו זיין...
און איצט אז איך וויים עס — א קינדערלאך, זאגט:
ווי זאל איך — ווי זאל איך ניט אויסגעהן פון פיין?...
נאר שטילער מיין הארץ! וואס פארביי איז פארביי!
זיך אבגענארט איינמאל און איצטער, פערגעם!
דער מענש איז געשטארבען פאר מיר און פארביי —
איך פיהר ניט מיט זיך די געשטאלט פון א מת..."

דאס איז א זיעג איבער זיך דורך פערגעסענהייט. און אויב
האלפערן קען אמאל שלום ווערען מיט זיך — מיט דער וועלט
קען ער אבער קיינמאל ניט שלום מאכען. ער בלייבט דער שטענ־
דיגער פראטעסטירער. ער וויל זיך ניט און קען זיך ניט איינ־
עכטען צוזאמען מיט אנדערע אין דעם גראבען שטריק פון לע־
בען. ער וויל זיך בעסער ראנגלען א פרייער מיט זיך אליין, איי־
דער צו ווערען א שקלאף צוזאמען מיט אלע, וואס ציטערען אונ־
טער דער בייטש פון לעבען. זיין בלוט האלט זיך אין איין בונטע־
ווען געגען דער שלעכטער אויפפיהרונג פון דער גאטהייט, געגען
די אונפערשטענדליכקייט פון דעם גאנצען אוניווערזום און געגען
די עלענדקייט פון דעם איינזאמען מענשען: „יא, וועה צו דעם
וואס ווייסט, אז גאט איז גרויס — פיעל גרעסער איז די וועלט...
און ווען אמאל אין מיטען־נאכט אן איינזאמע נשמה וויינט — —
ווער הערט?"

פערהאן מאמענטען, ווען ער דערפיהלט די גאנצע אבגע־
צאהמטקייט פון אונזער ווי צו געפאנגשאפט פעראורטהיילען
לעבען, דעם אייביגען מוז, געגען וועלכען עס העלפט ניט קיין
בונט און קיין געשריי... ער דערפיהלט פון ווייטען דעם קומענדי־
גען טויט, וואס וועט איהם און אונז אלע איינשליסען אין דער
אייביג מיסטעריעזער אונענדליכער נאכט. און ער טרויערט:
„שטום און קאלט... א טויטען־הויז, איך בין אליין. און אלע אויס־
גאנגסטירען זיינען צוגעמאכט. מיין וועה איז שווער און גרויס...
מיין הארץ איז נישטיג — קליין — עסווארט אויף מיר א נאכט...

און נישטאָ קיין אויסוועג. — — —" אַן אייביג־לאַנגע נאַכט
נישטאָ וואו זיך צו בעהאַלטען. ווען מען איז יונג גלויבט מען,
אַז מ'קען לויפען זיך אייביג חבר'ן מיט דער ליעבע, מיט דער
וועלט, מיט דעם שעהנעם בליהענדען דרויסען. אָבער ווען „דו
הערסט שוין דעם הערבסט דורך דעם בלוט דיינעם רינען", דאַן
דערפיהלט מען דעם אייביגען קלעם, פון וועלכען
קיינער קען זיך ניט אַרויסרייסען. און עס בלייבט בלויז אויף די
ליפען די פערביסענע פראַגע צו זיך אליין:

„וואָס זוכסטו אין דרויסען, דו מענש
וואָס ווילסטו געפינען?
פון אייגענעם בלוט ווען עס וויינט,
וואו ווילסטו ענטרינען?"

— — — — — — — — — — — — —

אָבער לאַנג זיך גריבלען אין די אייביגע טיעפענישען האָט
האַלפערן פיינט. איהם קומט באַלד צו הילף די פילאָזאָפישע
איראָניע און מאַכט אַלץ לייכט אוועק מיט דער האַנד:

זאָגט צו מיר דער גאַנג פון לעבען:
גריבעל ניט. סאַ אַנ'אַלטע מעשה.
האָהר פון קינדער זיינען בלאָנדע.
האָהר פון זקנים זיינען ווייסע.
און דער פויגעל קוים געבוירען,
פּרואווט שוין אוים די קליינע פליגעל.
און אַ פינגערעל ביים מיילכעל,
שטעהט דאָס מיידעל פאַר'ן שפּיגעל.
און אויך דו, מיין שטערען־זעהער,
ביזט מיר אייביג אונטערטהעניג.
ביים שפּעקטיוו, די קניע געבויגען...
שטעהסטו און ווילסט מיער ניט ווערען,
און אין ציפערן פערבייטסטו
נאָהענטקייט, ווייטקייט, זון און שטערען,
כאָטש נאָך דיר, וועט פון דיין חשבון
אויף די זעלבע נול פערבלייבען,
וואָס מיט אַט־אַזאַ־מין דרעדעל — 0 —
קען דאָס יעדער נאַר פערשרייבען.

א מענש וואָס האָט אזא בעציהונג צום לעבען, קומט ניט צו רעליגיעזער רעזיגנאציע, נאָר צו עפּיקוריאניזם. צו דעם איינציגען און לעצטען טרייסט פון שלמה המלך: זיך צולאָזען וואויל געהן. דערפאר שטעלט האלפּערנ'ען ניט צופריעדען קיין שעהנע פאַנטאַזיעס. ער וויל זיך ניט אָבנארען מיט איינבילדונג. ער וויל דאָס ווירקליכע. ביי איהם מאָהנען אלע חושים דעם אמת'ן היימעל, די גרינע פעלדער און שעהנע פרויען... דערפאר לאכט ער טאקע פון דעם אידישען אסקעט, פון דעם נזר יוחנן און רופט איהם „גרויסער נאר“ פאר וואָס ער האָט אוועקגעגעבען א לעבען פאר ניט ווען א קוש טהאָן דער שעהנער סאלאמא. ער, אלס פערצווייפעלטער עולם־הזה־מענש קען זיך ניט פארשטעלען עפּעס העכערס, הייליגערס, ווי ממשות'דיגע פרייד. פאר איהם זעהט אוים א נארישקייט זיך צו לאָזען אבשניידען דעם קאָפּ פאר עפּעס אידעאלעס. און ער ענדיגט דאָס ליעד:

„איך קוק אויף דיר, און וואהנזיניג בין איך פאר פרייד און לוסט.
איך קוק אויף דיר, און אלעס וואָס איך טראכט איז איין געדאנק:
איך טראכט פון יענער שרעקליכער סאלאמא, יענער שלאנג
צו וועמען נזר יוחנן האָט מיט זיין קאָפּ בעצאָהלט.
און בלויז דערפאר, ווייל ער האָט איהר קיין קוש ניט טהון געוואָלט..
איך טראכט: אויב זי—דאָס ליידענשאפטליך ווילדע קעניגס־קינד
איז שעהן געווען—אזוי געוואלטיג שעהן ווי דו אצינד.
דאַן איז דער נזר יוחנן א גרויסער נאר געווען,
דער גרעסטער אפשר וואָס די וועלט האָט ווען עס איז געזעהן!...“

דאָס ליעד „סאלאמא“ איז זעהר כאראקטעריסטיש פאר האלפּערנ'ען, דער מענש, וואָס האָט אין זיך אזא גרויסען דראנג צום לעבען. ער קען ניט פערטראָגען דעם נזר'ס הויכען אידעאליזם, וואָס איז געגען דער שעהנקייט פון לעבען. האלפּערן שטעלט לעבען, און דעם מענש אינ'ם לעבען, העכער פון אלץ אין דער וועלט. און טאקע דערפאר איז ער אזוי אויפגעבראכט אויף אלץ וואָס שטערט איהם צו לעבען. ער זעהט אזוי פיעל שעהנקייט, אזוי פיעל צויבער: א גארטען מיט רייפע פּרות, אבער דער גארטען איז פערצוימט... ניט אלע קענען דאָרט אריינקומען — — אין זיין גרויסע פּאָעמא „דע־לא־העסטער“ מאהלט ער מייסטעריש דאָס לעבען אויף דער זייט פון גאָרטען.

## צווישען שטיין און אייזען.

אין אלגעמיין אונטערשיידט זיך האלפערן זעהר שטארק פון די אנדערע יונגע דיכטער. ער איז דער איינציגער צווישען זיי, וואס האט כח, וואס זינגט ארויס פון א הויכע ברוסט. ער שטעהט כמעט אליין מיט זיינע פערמאסטענע פויסטען. די מעהרסטע פון די נייע דיכטער זיינען אזעלכע ציטעריגע, מיעדע, יעדע בע־האלטען אין זיין ווינקעל. אבער האלפערן איז דער גבור, ניט קיין שיטערע שטימונגען — ער פערנעהמט מיט זיין ריעזיגען פאט־האס דאס לעבען אין דער לענג און אין דער ברייט און האמערט עס אריין אין זיין ליעד. ער שפיעלט זיך ניט מיט קיין „שעהנע" ווערטער. ער האט אידעען, פאנטאזיען, עמאציאנען און בילדער. וואס מען זאל וועגען איהם ניט זאגען, זיין ליעד איז אויסגע־שמיעד פון שטיין און אייזען. מיט טעמפעראמענט. אין זיין צו־גליהטען טעמפעראמענט איז ער עהנליך צו מאררים ראזענפעלד'ן. אבער ניט מעהר ווי אין טעמפעראמענט. וועיל אין פארם און אין אינהאלט זיינען זיי ווייט איינער פון צווייטען.

ביי ראזענפעלד'ען איז דא רחמנות. ער וויינט אפטמאל ווי א הילפלאז קינד, רופט זיך אליין „טרעהרען־מיליאנער". האל־פערן האט ניט קיין רחמנות. ניט אויף אנדערע און ניט אויף זיך.

ראזענפעלד וויינט פאר וואס ער דארף זיצען אינ'ם שטייג פון שטיין און אייזען. האלפערן זינגט:

„דער שטאדט־מענש איז א פלייסינער
ער מעסט זיין צייט מיט געלד...
דער בויער האט די פערדלאך ליעב
וואס העלפען איהם אין פעלד.

דער שטאדט־מענש און דאס בויער'ל
צוויי זעלטען קלוגע לייט —
זיי ווייסען ניט אז ארבייטען
איז פראסט א נארישקייט...

איך בענש מיר יענעם פרייען מענש
וואס ארבייט קיינמאל ניט...
איך בענש מיר אויך דעם וואנדערער
וואס צעהלט ניט זיינע טריט..."

יא. האַלפּערן גלאָריפיצירט די אייביגע וואַגאַבונדאַזש. דער וואַגאַבונד, דאָס איז דער פרייער מענש, וואָס רייסט אויף טיר און פענסטער פון די פערלעגענע נשמה'לעך און לאָזט אריין אביסעל פרייע לופט, אביסעל פון זיין וואַנדערענדע זון... דער וואַגאַבונד, דאָס איז דער אמת'ער פרייער מענש, וואָס וויל די גאַנצע וועלט זאָל זיין אָפען פאַר יעדען איינעם. יעדער זאָל זיך קענען געהן זיין אייגענעם וועג. ער איז דער שטענדיגער רעוואָלוציאָנער. זוכט קיינ־מאָל ניט קיין רייכטהום. ער איז ביי זיך פריי ווי די פייגעל אין וואַלד און קלעהרט ניט פון קיין תכלית. ער האַסט יענע פליסי־גע מענשעלאַך, וואָס האָבען פערוואַנדעלט דאָס לעבען אין א פאַבריק. יענע געלד־יעגער, וואָס ווערען ניט מיער צו זאַמלען ביז דער קבר שלינגט זיי איין:

„כ'האָב קיינמאָל אין לעבען געטראַכט פון א תכלית,
דאָס אייגענע טראַכט איך אויך היינט;
כ'האָב קיינמאָל נישט ליעב געהאַט מענשלאַך „באַלבאַטים“,
איך האָב זיי אויך איצטער נאָך פיינט.

— — — — — — — — — — — — — — — —

און יונג בין איך איצט נאָך און לוסטיג אין לעבען
כאָטש אַלט איז מיין קאָפּ שוין און גרוי.
און זינג איך, איז — ניט ווייל איך וויל אייך געפעלען,
איך זינג — ווייל מיר ווילט זיך אזוי!“

אמאָליגע דיכטער האָבען ב ע ז ו ו אָ ר ג ט די מענשען מיט פּאָעזיע, און ערוואַרטעט מען זאָל זיי דערפאַר בעלוינען און אבגע־בען כבוד. דער היינטיגער פּאָעט בעזאָרגט ניט די וועלט מיט פּאָעזיע: זיין ליעד, דאָס איז זיין לעבען — זיין ראַנגלען זיך און זיין טרייסט. ער זינגט, ווייל ער מוז, אנדערש קען ער זיך ניט בעפרייען פון זיך און פון דער וועלט.

א מערקווירדיגער פּאַראַדאָקס: דער היינטיגער פּאָעט ווערט דאַן גרויס, ווען אין זיינע ליעדער, ה ע ר ט ע ר א ו י ף צ ו ז י י ן פּ אָ ע ט. אָדער קלעהרער געזאָגט, ווען ער זוכט צו זיין א מ ע נ ש אין דער פּ אָ ע ז י ע פּונקט אזוי ווי אין לעבען. ווען ער נעהמט זיין לעבען, וואָס בעשטעהט פון פינסטער־ניש און בליצען, פון ווילען און קאַפּריזען, פון זוכען און ניט געפינען — און פערוואַנדעלט עס אין א ליעד.

דער היינטיגער פּאָעט רעדט מעהר ניט צו דער זון, צו דער לבנה און צו די שטערען. (למשל אזוי ווי יהואש.) ער רעדט צו מענשען. דערפאר געפינט מען אזוי פיעל מענשליכעס אין דער היינטיגער דיכטונג. ווייל דער מענש אינ'ם דיכטער ווערט ניט קיין בוך, — נאָר דאָס בוך ווערט א מענש... און ווייל ער גיט זיך אָב מיט'ן אמת'ן מענשליכען לעבען, זעהט ער ניט בלויז דאָס שעהנע, נאָר אויך דאָס נישטיגע, דאָס עקעלדיגע, ווי דאָס הייליגע, דאָס טראַגישע ווי דאָס קאָמישע. און זינגט ניט פון אויסגעטראַכטע „ב ו ך ־ ש ע ה נ ק י י ט ע ן", נאָר דאָס פּשוטע, פּרישע לעבען אָרקעסטרירט אין זיין ליעד מיט אַלע דיסקאָרדען און האַרמאָניען צונויפגעמישט:

„אויפ'ן מארק־פּלאַץ דע־לא־העסטער
שטעה איך איינזאם אין דער מיטען...
ווי א ריעזיגער אָרקעסטער — רוישט דאָס לעבען:
פערד און וועגען פליהען הינצוריק ווי פיילען,
פליהען וואָלקענס שטויב און זונען־שיין,
בחורים און מיידלאך איילען
אויף דעם וועג צו די פאַבריקען:
דאָרט ביים ליעד פון די מאַשינען
טרוימען זיי פון גאָלד און ליעבע..."

האַלפּערן, וואָס פיהלט אזוי גוט דעם באַנקראָט פון דעם היינטיגען לעבען, האַסט די ציוויליזאציע מיט איהר ש ט א ה־ ל ע נ ע ק ו ל ט ו ר, וואָס פּרעסט ווי א ריעזיגע חיה אויף דעם מענשענס ענערגיע מיט זיינע נערוועז. ער שטעהט און קריצט מיט די צייהן, ווען ער זעהט ווי מענשען איילען זיך ארויפצופאָהרען ערגעץ אין א שטיינערנע שטייג אויף א גאַנצע טאָג און שענקען אוועק א העלע גרויסע זון פאר אַן עלעקטריש לעמפּעל און פאר א שטיק ברויט מיט רינדפלייש.

צוליעב דעם האָט דער מענש בעדאַרפען ארוים פון די ווילדע היילען, אוים'הרג'ענען אזוי פיעל אונשולדיגע חיות און ווערען דער הערשער פון דער ערד, צו ווערען א שקלאַף ביי די מאַשינען?...

## אבגעריסענקייט און פרעמדקייט

פון די אלטע ציטירטע סטראפען קען מען נאך ניט ארויס־זעהען האלפערנ׳ס קראפט אלס פאעט. איך האב זיי ארויסגענומען פון א גאנצען בארג ליעדער, כדי צו ווייזען דורך זיי האלפערנ׳ס כאראקטער. די מעהרסטע ליעדער פון וועלכע איך האב ציטירט, זיינען אלס גאנצע ניט אויסגעהאלטען. האלפערן האט א סך גע־שריבען. קיין וואונדער אז ער האט אויך שלעכטע ליעדער. אבער אויף דעם שוואכסטען ליעד קען מען דערקענען זיין פנים. ער האט אין זיי אריינגעגעבען זיין בלוט, זיין אטהעם.

אבער אום צו קענען האלפערנ׳ס גרויסען שוואונג דארף מען לעזען זיינע גרויסע פאעמאס: „דע־לא־העסטער,“ „א נאכט,“ „דעם גאסען־פויקער,“ און „אין דער פרעמד“. נאר אזא ווילדע קראפט, ווי משה לייב האלפערן, האט ביי אונז געקענט צונויפ־שמיעדען אזעלכע ברוטאלע ווערק. מיט וואס פאר אן אימפעט, מיט וואס פאר א שטארקע פויסט, האמערט ער אויס דעם „גרויסען וואהנזין“ פון דער היינטיגער שטאדט. עס ווערען ביי איהם בילדער אזוי ווי פון שטיין. און איינציגווייז וואקסען זיי אויס פאר אייערע אויגען, אזוי מעכטיג ווי די ריעזען־געביידען פון ניו יארק.

האלפערן האט „אין דער פרעמד“ געוויזען זיין גבורה ארויפ־צוקלעטערען אויפ׳ן העכסטען גארען. ער האט זיך אוועקגע־געשטעלט אויפ׳ן העכסטען שפיץ פון שטאדט און נעקוקט פון דער הויך אויף דעם גאנצען ריעזיגען קארוסעל. און פון דארט אויבען האט ער געוויזען די מענשליכע וועלט ־ בעשאפונג. דעם נייעם וואונדער פון שטיין און אייזען.

אט איז א בילד ווי די ריעזענשטאדט זעהט אויס ביי נאכט, ווען מען קוקט אויף איהר פון ווייטען:

„ס׳איז נאכט.
אנטקעגען אונזער שיף שטייגט אויף
א נעבעל רויט און שווער.
נאך איהם א דונקעלע וואנט
מיט פייערען וואס ווערען מעהר און מעהר
און טורעמס וואקסען אויס

און הויבען זיך ארויס פון מיטען ים.
ווי ריעזען־זיילען הויך, און העל — צוגליהט.
א דונקעלער־רויטער פלאם פערדעקט
דעם הימעל ווייט ארום.
די לופט ווערט הייס, ווערט ענג — געדיכט.
און טורעמס ווערען מעהר און מעהר.
א שפיעל, א צויבערשפיעל פון ליכט.
א פייער־קראפט וואס שפרייט זיך אויס
און וואקסט צום הימעל הויך ארויף
און שליידערט אב די נאכט אויף מיילען ווייט.
און הויבט זיך העכער אויף — — —
א ריעזען־ווערק פון מענשען־גייסט געבויט.
א שטאדט פון שטאהל און גלוטה — —
ווי פיבער געהט די אונרוה פון דער צייט
אצינדער דורך מיין בלוט...“

און ווי עלענד און קליין פיהלט זיך דא דער מענש צווישען די הויכע שטיינער־טורעמס. און וויפיעל מעהר עלענד פיהלט זיך צווישען זיי א אידישער דיכטער, וואס האט מעהר נישט ווי זיין ליעד. און מיט זיין ליעד וואנדערט ער פון איין לאנד צום צוויי־טען און איז איבעראל א פרעמדער.

האלפערן האט זיך ניט געקענט צופאסען צו דער אמעריקא־נער אומגעבונג, פונקט אזוי ווי עס קענען ניט אלע אריגינעלע עקשנים. ער האלט נאר אין איין רעבעלירען. ער פיהלט זיך דא פרעמד צו אלעם און אלעם איז פרעמד צו איהם. די שטיינערנע מויערען און די אייזערנע פאבריקען און מאשינען, רופען ביי איהם ארויס א ברוטאלען שפאט. ער האט פיינט זייער רויש און זייער שטויב, וואס האט ארומגענומען די מענשען ווי א שוואר־צער שטורם. און אין דעםווירבעל פון אייזען־שטויב און רעדער־רויש זעהט זיין, און אלעמענס לעבען אויס, ווי „א שפיעל פון טרוים און ווינד“. קיין ליעבשאפט, קיין ווארעמקייט, קיין צוגע־בונדענקייט. שטענדיג פערנומען און עלענד.

דער געפיהל פון אבגעריסענקייט און פרעמדקייט געהט דורך אין אלע זיינע ליעדער. אזוי איז זיין לעבען. אז ער איז אויף

א לוסט־רייזע, אויף א שיף־עקסקורסיע, וואו „די ליעבע זינגט איהר לעבענס־ליעד“, זיצט ער איינער אליין ווי א זייטיגער, און קוקט ווי ביי אנדערע לייכטען די אויגען מיט טיעפע לעבענס־פרייד און אין איהם וויינט פערגאנגענע גליק. "פערגאנגענע גליק פון ליעבע, וויינט און בענקט צום טרוים צוריק." און ער טראכט גאר דאן פון דעם אייביגען רעטעניש, אז „ווידער געהט א טאג אוועק. וואוהין? די וועלט איז שטום, און בלינד דער מענש. דער טאג וואס קומט אין טויזענד יאהר ארום וועט אויך פערגעהן אין זעלבען פארבען־שפיעל. און ערגעץ־וואו א מענשען־הארץ וועט ליידען... ליידען שטיל — — —“

ווי קען א מענש, וואס איז פערפרעמדט פון דורות, זיך צו־גויפגיסען מיט יענע לוסטיג לעבענדע טענצער, אז א וועלט, א וועלט פון עלענד און האס טהיילט איהם אב פון זיי:

„די ליעבע זינגט, און אירלאנד'ס יונגע זיהן און טעכטער טאנצען און טיעפער רעדט צו מיר מיין איינזאמקייט.“

ער פרעגט זיך אליין:

„געפעלט מיר ניט דאס טאנצען אונטער פרייען הימעל,
אין מיטען אויף א ים אין ליכט פון אבענד־שיין?“

ניין. דאס געפעלט איהם שוין גאר. ס'בלוט הויבט אן רוי־שען אין זיינע אדערען. ער פיהלט דאס לעבען רוישט אין זייער „טאנץ־געשריי“. אבער ער פיהלט אויך, אז דאס איז ניט זיין טאנץ. ס'איז א פרעמדע שיף, א פרעמדער ים, א פרעמדער הי־מעל. די פרעמדקייט איז אין זיין בלוט. ער איז מיט איהר געבוי־רען געווארען. נאך אלס קינד איז ער „פעראיינזאמט שוין אין שטוב ארומגעגאנגען“.

„בעטראכט האב איך—ווי דא די טענצער איצט—די קונים דארטען.
איך האב זיי קיינמאל ליעב געהאט צו זעהן.
א פרעמדקייט האט ארויסגערעדט צו מיר פון זייערע אויגען.“

אט די אייביגע פרעמדקייט געהט איהם נאך, ווי א בייזער שאטען, איבער דער גאנצער וועלט און לאזט איהם ניט לעבען, און לאזט איהם ניט רוהען...

**ווילדער טאַנץ.**

האַלפּערן האָלט, אַז ניט בלויז מענשליכע שעהנקייט דאַרף מען בעזינגען, נאָר אויך מענשליכע מיאוסקייט. ווייל זי איז דאָ. און מען געפינט טאַקע ביי איהם אַ היבש ביסעל דערפון. ער איז דער דיכטער, וואָס שפּיגעלט אָב די הפקר'דיגקייט פון אַמעריקאַ. דאָס סאַמע רויע, גשמיות'דיגע פון דער אַ מ ע ר י ק אַ נ ע ר וואָך. דאָס ראַנגלען זיך צווישען שטיין און אייזען. זיין ליעד איז ניט גענומען פון שעהנע ביכער, נאָר פון דעם צאַפּעל און פיבער פון דער טומעלדיגער גאַס. צווישען די טויזענטע גרילצענדיגע קולות פון דער היינטיגער מאַשין־שטאָדט, קלינגט דורך זיין העפטיגער געזאַנג מיט אַ שניידענדיגער שטאַקאַטאָ. ער קען צוזאַמענגעהמען די שטיינער און שטיקער וואָס וואַלגערען זיך אין די גאַסען און פון זיי אויפבויען אַ טורעם — זיין ליעד...

אַט ווי גוט ב. ריווקין כאַראַקטעריזירט האַלפּערנ'ס טאַלאַנט אַלס טורעם־בויער:

„נעהמען מיר דאָס וואָרט, וואָס האַלפּערן זאָגט, צוזאַמען מיט דעם פערשפּרעכען, וואָס ער גיט, וועלען מיר האַלפּערינען בעצייכענען אַלס דעם ט ו ר ע ם ־ ב ו י ע ר, דעם אַרכיטעקט. האַלפּערן קען מייסטערען... ער האָט די נויטיגע ווירקצייג — אַ שטאָלענע פּען, פון אייזען געגאָסענע ווערטער, לאַנגע טרעפּען — זיעבען, אַכט, ניין צעהן־פוסיגע שורות — און אַ לאַנגען אָטהעם — ער קען ציהען לאַנג, ציהען הויך... און דאָס נויטיגע מאַטעריאַל? נו, דאָס מאַטעריאַל פעהלט איהם אַמאָל אויס. אָבער האָט ער עס, זעצט ער זיך רוהיג אוועק אויפ'ן שפּיץ טורעם און דער קאָפּ שווינדעלט איהם ניט און ער פאַלט ניט אַראָב...“

איך וואָלט נאָך צוגעגעבען, אַז אויף דער סאַמער שווינדעלדיגער הויך, האָט ער נאָך גענוג מוט אוועקצולאָזען זיך אין אַ טאַנץ. ער איז אַן אויסגעצייכענטער טענצער. און דאָס איז די הויפּט אייגענשאַפט, וואָס טהיילט איהם אָב פון אַנדערע אידישע דיכטער. זיין ליעד וועט איהר אַלע מאָל דערקענען נאָך דער האַמערדיגער שטאַקאַטאָ. נאָך דעם צולאָזענעם הפקר'דיגען ריטם, נאָך דעם צושויבערטען טאַנץ, וואָס נאָר ער קען מיט אַזאַ היץ אויסטאַנצען. דער ווילדער טאַנץ, וואָס שטורמט אין זיין בלוט, קלינגט אַריבער אַלע אַנדערע געפיהלען.

די פונקען שפּריצענדע קראַפט אין האַלפּערן וואָלט אפשר, אויסגעטאַקט אַ שעהנעם יום טוב־טאַנץ, ווען ביי אונז וואָלט ניט געווען אַזוי פערגרויט און פערוואַכעדיגט דאָס לעבען. ווען די גאַס וואָלט ניט געגרילצט אין די אויערען מיט איהר דאָלאַר־פּויק. אָבער אַזאַ פער׳עקשנ׳טע אונרוהיגע קראַפט ווי האַלפּערן קען ניט איינרוהען. טאַנצט ער דאָך — אַ דוקאַ־טאַנץ!

טראַגיזם? יאָ. אָבער ער וועט ניט וויינען דערויף. צו שטאָלץ. אויב ס׳קלעמט, וועט ער בעסער שפּעטער, שפּרינגען, פּערקריצען דעם וועהטאָג מיט די צייהן און אריינשרויפען אין אַ ליעד... אַבי ניט וויינען, אַבי זיך ניט אונטערגעבען. ווי שטאָהל! אויב עס ציהען זיך די אָדערען און עס ברענט די הויט, דאַרף מען זיך **פערטאַנצען, פערזינגען.**

האַלפּערן רופט אונז פון צייט צו צייט אַרויס פון די איינזאַמע קעמערלאַך און זאָגט: קומט, לאָמיר טאַנצען, לאָמיר זינגען. איהר האָט ניט קיין פרעהליכע ווערטער? זינגט „לאַלאַ“ אַזוי ווי איך, און אייך וועט ווערען פרעהליכער. מיינט ניט, אַז איך טאַנץ און זינג, ווייל מיר איז זינגענדיג אויפ׳ן האַרצען. ניין. איך טאַנץ ווייל איך קען ניט אַנדערש — דאָס איז מיין טרייסט... און מיר זעהען, אַז אַפילו זיין לאַנגע **אַנגסט־פּאָעמאַ** „אַ נאַכט“, איז ביי איהם פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ ווילדען טאַנץ:

„קלינגען ריטמיש האַרף און ליעד —
**טאַנצען אַלע, טאַנץ איך מיט.**
האַלאַלאַ, האַלי, האַלי —
ברעכט מען איין די טיר אין הויז,
זעצט מען אונז די שויבען אויס.
טועו טיר און גלאָז אַ פּליה —
האַלאַלאַ, האַלי!“

דאָס איז דער ריטמישער טאַנץ פון פריי געוואָרענע ענערגיע, וועלכע איז צו לאַנג געווען איינגעפּרעסט אין דער אידישער נשמה. דער „האַלאַלאַ, האַלי!“ שטורמט אַרויס ביי האַלפּערנ׳ען, ווי אַ ווידערקלאַנג פון אַ ווילדען ווינד. דאָס גאַנצע ליעד קלינגט ווי אַן עכאָ, וואָס שפּעט נאָך די ווילדע כחות פון דער נאַטור. ווען עס מישען זיך צונויף „ביקסען, שווערד און שפּיז“, דאָס שרייען פון

ראבעז, דאָס וואיעז פון וועלף, און איבער זיי אלע ווארפט זיך און רייסט זיך דער בייזער ווינד:

„און ער בילט ווי טויזענד הינד.
און ער טהוט א שפּרונג, א פליה —
האלאלא האלי!"

מיר האָבעז אין אָנפאנג געזאָגט, אז ביי האלפּערן מישעז זיך צונויף פערשיעדענע קלאנגעז מיט אמאָל. ביי איהם זינגעז און טאנצעז אלע חושים. נאָר אמיינסטעז זעהט מעז זיין ברוטאלעז כח, ווען ער ווערט ווילד פון צאָרן. דאז, ווען ער דערפיהלט די הפקר'דיגקייט פון אונזער לעבעז, ווען ס'ווערט איהם מיאוס די פערשטויבטע האנדעל־גאָס, וואו מען פערקויפט הייליגקייטען פאר ברויט און מעבעל. ווען ער זעהט ווי אלע ווירבלען זיך אין דעם שטויביג „גרויסען ווירבעל־ווינד", און מיר, די אייביגע, פון וועמעס בלוט עס שרייט ארויס: „מיר זיינען שטארק און איינזאם־פריי, און ווייט פון אלץ און אייביג גרויס — דרעהען זיך און ווארפען זיך ווי זיי אין זעלבען קאראהאד, און פאלען אום ווי זיי, און שטעהען אויף, און טאנצען נאָכאמאָל — און איבער אלץ צוזאמען דונערט ווילד דאָס ליעד פון שטיין און שטאָהל—" און ריעזיגע וואָלקענס רויך כוואליען זיך איבער'ן הימעל און מאכען שווארץ די זון... און אויף דער ערד רויען זיך מענשען ווי ווערעם — ארום „פושקארטס", הויזען, דאמען־קליידער, אלטווארג און צייטונגען. און יעדער איינער וויל אריבערשרייען אלע. און אלע אין איינעם מאכען משוגע'נע ווילדע קולות. קולות, וועלכע רייסען זיך אריין אין דער נשמה און פערשטיקען איהר און פערווארפען איהר, ווי אן אונגליקליכע פערשטיקט איהר אייגען לעבעדיג קינד אין א מיסט־פעסעל. און אלץ ווערט דאָ אזוי רויה, ביליג, פערהאקט און פערטעמפּט, אז:

„ווען א לייב זאָל דאָ פערבלאָנדזשעז, וואָלט ער וואהנזיניג געוואָרען וואָלט ער זיך אליין צוריסען..."

(פון „דע־לא־העסטער").

אויף אזא איילענדיגען, טומעלדיג וואהנזיניגען יריד, וועמען קען מען הערען? דעם גאסען־פויקער. זינגט דער גאסען־פויקער:

„אט אזוי — זיך דורכגעריסען,
דורכגעריסען, דורכגעביסען,
טאנץ ווי לאנג עס טאנצט זיך נאך,
נאך א יאהר, און נאך א וואך,
נאך א שעה! קראנק און גראה —
וועמען ארט עס? — הא־הא־הא!
הונד און שלעפער, לומפ און ווינד
טאנץ איך הפקר דורך דער פרעמד,
האב איך ניט קיין ראק קיין העמד!
האב איך ניט קיין ווייב קיין קינד!
פויק איך, אז די פויק זאל פלאצען,
און איך דזשינדזשע אין די טאצען,
און איך דרעה זיך רונד־ארום:
דזשין־דזשין, בום־בום־בום!
דזשין, דזשין, בום!"

ווער איז דער גאסען־פויקער?

דאס איז דער פאעט אליין, וואס פויקט אויס דעם כאאס פון דער גאס. האלפערן אליין. ער זאגט אין זיין „דע־לא־העסטער":

„זעה: א ריעז איז ווילד געווארען, טאנצט ער א פאיאצען־טענצעל—".

דאס איז ער אליין דער ווילדער ריעז, וואס קאוועט אויס דעם גרילץ פון דער היינטיגער שטאדט, דעם ווילדען אימפעט פון דעם היינטיגען יאג־און־כאפ לעבען. דער וואהנזיניגער פאיאצא, וואס האט זיך פאר וועהטאג פערשטעלט פאר א גאסען־פויקער און קלאפט אויס זיין פערביטערט הארץ אויף דער פויק — פאר טויבע הענדלער... און ער זינגט און ער טאנצט — און ווילד איז דער טאנץ.

שטעלט זיך נאך אמאל אב אויף דעם ליעד:

פרובט אבטיילען פארם פון אינהאלט, וועט איהר בשום אופן ניט קענען. די פארם איז דא אריינגעזונגען אין אינהאלט און דער אינהאלט אין פארם. דאס איז די העכסטע מדרגה פון געזאנג. פאלקאמסטע הארמאניע צווישען פארם און אינהאלט.

אינהאלט קלינגט. קלאנג איז אינהאלט.

און דאס ליעד איז וואונדערליך!...

## סארקאזם.

האלפערן האט זיך ניט בעפרייט פון דער וועלט. ער ראנגעלט זיך מיט איהר, האט איהר פיינט, אבער ער קען פון איהר ניט אוועקגעהן. ער קריצט אויף איהר מיט די צייהן, אבער ער קען זיך ניט בעפרייען פון איהרע נעצען. אזוי ווי ווילדע גראזען לאזט זי אריין איהרע ווארצלען אין זיין ליעד. זי רעאגירט אויף איהם, ניט ער אויף איהר. ער צוקריעגט זיך מיט איהר ווי מיט א געליעבטע— באלד זיך איבערצובעטען... ער האט זיך נאך ניט דערהויבען איבער איהר. ער האט זיך נאך ניט געשאפען זיין מוסטער... ער שטעהט בלויז און קוקט אויף איהר מיט בייזע אויגען. דערפון קומט זיין סארקאזם. *דער האס פון וועלען ליעבען און ניט קענען.* און בלייבענדיג אונמעכטיג ווערט ער סאטיריש.

איך פערזענליך האלט ניט פיעל פון סאטירע. איבערהויפט פון יענע, וואס פאלט אריין אין חוזק; וואס קומט פון ענגען כעס, פון שוואכקייט. דער אמת'ער שטארקער איז ניט סאטיריש. דאס ערקלערט אפשר פאר וואס מיר אידען האבען ארויסגעגעבען פיעל סאטיריקער. אונזער סאטירע דערמאנט מיך אלעמאל אן שוואכע קליינע מענשעלעך מיט גרויסע הויקערס... חוזק מאכעריי איז אויך ניט קלוג. דער אמת'ער חכם שפעט ניט פון זאכען נאר בעפרייט זיך פון זיי... דער סאטיריקער איז פערבלענדט. ער זעהט ניט דאס לעבען אין דער טיעף. ער ווייסט ניט דעם סוד פון נאהענטקייט צווישען לעבען און טויט...

דער וואס האט דערפיהלט דאס געהיימניש פון לעבען און דערזעהן דעם טויט לויפען פאראוים — דער קען שוין ניט זיין בייז און שרייען. קען מעהר ניט בעשולדיגען. נאר בעדויערען, און שטיל מיטליידען מיט'ן אונפערשטענדליכען טראגישען לעבען, וואס איז אזוי מיסטעריעז צונויפגעשפינט מיט'ן טויט... ער וועט זוכען צו טרייסטען זיך און אנדערע....

פאר וואס נאר קוקען פון אויבען, זיך איינרעדען, אז נאר אנדערע זיינען שוואכע, פערדארבענע — פאר וואס ניט קוקען אין דער טיעף, אין זיך, און זעהן ווי שוואך, קאפריזנע און אונבעהאלפען מיר זיינען?

סאטירע איז אין גרונד אונגערעכט, ווייל זי איז געבויט אויף

ניט קענען זיך אליין — איז פרעטענציעז.

פונדעסטוועגען קען זיך סאטירע אמאל דערהויבען צו גרויסעס. און דאס איז דעמאלט, ווען זי דערגעהט צו סארקאזם, טראגיזם, אזוי ווי ביי די נביאים. און האלפערן דערהויבט זיך ניט זעלטען צו סארקאזם אויך. און דעמאלט דערזעהט ער אויך זיך אליין מיט אלע זיינע מענשליכע שוואכקייטען. ער דערגעהט אזוי וויט, אז ער דערזעהט אויך זיך אליין א קליין מענשעלע, א מיסטעריעז קארליקעל, וואס ניט עס לעבט, און ניט עס קען שטארבען:

„וואס טהוט אזא מענשעלע איינער אליין ?
עס שפיעלט זיך מיט פייער, מיט בלוט און געוויין.

אין בלוט ביז'ן העלזעל, דאס קעפעלע ברענט.
גו, שטרעקט עס די הענטלאך, און קלאגט אהן און ענד.

צו וואס אזא שפיעלכעל ? צו וואס אזוי טהון ?
א מענשעלע האט זיך פערגניגען דערפון—".

פאר זיינע אויגען שוועבט א גרויס געשטאלט, דערפאר קען ער ניט קוקען אויף דעם קליינעם מענשעלע, וואס פערוואנדעלט זיך אלעמאל אין אן אנדער בריאה'לע: אט א פרעדיגער, און אט א הענדלער. — אט ווי א נביא און אט ווי א כישוף־מאכער, וואס שפיעלט זיך מיט שלאנגען. און וויל ער זיך בעפרייען פון דעם קליינעם מאנסטערעל, כאפט ער זיין קאפ און האקט מיט איהם אן א שטיינערדיגער וואנד, רינט דאס בלוט פון זיין אייגענעם קאפ... בלייבט ער אין אייביגען קלעם. דערפון זיין צארן צו זיך אליין און אפילו צו זיין שעהנסטען טרוים... און עס פלאמט ארויס דער סארקאזם. און ד ע ר סארקאזם איז שוין ניט קיין חוזק, קיין ביליגע סאטירע, נאר ער האקט מיט א גרויסע האק, גאנצע שטיקער פון די אלטע פערפוילטע דעמבעס... ער ווערט אמת'דיג שטארק, און מיט דער שטארקייט בלייבענדיג דאך אונמעכטיג,— צוברעכט ער פאר כעס, אלע ביז־איצטיגע הייליגקייטען. ער צוטרעט מיט די פיס אלע ביז איצט גלאריפיצירטע גלויבענס און אידעאלען:

„היים דיר ברינגען א פאהן נאך א פאהן,
און פלעכט פון זיי אלע א שטריק דיר צונויף."

— — — — — — — — — — — — — — —

**משיח-טרוים...**

צווייערליי געפיהלען ציטערען ביי האלפערן. פון איין זייט איז ער בעגייסטערט פון דער ליכטיגער משיח-אידעע, פאר וועלכער זיינע זיידעס און עלטער-זיידעס האבען דורות געליטען, ביז זיי האבען זי אנגעצינדען. פון דער צווייטער זייט ברענט אין איהם דאס פייער פון האס קעגען דעם בייזען מזל, וואס האט געפיהרט, אז מיר אידען, זאלען בעצאהלען מיט אזוי פיעל פיין, פאר דער גרויסער אידעע. די אידעע, וואס איז קעגען דעם מענשליכען לעבען, וואס האט דאס לעבען פערראטען, און אפילו געגען דער בלינדער מיסטעריעזער קראפט, וואס האט בעשאפען אט די טראגישע וועלט.

אבער ווען עס קומען טעג פון פערצווייפלענדער אונמעכטיגקייט, ווען אלע טויערען פון האפנונג זיינען פערשפארט, דערזעהט ער דאך אז איינציגען טרייסט אין יענער גרויסער הייליגער וויזיאן, — וואס וועט סוף כל סוף די וועלט ערלייזען! ער דערזעהט זיך דאן אליין אלס משיח אין טרוים:

זעה איך טרוימענדיגערהייט
רייטען זיך אין ווייסען קלייד,
האב איך ניט קיין קרוין, קיין שווערד,
רייט איך אויף א ווייסען פערד."

אויך ביי האלפערן ענטפלעקט זיך דער איד, דער טרוימער, דער אייביגער גייסט-עקשן, וואס פערלירט קיינמאל ניט זיין האפענונג. עס וואכט אין איהם אויף א וויזיאן פון א ניי בעשאפען לעבען. און ווי ליכטיג עס שיינט ארויס די זעהונג אין מיטען פון דעם וויסטען פינסטערען קאשמאר. עס טרוימט זיך איהם, אז ער גיט א רוף:

„הויבען אן צוגעהן, צו זעהן,
ווער ס'איז בלינד און קרום געווען:
הערט מיין רוף דער בייזער טויט
שפרינגט ער איבער צוים און פלויט —
שפרינגט ער איבער בוים און הויז —
לויפט ער פון דער וועלט ארויס".

עס קומען צייטען, ווען ניט בלויז דער דיכטער, נאָר יעדער מענש דערפיהלט די ליידען פון דער וועלט. ווי איינער זאָל זיך ניט וועלען אברייסען פון אלע און זיך פערשליסען אין זיין אייגענעם ווינקעל, בלייבט ער דאָך א געפאנגענער צווישען געפאנגענע. און די וועלט־ליידען שטעכען דורך, ווי אונזעהבארע שפּיזען, אפילו דעם אויסבעהאלטענעם, זייטיגען ווינקעל־מענש.

מען קומט ניט ארויס פון א שטיין. א מענש איז אן אקומו־לאציע פון דורות. אין איין מענשען לעבען טויזענטער מענשען. אין אונז ציטערען נאָך די שרעקען וואָס אונזערע עלטערען און אורעלטערען האָבען דורכגעליטען. און פּונקט אזוי ווי עס ציטערען אין אונז זייערע ליידען, אזוי בענקט אין אונז אויך יענער גרויסער טרוים, וועלכען זיי האָבען געוואָלט פערווירקליכען. עס איז ניט קיין לעגענדע. ניט נאָר יענער הייליגער דור, נאָר מיר אלע האָבען געהערט גאָט'ס שטימע אויפ'ן בארג סיני. מיר קענען זיין וואָרט ניט פערגעסען. ס'איז אונזער נשמה... מיר טראָגען זיך מיט גאָט'ס וואָרט לאנד איין לאנד אויס. ס'איז דארום נאַטירליך, אז אין די מינוטען פון זיינע שעהנע טרוימען, זאָל זיך דער דיכטער דערזעהן אלס משיח. ניט נאָר דער דיכטער זעהט דאָס, נאָר אויך מיר אלע. אבער מיר איילען זיך — און פערגעסען... און די זעהונג פער־געהט ווי א חלום. אבער דער דיכטער געדענקט זיין זעהונג און מאכט אונז אויך זעהן...

*

פאר וואָס וויל די וועלט ניט אננעהמען אונזער טויזענט־יעה־ריגען טרוים, און איהם מאכען פאר א ווירקליכקייט?

ווייל די וועלט האָט איהרע אייגענע געזעצען פון לעבען. און מיר מיט אונזער טרוים, זיינען געגען איהר גאנצער פיהרונג. ווייל די וועלט וויל קאמפף און פערניכטונג — מיר ווילען רוה און איי־ביגקייט... דערפאר האָט זי אונז פיינט. זי האָט אונז פיינט, ווייל מיר ווילען אויפהויבען די ערד צום הימעל... — ארויסיאָגען דעם טויט פון דער וועלט... זי האָט אונז פיינט, ווייל מיר זיינען איהר בייז געוויסען... מיר האָבען איהר געגעבען א נביא, האָט זי איהם געקרייציגט און נאָכ'ן ט ו י ט איהם געמאכט פאר א גאָט! דער טייוועלישסטער פּאראדאקס אין דער געשיכטע! א גאָט האָ־בען מיר דער וועלט געגעבען, האָט זי איהם ניט געקענט נעהמען

א לעבעדיגען. אלס טויטען האט זי זיך ערשט געקענט מיט איהם בעפּוצען...

עס איז קיין וואונדער, וואס אפילו די טויטע, פערשעלטען פון די קברים ארויס זייער אייגענעם משיח־טרוים — אויס נקמה צו דער וועלט:

„אויף אייביג פערוויסט זאל פערבלייבען די ערד
וואו דו האסט געשפונען דיין טרוים
זאל הענגען דארט — אהן א פארוואס, אלע נאכט
אן אנדערער אונטער דיין בוים.

און שטרעקסטו דיין האנד, א פערבענקטער אהין
געלעמט זאל דיר ווערען דיין האנד,
דערשטיקט זאלסטו ווערען אין מיטען פון ווארט,
ווען דו וועסט דערמאנען דאס לאנד.

און שטארבענדיג זאלסטו ארומוואגלען אויך,
און קיינמאל געשטארבען ניט זיין,
דערפאר וואס דו שלעפסט מיט דיין קעניגס־טרוים אונז
אהן אויפהער, לאנד אויס און לאנד איין.—"

אזוי שעלטען ביי האלפערן'ען די טויטע, וואס האבען קיינמאל ניט געלעבט... (אין זיין פּאעמא „א נאכט").

אבער מיר, די לעבעדיגע, די אייביג פער'עקשנ'טע, דארפען אונזער טרוים־עקשנות ביז אין דער לעצטער אייביגקייט אהינצווינגען — מיט זיך, דורך זיך...

מיר דארפען ארונטערוואַרפען די קרומע מאסקען, וואס די „גוט־איינגעשטעלטע" פארמען פון לעבען, האבען אויף אונז אנגעטהאן...

מיר דארפען זיך אויפהערען שפּיעלען און ווערגען מיט פרעמדע ליגענס... אויפהערען זיך וויקלען א י ן פ ר ע מ ד ע פ א ה נ ע ן, ווי בעטלערס אין געשענקטע טראנטעס...

צוריק צום משיח־טרוים!
ווייל סוף כל סוף וועט פארט זיעגען,
דאס נישט־מעגליכע —
דאס געטרוימטע...

אַט דער געפיהל פון וועלט־ענטוישונג, אונמעכטיגקייט, און פּראָטעסט, ווערט אויף א פערצווייפעלטען אופן איבערגעגעבען אין „א נאכט". די פּאָעמא האָט חסרונות. ליידט פון די זעלבע סאטירישע אומגעלומפּערטקייט. דאָ און דאָרט, ווי א טהייל פון זיינע אנדערע ליעדער. אבער ווי פיעל חסרונות עס זאָלען דאָרט ניט זיין, קען מען אבער ניט אוועקנעהמען, אז דאָס איז די גרעסטע פּאָעמא, וואָס איז געשאפען געוואָרען אין דער לעצטער צייט. עס איז עפּעס דאָ אין דער פּאָעמא אזוינס, וואָס שטעלט אייך אָב. מען ווייסט ניט וואָס, צי שרעק, צי ווילדקייט, צי וואהנזין; אָבער מען דערפיהלט א שטארקע קראַפט. מען ווערט צוטומעלט און מען קען ניט געהן ווייטער... זי פאלט ווי א שווערער שטיין אויפ'ן קאָפּ.

ווען די פּאָעמא איז געוואָרען אבגעדרוקט, האָבען איינינע גראבלער גענומען אונטערגראָבען דעם ווערטה פון איהר. זיך בלויז אָבגעשטעלט אויף די חסרונות. נאָר אלגין האָט זיך ניט געלאָזט פערפיהרען פון פאראורטייל און דערשנאַפּט דעם ווערטה פון דעם ווערק. אלגין האָט רעכט, ווען ער שרייבט:

„זיי זיינען ניט „שעהן" — אָט די האלפּערנ'ס ליעדער. אבער למען השם ווענדעט ניט אָן צו אזוינע ליעדער די מאָס פון אנגע־נומענער „שעהנקייט". זיי זיינען פול מיט דעקלאמאציע אָט די ליעדער — אבער פּרופט, זייט „נאטירליך" און „איינפאך", ווען איהר רעדט פון אזוינע זאכען. דאָס האָט אפילו ביאליק ניט גע־געקענט — און דאָס קען ניט קיינער. דער עיקר איז, וואָס אין די ליעדער איז דאָ די נשמה פון א מענשען. און זיי שטעקען אייך אָן מיט זייער ריח, און ס'ווערט אייך אויף א ווײלע נמאס אייער לע־בען. און דאָס איז דער ציעל. אין דערין איז זייער ווערט. און איהר וועט זיי ניט פערגעסען.

משוגע'נע ליעדער. יא. ווילדע בילדער. אומגעלומפּערטע גע־שטאלטען. היץ־פאנטאַסמאגאריען. און אזוי דארף זיין. און אזוי האָט קיינער ביז אהער ניט געשריבען.

אָט דער געשריי וועט אייך פערפאָלגען, וואו איהר געהט און שטעהט. אָט דאָס איז די מוזיק פון אלע ליעדער: האלאלא, האלי, האלי! — דער משוגענער געשריי פון א משוגע'נער וועלט — האלאלא, האלי!"

א דיכטער ווערט אונז פיעל מאל נאָהענט, ניט בלויז מיט זיין גרויס וואָרט, נאָר אויך מיט זיין ראנגלען זיך מיט דעם ניט וויסען: מיט זיין ז ו כ ע ן  א וועג ארויס פון דער נאכט. מיט זיין גרויסען ווילען זיך צו בעפרייען פון דעם בלוטיגען קאשמאר. און ער איז אונז נאָהענט אפילו דאן, ווען ער בלייבט אזוי אונבעהאָלפען ווי מיר.

האַלפערן האָט אין זיין פּאָעמא „א נאכט", אליין ניט געוואוסט וואָס ער וויל. ער האָט דערפיהלט, אז מען האָט איהם אריינגעשטאָכען שפּיזען אין דער ברוסט. ער האָט דערזעהן דעם גאנצען ווירוואַר פון דער וועלט, אבער ער האָט ניט געפונען קיין איינציגע טהיר ארויס. איז ער געבליבען א זיך ראנגלענדער אין דער פינסטערניש, אזוי ווי מיר אלע:

„אין פרעמדען הויז —אין האַלבער נאכט —
האָט אָנגעצונדען זיך דאָס הויז,
האָב איך געזוכט א וועג ארויס,
איז יעדע טיר געווען פערמאכט.
האָב איך ווי א צוהאקטע שלאַנג
געוואָרפען זיך, אהין — צוריק,
און אויפגעשפּרונגען בלוטענדיג,
און אומגעלאָפען גסיסה־קראנק."

די וועלט האָט דאָך אזוי פיעל טהירען, — און צו ענטלויפען פון אומגליק איז ניטאָ קיין איינע... בלויז די וואָס זוכען ניט, מיינען, אז זיי האָבען שוין געפונען... האַלפערן זוכט. אבער ער האָט נאָך ניט געפונען. ער איז מיט אונז אין איינעם אין קלעם. אבער ער רייסט זיך מיט אלע כחות צו בעפרייאונג. ער האָט דערפיהלט דעם נעץ, וואָס האָט איהם פערפלאָנטערט אין זיך, און בייסט די רינגען זיך ארויסצורייסען. ער האָט צוריסען אלע פאָהנען־שטריק, מיט וועלכע מען האָט איהם געפענטעט. זיין גאנצען כעס גיסט ער אויס אויף יענע לייט, וואָס לויפען ארום מיט פאָהנען איבער דער וועלט:

„איז אָנגעלאָפען אין די הענד
מיט ליכט און פאָהנען פון דער וויים,
אנטקעגען מיר א מחנה לייט —
האָב איך שוין קלאָגען ניט געקענט."

דער פערוועהטאגטער שפּאַט נעגען פּאַהנען, גערט דורך אין דער גאנצער פּאָעמא:

„וואָס וויקעלסטו ווי מיט א ווייב
מיט פּאַהנען־שמאַטעס זיך דאָס לייב."

וואָס איז א פּאַהן?

אונטער יעדען פּאַהן שטעהט א הערשער, א טיראַן.

א פּאַהן שטעלט מען העכער איבער אלע קעפּ — ארויפצוקר קען און בלייבען נידעריגער... אבער ווי שוין געזאָגט, איז ביי האַלפּערן קיין זאַך ניט העכער פאר דעם מענשען. דער מענש איז, און מוז זיין דאָס העכסטע אין לעבען — און קיין זאַך טאַר איהם ניט ערנידעריגען...

פּאַהנען? פּלאַטערען מיט'ן ווינד, זיינען ניי, ווערען אלט — און פערגעהען...

דער מענש דאַרף זיין צוגעבונדען צו דער אייביגקייט...

יעדער פּאַהן איז א דרויסענדיגער סימבאָל. און אלעס וואָס איז דרויסענדיג, ווערט סוף כל סוף פערפוילט.

די אינערליכע הייליגקייט דאַרף ניט קיין סימבאָל, זי איז אונענדליך.

לעבענספערניפטער זיינען די, וועלכע פּרעדיגען אויפּאָפּפער־רונג פאר אויסערליכע סימבאָלען! דערפאר וואָס מיר לאָזען זיך פיהרען פון דרויסענדיגקייטען, האָט מען אונז פערפיהרט אין א נאַכט. א נאַכט, וואָס האָט די גרעסטע שטערען בלינד געמאַכט... ס'איז אויפגעגאַנגען א שווארצע זון און די בלינדע מיינען, אז זי וועט פאר זיי לייכטען. אבער די שווארצע שטראַהלען מאַכען וואָס א טאָג מעהר אויגען בלינד... און אפילו די וואָס האָבען אמאָל ליכ־טיגער געזעהן ווי אלע, האָבען אויך גענומען בלאָנדזשען. און אליין פערבלאָנדזשעטע מיינען זיי, אז זיי האָבען געפונען נייע וועגען, ווען זיי פיהרען אונז אריין אין נייע גריבער... נאָר צווישען אלע פערפינסטערטער, פערבלאָנדזשערטע הערט זיך א געשריי:

„א—האי, אהא — — — "

ווער רופט אזוי? וואָס פאר א געשריי טראָגט זיך דורך דער נאַכט, ווי אַן עכא ברייט און וויט?

„אה־אי, אהא — — —

איז דאָס דער געשריי פון ווילדקייט, פון מורא'דיגקייט, פון

פערצווייפלונג? פון משוגעת? אדער פון די פערבלאנדזשעטע אין דער נאכט?

ניין. דער „א־האי, אהא“ איז דער געשריי פון די איינציגע, וואס זיינען געבליבן זעהענדיג. דאס איז זייער האס־געשריי גע־גען דער בלינדער נאכט!

און ווער איז דער מענש, וואס לויפט פון בארג און א רייטער־פאלק נאך איהם?

דאס איז דער מענש, וואס וויל אנטלויפען פון דער וועלט! פון די מענשען, פון דעם „רייטער־פאלק מיט בייטשען אין דער הויך“. ער וויל אנטלויפען וויל:

„האב איך נאך הילף גערופען הויך —
האט קיינער ניט מיין רוף געהערט,
און שוין האט אונטער מיר פון דר׳ערד
ארויסגעזעצט א וואלקען רויך.“

דער וואלקען־רויך, דאס שווארצע פייער, וואס פרעסט לענ־דער אויף, האט ארומגעכאפט די ערד און פערשטיקט יעדען געשריי, יעדען רוף. ווי קען די וועלט דערהערען דעם געשריי פון די איינצי־גע זעהענדיגע? אז זי איז פערנומען מיט פאהנען, מיט ליגענס, מיט זיעגען און מיט איהר בלוטיגען שדים־שפיעל. אויערען זיינען טויב געווארען, און אויגען זיינען בלינד געווארען. דער ווילען פאר׳ן לעבען איז קראנק און דער געוויסען האט זיך ארויסגע׳גנב׳עט דורך א הינטער־טיהר. דער טויט האט גענומען די אויבערהאנד איבער׳ן לעבען און רייצט און ווינקט מיט די אויגען ווי א גאסען־פרוי: קומט אלע צו מיר. איך האב א סך גריבער פאר אייך, א סך קברים פאר אלע... איהר מעגט זיי אליין גראבען פאר זיך. קומט איך וועל אייך אלע אין זיי בעהאלטען. אייך וועט זיין גוט, זעהר גוט — איהר וועט האבען א זיעג... א גרויסען זיעג — און דערנאך פריעדען... — אייביגען, אייביגען פריעדען אין די קברים... — —

און די וועלט־פיהרער?

א, זיי האבען זיך פערנומען מיט הייליגע ארבייט. גענומען זוכען אלץ נייערע „פעהנער“, מיט וואס בעסער צו קענען פער־שטעלען די אויגען...

און די מענשהייטס־דערלייזער?

זיי האָבען אויך צוגעשאָקעלט מיט די קעפּ: ס'וועט שוין אלץ זיין גוט, — גיט אונז נאָר נייע פעהנער, גוטע פעהנער מיט פארבען וואָס זאָלען בלינדען, פערבלענדען און בלינד מאַכען. — — —

אזוי ארבייט די בלינדע גענ יאליטעט פון דער וועלט־געמיינהייט דור איין דור אוים — אייביג. — —

נישט קיין וואונדער, אז דער דיכטער האָט דערפיהלט אַן עקעל צו דער גאנצער פערשאָלטענער קאָמעדיע, צו דעם מין מענש, און אפילו צו זיך אליין. ווייל ער איז אויך איינער פון דעם מין... פון דעם מענשעלע:

„וואָס בראט זיך אין פייער, און בראט זיך ניט אָפּ.
עם טרינקט זיך אין בלוט, און עס זינקט ניט אראָפּ“.

דערפאר האָט ער ניט געקענט רוהיג זינגען, נאָר טאנצען ווילד און שפּעטען. טאנצען פאר וועהטאָג, פאר כעס, פאר עקעל, פאר וואהנזין, א קאשמאר — א נאכט־טאנץ.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די טאָפּעלטע פערשאָלטענקייט איז, וואָס דער אייביגער טויט־שפּיעל ווערט גראד געפיהרט פון וויסענשאפטס־מענשען, פילאָזאָפען און דיכטער. זיי, וואָס האָבען בעדארפט זיין די אייביגע בעשיצער פון לעבען, זיי זיינען דוקא די מלחמה־שדים, וואָס פערשווענדען זייער זשעניע פאר'ן מלאך־המות.

טראכט איך פון דעם, רייסען זיך קללות פון מיין בלוט.

זיי, וואָס האָבען בעדארפען פארויסגעהן דעם לעבען מיט דעם אייביגען עמוד־האש, זיי אליין גראָבען די פינסטערע קברים פאר מיליאָנען לעבענס, אויף דעם גרויסען בית־עולם, וואָס זיי האָבען פון דער שעהנער גוטער ערד געמאכט, און זיי זוכען אלע מאָל מעהר מענשען־פלייש פאר די גרויסע מיילער פון זייערע „אידעאלען“... וועה איז צו די לעבעדיגע, אז א דיכטער ווי מעטערלינג, דארף איצט טרייסטען מיט'ן טויט. פערשאָלטען זאָלען זיין די וועלט־פיהרער, וואָס האָבען איינגערעדט די „אונשולדיגע“, אז פעהנער זיינען העכער ווי דאָס לעבען! אז פאר א פעהנדעל דארפען מיר אויסבייטען אונזער לעבען — אויף א קבר! דערמיט ווען מיר זיין העלדען... הייליגע — —

ס'איז א ליגען! א פעל־טויזענד־יעהריגער ליגען!

נאר יענע העלדישקייט איז בערעכטיגט, וועלכע פיהרט צום לעבען! ווייל עס גיבט ניט קיין העכערעס און הייליגערעס ווי דאס לעבען. דאס לעבען פון יעדען איינציגען מענשען.

ווי עגאאיסטיש געמיין זיינען די אזוי גערופענע „אידעאליס־טען", וואס ווילען בויען דעם „פראגרעס" אויף די טויטע ביינער פון זייערע מענשען־ברידער!

עס איז ניטא קיין זאך אין דער וועלט, וואס זאל קענען בע־צאהלען פאר'ן טויט. די העלדישקייט פון טויט איז דער ליגען פון דורות, וואס האט בערויבט דאס לעבען. די אייגגערעדטע העלדיש־קייט אוועקצוגעבען זיך פאר פעהנדלאך, איז די גרעסטע זינד פון דער מענשהייט אנטקעגען דעם מענשען. אנטקעגען דעם גאנצען לעבען. — די זינד אנט־קעגען אוניווערזום!

: : :

ס'איז געווען א צייט, ווען דער מענש איז געווען פערבלענדט פון אן אויסגעטראכטען פאלשען גאט, און ניט געזעהן די וועלט. איצט איז דער מענש פערבלענדט פון דער פאלשער וועלט און זעהט ניט זיך — דאס לעבען...

און פונקט אזוי ווי דער מענש האט זיך בעפרייט פון זיין פאל־שען גאט, אזוי דארף ער זיך בעפרייען פון דער היינטיגער וועלט. דאן וועט ער קענען דערגעהן צו זיך — צום לעבען.

---

איז האלפערן שוין דערגאנגען?

ניין. ער איז געבליבען אין איינעם מיט דער וועלט אין קלעם צווישען שטיין און אייזען... זיין משיח־טרוים איז דער טרוים פון א בלינדען, וואס רייסט זיינע אויגען אין פערצווייפלונג צום הי־מעל. אלץ וואס ער האט אונז דערווייל געקענט ווייזען, איז א בליץ אין דער נאכט — א נבואה אין דער נאכט. ניט קיין קלאהרע — א בלינדע נבואה... — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

„אהאי! אהא! — — —"

אויף זיך אליין
פערדריקסט די צייהן, —
בעפריי זיך שוין
פון זיך אליין....
און טאָג וועט זיין,
און זונען־שיין...“

אין דער פינסטערניש, איינגעשלאָסען אין זיך, מיט פערבי־סענע ליפּען אויף זיך אליין, לעבט ה. לייוויק דער דיכטער.

אויף זיך אליין פערקריצט ער די צייהן, גיט א קוק אויף זיך אליין אין זיין אייגענעם שפּיגעל און קעהרט זיך אב מיט פעראכ־טונג.

נאָר מיט אמאָל פון דעם זעלביגען שפּיגעל טהוט א בלענד פאר זיינע אויגען א ווייסע האנד: אן אָנזאג פון קומענדען טאָג, פון זונענשיין...

: : :

ה. לייוויק איז נאָך גאָר א יונגער דיכטער, אבער אין איהם ווייזען זיך שוין בולט ארויס פיעלע מעלות: איינפאכקייט פון שפראַך, קאָנצענטרירקייט פון געפיהל און פארם און, מעהר פון אלץ, געטרייקייט צו זיך. דאָס איז ביי איהם קיין אנשויאונג, נאָר זיין כאראקטער, ער אליין.

אָט די לעצטע אייגענשאפט פון זיין נאַטור איז דער סוד פון זיין שאפען. זייענדיג געטריי צו זיך האָט ער ניט געשריבען קיין ליעדער, נאָר ווערטער פון הארץ צו הארץ.

ער איז געוואָרען דער דיכטער פון דעם א י ן ז י ך איינ־געשלאָסענעם מענשען.

לעזט מען לייוויק'ן פיהלט מען אז די וועלט איז א גרויס גע־פענגעניש און מיר זיינען די געפאַנגענע.

פון וואנען איז צו לייוויק'ן געקומען אזא לעבענס־עמפּינדונג?

אן אויבענאויפינער קריטיקער האָט שוין געזאָגט: ווייל ער איז געזעסען „פערשפּארט אין קאמער פון דער סיבירער טורמע“.

ניט אמת. ווייל לייוויק איז נאָך אלס קינד געווען געפאנגען. פערשלאָסען — אין זיך... ער האָט אפילו ווייניג גערעדט מיט זיי־נע עלטערען. זיין פאטער האָט איהם גערופען „מורלא“ (אן אנגע־כמורעטער שווייגער) און איז געווען זעהר שטרענג צו איהם.

זיכער איז אויטאביאגראפיש:

„זיצט ביים טיש דער בייזער טאטע.
דורך די שויבען
קריכט א ווינד און לעשט דאס לעמפעל
און דאס לעמפעל ווערט פערלאשען.
איך שלאף אויך ניט,
איך, דער שטילסטער פון די קינדער.
אויף מיין פנים
פיהל איך נאך דעם טאטענס פינגער,
וויין איך שטיל פאר זיך אין קישען...

— — — — — — — — — — — — — — — —

איינגעבויגען
זיצט נאך אלץ דער בייזער טאטע,
הערט קיין זאך ניט...
זאג איך: טאטע, איך וועל שטארבען,
מעהר וועסטו שוין מיך ניט שלאגען!...“

ניט דאס געפענגעניש, נאר די צושטרענגע ערציהונג האט געמאכט פיהלען דעם יונגען לייוויק'ן אז דאס לעבען איז א דראטענע נעץ, וואו מען איז פעראורטהיילט זיך צו ראנגלען ביז'ן לעצטען אטהעם. שוין אלס קינד האט ער ניט איינמאל פערקריצט מיט די צייהן און פערשרויפט דעם וועהטאג אין זיך. פאר וועמען זיך צו פערטרויען האט ער ניט געהאט, און פערשטענדיג איז ער שוין געוועז, האט ער געלעבט מיט זיך אין זיך.

לייוויק איז אויך אזוי ווי ראלניק געבוירען און אויפגעוואקסען אין דער ליטע אין א קליין שטעדטעל, וואו דאס לעבען איז גרוי און ארעם. „ארעם אין פעלדער און בלומען“ און — „מיט לאנגווײלע רייך“.

אין אזא סביבה זוכט דער מענש זיין היים אין זיך גופא, דערפאר איז לייוויק אויסגעוואקסען אזא א י ך - ג ר י ב ל ע ר. ווייל דער אופן ווי אזוי מען לעבט אין די יונגע יאהרען שפיעלט א גרויסע ראלע אין דעם מענשענס מזל. די ערשטע איינדרוקען שטעמפלען זיך זעהר שטארק אב אויפ'ן כאראקטער, און האבען א גרויסען איינפלוס אויף דעם גאנצען ווייטערדיגען לעבען.

יענער קאַלטער שטילער לעבען, די איינזאַמע פֿערשווייגענ־קייט פֿון דער ליטאַ וועהט נאָך איצט אַרום דער געשטאַלט פֿון לייוויק'ן.

לייוויק בענעהמט זיך שטיל. ער רעדט שטיל. אָבער מיט אַ לויטערער שטימע. ער קען שאַרף אויסדריקען זיינע געדאַנקען אין אַ געשפּרעך. ער האָט ליעב צו רעדען קורץ מיט אויסגעקליבענע ווערטער. אַז ער רעדט בעטאָנט ער זיינע געדאַנקען מיט פֿעסטקייט. אָבער ער קען אויך זעהר אַ סך שווייגען. ער האָט ניט ליעב די צו נאָהענטקייט פֿון מענשען. איהם איז שווער צו ווערען אינטים. ער קען זיך ניט צונויפֿגיסען. מען דערקענט אין אַ געזעלשאַפֿט, אַז ער איז אַן אַנדערער. פֿיעל מאָל האָט ער פֿערדרוס דערפֿון וואָס ער קען ניט זיין צוגעלאָזען, אָבער טהיילמאָל טרעפֿט, אַז ער ווערט וואַרעם און צוגעלאָזען. איהר דערהערט פֿון איהם אַ האַרציגען גע־לעכטער. איהר דערפֿיהלט זיך מיט איהם לייכט. אָבער דאָס קען ער נאָר זיין מיט געצעהלטע, נאָהענטע. מיט די מעהרסטע מענשען פֿיהלט ער זיך פֿרעמד און שעמעוודיג. ער פֿיהלט אַלע מאָל די וואַנד וואָס שטעהט צווישען מענש און מענש.

ער האָט מיר איינמאָל דערצעהלט: ווען ער איז געווען אַ ישיבה־בחור, פֿלעגט ער שטעהן ביי יענעם אין הויז שעה'ן לאַנג, ניט געהן עסען, ביז מען האָט איהם ניט געהייסען זיך וואַשען. ער האָט זיך איינמאָל איינגעשניטען די האַנד ביז צום ביין שניידענדיג ברויט, ווייל ער האָט געמיינט אַז מען קוקט אויף איהם. אַזוי האָט ער זיך געפֿיהלט אָבגעזונדערט פֿון מענשען. שפּעטער, אַז ער איז געקומען אין געפֿענגעניש, האָט ער נאָך שטאַרקער דערפֿיהלט די פֿרעמדקייט פֿון מענש צו מענש.

מען קען זיין פֿריינד, חברים, מאַן און ווייב; אפילו געליעב־טע, אָבער לעבען איינער אין צווייטען קען מען ניט:

„מיר זיינען נאָהענט און דאָך אַליין.
ווי וועלטען צוויי בעזונדער,—"

און אַן אייביגע גרעניץ צווישען די איינזאַמע וועלטען. מענ־שען קענען קיינמאָל ניט קומען אויף אַ גלייכען וועג איינער צום צווייטען. מיר געהן אַלעמאָל דורך הינטערוועגען... וואָגט מען אַמאָל יאָ, ווערט מען ענטוישט. דערפֿאַר מוז זיך יעדער ראַנגלען אַליין. אויב מען וויל שוין אַמאָל איינער דעם צווייטען העלפֿען, מען

שטרעקט אויס א האנד, שפּרינגט דער אנדערער אָב אַ טראָט און מען קען שוין זיין האנד ניט דערגרייכען:

„שטילערהייט פאַר זיך אַליין
וויינט זיך עמיצער ביים וואנד, —
הערענדיג ווי איינער וויינט
שטרעק איך אויס צו איהם מיין האנד.
שפּרינגט ער אָב אַ טראָט פון מיר,
וויל ניט אָננעמען מיין האנד.
דער וואָס וויינט פאַר זיך אַליין
האָט איין חבר נור — די וואנד.“

לייוויק האָט זיך ליעב צו פּערטיעפען אין די אבגרונדען פון דעם מענשליכען איך. ער מאָהלט ניט קיין לייב, ניט די דרויסיגע נאַטור. אין אַלע זיינע ליעדער דערמאָנט ער ניט קיין פריהלינג, קיין בלומען. ער האָט מיר איינמאָל דערצעהלט: „לעזענדיג אין גע־פענגעניש ליעדער פון אַלערליי דיכטער האָב איך צו די ווערטער „בלומען“, „פריהלינג“, „זונענשטראַהלען“, דערפיהלט אַ פיזישען עקעל“.

לייוויק'ן אינטערעסירט אין דער וועלט בלויז דער מענש און דאָס ניט זעהבארע אינ'ם מענשען. די אביעקטיווע וועלט אינטערע־סירט איהם אויך אזוי פיעל, אויף וויפיעל זי דריקט אויס דאָס סו־ביעקטיווע פון דעם מענשען. וויכטיג זיינען ביי איהם דעם מענ־שענס אינערליכע איבערלעבונגען. ער וויל זעהן וואָס אינוועניג טהוט זיך... אין געפענגניש האָט ער געקענט אריינקוקען אין אַ סך מענשען. דאָרט זיינען געווען נאַקעטע נשמות. און ער האָט געזעהן, אז יעדע נשמה איז איינגעשרויפט אין זיך אַליין. און איינע ווייס ניט די צווייטע. זיי קענען זיך קיינמאָל ניט פעראייניגען.

דער מענש וויל אבער ארויס פון דער אבצאַהמונג. ס'ווילט זיך זעהן וואָס ס'טהוט זיך אויף יענער זייט. און דאָס ניט קענען, דאָס אייביגע אָנקלאַפּען זיך אן די שטאַהלענע וואנד, פיהרט איהם צו ברוטאַלע קאַלטקייט:

„ניטאָ מעהר קיין טרעהרען
און אויך קיין געלעכטער;
איז מאַכטלאָז דער גוטער,
אזוי אויך דער שלעכטער.“

אין די טיפעניש איז מען אויסער גוטס און בייז. די פון יאהרען געשפונענע טוגענד ווערט צוריסען ווי שפינוועבס. עס הערשט בלויז די מורא פון איין מענש צום צווייטען. ניטא קיין מיטלייד. דער וואס האט שארפערע צייהן — בייסט...

ניטא דארט קיין מענשליכע מאראל, עס בלייבט נאר די אי־ראניע:

„די לייבער צושמיסען
מיט אייזערנע ריטער;
און ווער עס האט מורא
דער חנפה'ט דעם היטער..."

מען קומט צו אזא פערגליווערטע גלייכגילטיגקייט אז ס'ווילט זיך פון זיך אליין נעהמען נקמה. מען דערגעהט אזוי ווייט, אז מען האט הנאה פון די אייגענע ליידען. מען קוקט אויף אלץ מיט אזא א י י ז י ג ע ן שמייכעל, אז דאס טראגישסטע רייסט זיך ארויס מיט ווערטער פון קאלטען שפאט. דער מענש ווערט אליין א שאָ־טען, און קוקט אויף זיך אליין ווי אויף א טויטען:

„מיר אלע ווי שאטענס
אין קאמער אין טויטען...

אבער ער קלאגט ניט אויף דעם. ער גיט א קריץ:

און שרעקט אייך די שטילקייט,
טא — טרייסעלט די קייטען!..."

מיט אזא אבגעמאסטענע קאלטקייט גיט ער איבער די רויע גרויזאמקייטען, וועלכע ער האט דורכגעלעבט. אבער מאדנע: די קאלטקייט ציהט אונז אריין, ווייל מען פיהלט באלד, אז ער האט זיך בלויז פון אויבען בעפאנצערט, אין דער טיף ברענען נאך די שפורען פון אמאליגע וואונדען.

ער האט מיר אמאל דערצעהלט, ווי ער פלעגט זיך ביינאכט אויפכאפען אין צעל און דערזעהן א מייזען־טאנץ. די מייז זיינען געווען גרוים ווי קעץ. „אין צעל זיינען געשלאפען אריבער פערציג מאן און זיי האבען ניט קיין מורא געהאט. איך האב גענומען קלאָ־פען, זיי האט ניט געארט, ווייטער געשפרונגען אין א קרייז אי־בער'ן צעל. עס האט מיך ארומגעכאפט א שווידער קוקענדיג אויף

די טאנצענדיגע מייז און באלד בין איך אריינגעפאלען אין א פערגליווערטע גלייכגילטיגקייט:

„קיינער וועט אהער ניט קומען
און פון דאנען ניט ארויס...
אין א קרייז ארום מיין בעטעל
טאנצט ארום א שווארצע מויז.“

די געפאנגענע פלעגען כאפען א פאר מייז און זיי אויפהענגען אויף דער טהיר פון צעל. אז די וועכטער זיינען אין דערפריה אריינגעקומען, האבען זיי געטראפען הענגען די הינגעריכטעטע מייז. ס'איז געווען א גרויל צו קוקען. נאר שרעקליכער פון אלעם איז געווען די גלייכגילטיגקייט, מיט וועלכער מען האט צוגעקוקט ווי מען האט יעדען טאג געטהאן דאס זעלבע מיט מענשען...“

ער האט פערקריצט מיט די צייהן און איז געווארען נאך ווייסער ווי געוועהנליך. באלד האט ער אבער געביטען דעם טאן און געזאגט: איצט גלויבט זיך מיר גאר ניט, אז איך, וואס זיץ דא אין אווארעם הויז, ביי א שעהנעם טיש און רעד מיט אייך, בין דארט געווען. איצט שיינט מיר אלץ ווי א שרעקליכע לעגענדע.“

נאך זייענדיג אין געפענגניש האט זיך איהם שוין אויסגעדוכט, אז ער איז בלויז א לעגענדע. ער, וואס ליגט צווישען קויטיגע ווענד איז אפשר גאר אן אנדערער:

„האב אלץ שוין פערגעסען,
פון זיך בין איך ווייט:
ווער ווייס אפשר האט מען
שוין לאנג מיך בעפרייט?
און אפשר געשטארבען
בין איך, און ביים טיר
דאס לעמפעל ברענט יאהר־צייט,
ברענט יאהר־צייט נאך מיר?“

וואלט לייוויק געשריבען אזעלכע געפענגעניש ליעדער אין אן אנדער שפראך, וואלט ער פאר זיי אליין געקרוגען אנערקענונג אלס א דיכטער וואס האט געבראכט גאר א בעזונדערען אינהאלט. אבער לייוויק האט נאך מעהר געגעבען. ער האט אנגעשלאגען אזעלכע טענער ביי זיך וואס וויברירען אין דער זעלבער צייט ביי אלע מענשען. און טראץ דעם וואס אין פיעלע ליעדער פיהלט זיך

די שווערקייט פון קייטען, די קאלטקייט פון פערביסענע ליפען. דער פערקלעמטער געשריי מיט פערקריצטע צייהן; איז לייוויק דאך ניט קיין טורמע דיכטער. ווייל ער האט אי־בערגעטראגען דאס געפענגניש אויפ'ן גאנצען לעבען. יעדער מענש זיצט אין צוויי תפיסות: איין תפיסה איז די וועלט... די צווייטע — ער אליין...

: : :

אמת. פיעלע פון לייוויק'ס ליעדער זיינען צו ענג אויטאביא־גראפיש. דער לעזער קען אין זיי ניט אריינדרינגען. ס'איז ניט אב־געגעבען קיין סביבה, קיין סיטואציע. ער האט גענומען א שטימונג וואס איז פערבונדען מיט א סך ערפאהרונג און איהר אזוי אב־סטראגירט, אז דאס ליעד שיינט בלויז צו זיין אינטעלעקטועלע גימנאסטיק:

„גרויסע, גרויסע ווערען מיינע אויגען,
איך אליין — אלץ שווערער...
אין דער פינסטער קוקען מיינע אויגען,
זעה איך מעהרער, מעהרער...
שווערע וואלקענס? — ניט קיין שווערע וואלקענס,
עפעס שווערער, שווערער,
קלאהרע שטערען? — ניט קיין קלאהרע שטערען,
עפעס קלעהרער, קלעהרער...“

אט דאס ליעד איז אונפערשטענדליך דערפאר, ווייל עס האט ניט קיין הינטערגרונד. די שטימונג הענגט אין דער לופט. אבער טיעפקייט איז דא. עס איז נאר נויטיג געווען צו פראדוצירען די סיטואציע. וואס איז דער הינטערגרונד פון דעם ליעד?

אריבער דריי הונדערט מענשען שלעפען זיך וואכען לאנג קיין סיביר. עסען גיט מען ווייניג. איז מען אויסגעמאטערט פון געהן און הונגער. נאך לאנגע טעג און נעכט קומט מען צו א פלאץ וואו מען הייסט זיי זיך אוועקלעגען אויף דער הארטער ערד שלאפען. אבער אז די מיעדקייט עסט אויף די כחות — שלאפט זיך ניט. איז מען ניט קלאהר, ניט וואהנזיניג, נאר עפעס צווישען... מען קוקט דעמאלט און מען ווייס אליין ניט וואס מען זעהט. די אויגען ווערען וואס אמאל גרעסער, דער קערפער — שווערער. וואס עס קומט פאר די אויגען שיינט צו זיין זעהר גרויס. ווייל דאס איז

ניט קיין געוועגליכער זעהען. אַט דאַכט זיך וואָלקענס — עס זעהט אבער אויס צו זיין עפּעס גרעסערס ווי וואָלקענס... און אַז די אויגען ווערען אַלץ גרעסער קוקענדיג אויף די שטערען — שיינען זיי העלער, גרעסער...

אַט דאָס ניט קלאָהרע ליעד דריקט אויס אַ שטימונג, וואָס איז אפשר צו טיעף איבערצוגעבען מיט ווערטער. אַזאַ שטימונג בלייבט נאָך גרויסע ליידען. מען קען פון זיי ארויסזאָגען בלויז אַ פּאָר האַלב פערקלעמטע ווערטער...

לייוויק שרייבט אַ סך ליעדער פון יענע שטימונגען. טהייל האָט ער נאָך נאָטירט זייענדיג אין געפענגעניש. ער האָט דאָרט איינגעאָטהעמט די מעלאַנכאָליע פון דעם רוסישען גייסט, און פערמישט מיט'ן איינגעבוירענעם צער פון זיין נשמה.

לייוויק'ס גייסט האָט זיך אַלעמאָל געפיהלט געפאַנגען. האָט מען זיין קערפּער אויך פערשפּאַרט, האָט ער נאָך מעהר דערפיהלט דעם צאַהם אויף זיך. ער האָט מיר איינמאָל געזאָגט: „זייענדיג אַ לאַנגע צייט אין געפענגניש, קען מען זיך מעהר ניט פאָרשטעלען דאָס דרויסיגע לעבען. אַלעס וואָס עס עקזיסטירט אויסער דעם געפענגניש ווערט אַזוי אונבעגרייפליך ווי יענע וועלט".

יענער לעבען האָט אויף לייוויק'ן געמאַכט אַ טיעפערען איינדרוק ווי אויף אַנדערע. ער איז דאָרט אריין צו ניינצעהן יאָהר און איז ארויס צו זעקס און צוואַנציג. דאָס ערקלערט אויך, וואָרום ער איז אַזוי ענג פערזענליך. צו לאַנג געלעבט אַליין, ער זאָל זיך קענען שיידען מיט זיין איינזאַמען איך. ער איז געוואָרען פערפרעמדט פון דער וועלט. ער האָט זיינע אויגען אויסגעדרעהט אינוועניג אריין און בלויז געקוקט אין די טיעפענישען פון זיך. די דרויסיגע וועלט איז פאַר איהם געוואָרען אַ לעגענדע... דערפאַר שפּיעלט ער ניט קיין סימפאַניע, נאָר אימער סאָלאָ. אבער די סאָלאָ איז זיין אייגענע, טיעפע...

וויפיעל סימבאָלישעס, מענשליכעס, וואַקסט ארויס פון די געפענגניש שטימונג:

„די נאַרע איז קורץ,
נאָר שלאָפען מוז יעדער זיך לעגען, —
לייגט איינער די פיס
דעם צווייטען ארויף אויף די אויגען.

און איינער דעם קאָפּ
שפּארט אָן צו דעם אנדערענס קייטען...
די נאָרע איז ענג —
מוז יעדערער האַלזען דעם צווייטען..."

לייוויק האָט א שטייפע נאַטור, אז ער האָט אַלץ געקענט אריבערטראָגען. פּיעלע זיינען פון דאָרט ארויס צובראָכען, פערלוירען אויף אייביג. אבער אז מען גיט א קוק אויף לייוויק'ס העל זיידענע האָר, זיין העל ווייס געזיכט, דערקענט מען א נשמה, וואָס האָט געפיהרט א פערצווייפעלטען קאמפף מיט זיך און איז ארויס די זיעגערין. זיין גליק איז וואָס ער האָט א טבע צו קוקען אויף אַלץ ווי א פילאָזאָף, פון דער זייט:

„קוק פון דער זייט זיך ביים וואנד,
ווער געהט ארויס, ווער אריין...
ביזט ניט דער ערשטער אין צעל,
ועסט ניט דער לעצטער אויך זיין..."

אין די לידער זעהט מען ווי לייוויק קען זיין זיין אייגענער צושויער. ער שטעהט פון דער זייט ווי אן אבגעזונדערטער פון אלעם און קוקט גלייכגילטיג אויפ'ן שפּיעל פון לעבען, גלייך ער וואָלט גאָר ניט געהאט איינצושטעלען אין קאָן — געווינען אָדער פערשפּיעלען... אבער זיין גלייכגילטיגער קוק איז ניט פון איינעם וואָס קען ניט אריינדרינגען טיעף, נאָר די קאלטע גלייכגילטיגקייט פון צופיעל זעהן — צופיעל ליידען...
גרויסע ליידען, אָדער זיי פער'סמ'ען דאָס הארץ אויף אייביג; אָדער זיי לייטזעליגען און מאכען ברייטער דעם מענשען, ווען מען איז נאָר גענוג שטארק זיי אריבערצוטראָגען.
לייוויק איז ארויס א געלייטערטער, א ליכטיגער; אז איהר קוקט אויף זיינע ערענסטע אבער מילדע אויגען, זעהט איהר אין זיי לייכטען א בעהאלטענעם שמייכעל, זאָגענדיג: „שאדט ניט, ס'האָט ניט געקענט זיין ערגער..."
ער האָט אַלץ אריבערגעטראָגען שטיל, מיט אן איינגעביסענע צונג, אבער שטאָלץ און מיט א שטייפע רעזיגנאַציע. ער איז געקומען צו יענע ליכטיגע בעפרייאונג, וואָס גיט כח צו מאכען מיט אַלעם שלום:

„איך בין מוחל, איך מין מוחל,<br>
כ'טראָג אויף קיינעם קיין פּערדרוס...<br>
אין א שטילע<br>
קינדיש תפלה<br>
שיק איך אַלעמען אַ גרוס..."

דאָס איז די פערגעבונג פון א מענשען, וואָס האָט זיך דערהויבען איבער דער וועלט און זיינע אייגענע ליידען. און וויים דעם סוד פון דעם גרויסען אונבעגרייפליכען קנויל פון דער מענשליכער נשמה. קיינער איז ניט שולדיג. אלע פּלאָנטערען זיך ווילענדיג אָדער ניט ווילענדיג. קיינער האָט ניט געהאט די ברירה מיט וואָס פאר א קניפּ צוגעבונדען צו ווערען צום לעבען. מיר זיינען דאָ אהערגעקומען אָהן אונזער אייגענעם פּלאַן. דער צופאַל האָט אונז אין דעם אונענדליכען קנויל אריינגעשפּינט. און מיר ראנגלען זיך אלע, מיר ווילען דעם צופאַל בעזיעגען... מיר ווילען דערגעהן צו עפּעס, מיר ווייסען אליין ניט צו וואָס...

לייוויק שרייבט איצט א דראמא וואָס וועט הייסען: „דער גולם". וואו ער וויל פארשטעלען ווי אזוי א מענש ווערט בעשאפען אָהן זיין אייגענעם ווילען און קען די גאנצע צייט פון זיין לעבען ניט בעגרייפען, צוליעב וואָס ער איז אין גאנצען בעשאפען געוואָרען. ער וויל אין דער דראמא בעווייזען די גאנצע אומגעלומפּערטקייט פון לעבען. די אייביגע אונבעהאָלפענקייט פון דעם מענשען. דאָס ניט קענען בעזיעגען דאָס צופעליגע.... און דערפון דאָס גרויזאמע, דאָס טראגישע — דורך דער מאכטלאָזיגקייט און די שטענדיגע צוטומעלטקייט. ער וויל ווייזען ווי דער מענש דערפיהלט צייטענווייז מיט א העכערען שכל דעם גאנצען אידיאָטיזם פון לעבען. דער מענש לעבט עפּעס אזוי זינלאָז, אידיאָטיש, צוטומעלט, עפּעס ווי מיר וואָלטען פון א שטיק ליים בעשאַפען געוואָרען — ניט וויסענדיג צו וואס פאר א צוועק... בלויז די וואָס ווייסען זעהר ווייניג, מיינען אז זיי ווייסען צו וואָס זיי לעבען... דער קריטישער מענש ווייס אז קיין זאך איז ניט זיכער. אלץ אין דער וועלט איז פאר מיר ווי א געדאנק. אָט האלט איך פון איהם, און באלד דאכט זיך מיר, אז ער איז ניט זיכער און איך

בייט איהם איבער אויף א צווייטען, דעם צווייטען אויף א דריטען און אזוי אונענדליך. טא וואו איז די זיכערקייט, אז מיין געדאנק איז די איינציגע מאָס פאר אלע זיכערקייטען?...

דער מענש, וואָס האָט דערפיהלט די אונקלאָהרקייט פון אלץ, קען מעהר ניט בעשולדיגען אנדערע, וועלכע זיינען אליין פערפלאָנטערט. עס בלייבט נאָר צו פערגעבען. צו ווערען קלאָהר אין זיך. אָבער די וועגען זיינען געהיימניספולע, פערדרעהטע. געהענדיג, דערשרעקט מען זיך פאר'ן אייגענעם שאָטען. לייוויק איז געגאנגען אויף יענע מורא'דיגע וועגען און פיעל מאָל האָט איהם ארומגעכאפט א שרעק פאר זיך אליין... ער האָט דערפיהלט אזא צושפאלטענקייט, אז ער האָט זיך אין גאנצען פערלוירען. ער האָט דערפיהרט דאָס גאנצע לעבען צו נול, און האָט פלוצלונג א ציטער געטהאָן פאר דער אונבעגרייפליכער הויל־קייט... ער האָט דורכגעלעבט אזעלכע מאָמענטען, וואָס בלויז געצעהלטע לעבען דורך, ווען זיי שליסען זיך אָב פון דער וועלט.

פון די לידער פון יענע איבערלעבונגען וועהט די קעלט פון עפּעס אונבעקאנטעס... ער האָט אזוי פערבלאנדזשעט אין זיך, אז פאר שרעק דאכט זיך איהם, אז ער איז ניט איינער נאָר צוויי, און יענער צווייטער געהט איהם פערביי:

„זעה איך: געהט א מענש פערביי,
גיט זיך מיר א נויג, —
קעהר איך אָב דעם קאָפּ און קוק —
גלויב איך ניט מיין אויג:

זיין געזיכט — ווי מיין געזיכט,
איז דאָס אפשר איך?
אויפ'ן מיטען וועג אין נאכט
שטעה איך, קוק אויף זיך.

פול מיט שרעק פון צופיעל זעהן
און פון זיך אליין,
קוק איך, ווארט: וועט אפשר ווער
באלד פארביי מיר געהן...

קומט ניט קיינער. פוסט דער וועג,
שטערען שיינען קאַלט.
שטעה איך אין דעם טויטען שיין
מיר אנטקעגען — מיין געשטאַלט..."

לייוויק האט אין דעם ליעד זיך אליין אביעקטיוויזירט אין א צווייטען געשטאַלט. ווען מען גראבט זיך טיעף אין זיך, ווערט מען צושפאַלטען ניט בלויז אויף צוויייען, נאר אויף פיעל מעהר. פי־זיש איז א מענש איינער, אבער גייסטיג—פיעל... ער האט מיט זיין סוביעקטיווען חוש דערפיהלט, אז ער איז ניט איינער. ער דערזעהט זיך טהיילמאל אין נאך אנדערע געשטאַלטען. טהיילמאל זעהט ער זיך ערגעץ ווייט און טהיילמאל נאהענט.

לייוויק האט דורכגעלעבט אזעלכע טעג אין לעבען, וואס מאַ־כען ליכטיגער א מענשענס אויגען. ער קען זעהן דאס אינערליכע, פערבאָרגענע. און זעהענדיג מאכט עס איהם צו וועלען זעהן נאך טיעפער. ער וויל דערגרונטעווען דאס אייביג סודות'דיגע. ער הויבט זיך אן ראנגלען מיט יענע אייביג אונבעגרייפליכע פראגען:

וואס איז דאס גאנצע לעבען? פון וואנען קומען מיר און וואוהין געהען מיר? פיהרט אונז ווער? צו וואס? איז איבער־הויפט דא א פיהרער? אדער איז דער מענש און אלץ ארום איהם בלויז א פאלשער שפיעל? און ווער איז דער וואס פיהרט דעם גאנ־צען פאלשען שפיעל? ווער בין איך?

טהיילמאל דאכט זיך איהם, אז זיין „איך" איז ערגעץ ווייט פערדרעהט. און ער דערפיהלט א פרעמדקייט צו זיך אליין. עס קומט איהם אריין א געדאנק, אז ער איז נאר אן אויסגעטראכטער:

און מיט אמאל: ס'איז גאר ניט דו,
א טעות נאר:
ניט דיינע הענט, ניט דיין געזיכט, —
א פרעמדענ'ס גאר.
און וואס דו זעהסט און וואס דו טהוסט—
א פאלשער שפיעל;
א ז אויסגעטראכטער וואנדעלסט אום
אהן וועג, אהן ציעל...

דער אמת'ער איז ערגעץ ווייט,
איז איינגעדרעהט
און איינגעשרויפט אין זיך אליין,
ווי אין א קייט...
ער שלעפט זיך ערגעץ נאך דער קייט,
געהט טריט ביי טריט...
און וואו? ביז ווען? ניט ער, ניט ווער,
וויים קיינער ניט..."

לייוויק האט דערהויבען זיין איינזאמקייט צו דער איינזאמ־קייט פון אלע איינזאמע. אמת, ער דיכטעט אלעמאל פון די אי־בערלעבונגען פון זיין אייגענעם איך. אבער דאס איז דערפאר ווייל ער האט צוזאמענגענומען אלע שטראהלען פון לעבען און זיי קאנצענטרירט אין זיך און פון דארט שיינען זיי צוריק ארויס מיט די פארבען פון זיין בלוט. דערפאר וואס ער האט געלעבט אבגע־זונדערט פון דער וועלט, האט ער זיך געקענט פערטיעפען אין די רעטענישען פון לעבען. און דעריבער לעזען מיר ביי איהם אזעלכע פערבעהאלטענע שטימונגען, וואס זיינען כמעט אונאויסדרוקבאר און ער געפינט פאר זיי אויסדרוק...

פערשטעהט זיך, אז ניט אלע מענשען קענען דאס זעהן. ניט אלע לעבען דורך אזעלכע וויזיאנען, נשמה־זיגזאגען. אם מעהרסטען פיהלען עס די צ א ר ט ע נ א ט ו ר ע ן. ניט אלע מענשען פארשען זיך. נ י ט א ל ע ק ע נ ע ן ז י ך נ ע ה מ ע ן א ו י פ'ן פ ע ר ה ע ר. אנדערע בעשולדיגען בלויז די וועלט, צו זיך אליין דערגעהען זיי ניט. אבער לייוויק איז ניט אין כעס אויף אנדערע, נאר אויף זיך אליין... ער פיהלט זיך אלעמאל „א צ ו ו י י ג ע ש ט א ל ט י ג ע ר." נאר אזא זעלבסטקריטישער מענש ווי לייוויק האט געקענט אויפשרייבען די שורות:

„איך בין א צוויי געשטאלטיגער און א פערקעהרטער,
איך בין א טיעף־פארדארבענער פון טאג און טעג,
און קיינער זעהט, ווי קרום עס איז דער וועג
פון מיינע טריט, פון מיינע ניט דערזאגטע ווערטער..."

און ווער קען נאך זיין אזוי שטרענג צו זיך ווי לייוויק? ער שפיאנירט די קלענסטע אייגענע בענעה־

מ ו נ ג, און קוקט טהיילמאַל מיט אזא בייז אויג אויף זיך, אז ער דערפיהלט אן עקעל צו זיך אליין:

„בעשערט מיר אויף זיך אליין קוקען
מיט עקעל און גרויל:
די אויגען מיט טרעהרען פערלאַפען,
מיט שמייכעל — דער מויל...“

דאַס פיהלען אן עקעל צו זיך זעלבסט דערמאַנט אן משה ווארשע, נאָר יענער האָט דאָס ניט געקענט אריבערטראָגען און איז דערגאנגען צום טויט. אבער לייוויק האָט זיך גובר געווען... דורך זיין ק אַ ל ט ע ן ש מ י י כ ע ל, דורך זיינע ליעדער, ו ו ע ר ט ע ר א ו י ס ג ע ל י י ז ט פ ו ן ז י ך א ל י י ן...

לייוויק איז ניט דער דיכטער פון דער דרויסיגער נאַטור. איהם אינטערעסירט דער מ ע נ ש און נאָר דער מענש! אבער איהם אינטערעסירט ניט דער מענש בלויז אין דעם ענג פערזענליכען זין. נאָר דער מענש מיט אלע זיינע קוועלונגען און רעטענישען.

ווען א מענש ווערט פריי אין זיך אליין, איז ער נאָך אין גאַנצען ניט פריי. ער דאַרף זיך נאָך בעפרייען פון דער וועלט אויך. א מענש איז ניט עפּעס אבסאָלוטעס פאַר זיך אליין, נאָר מיט מי־ליאָנען זונען און נעבלען דורכגעשטראהלט. טהיילמאָל דאַכט זיך, אז דער נעבעל איז אזוי דין, אז מען וועט געבען א מאַך מיט דער האַנד, וועט ער פארשווינדען. אבער וואָס מעהר מיר טרייבען די נעבלען פון זיך, אלץ מעהר געדיכטע אונענדליכע נעבלען דערזעהן מיר ארום זיך... ביז — ס'ווערט אין גאַנצען פינסטער...

לייוויק האָט זיך גענומען ראַנגלען מיט די אייביגע וועלט־נעבלען. ער האָט זיך גענומען איבער אלץ פרעגען און וואונדערען. א בעוועגונג פון דער האַנד ווערט ביי איהם אן אייביגקייט־רעטעניש.

„אין דער טיעפעניש פון נאַכט א בעוועגונג מאַכט מיין האַנד,
קיינער ווייס ניט וועמען זוך איך, וועמען זעה איך אין דער נאַכט“.

אלעס איז אונבעגרייפליך. און ער ווערט פערוואונדערט אי־בער זיך אליין און איבער'ן גאַנצען לעבען אין דער זעלבער צייט.

וואָס איז דאָס אלעס, וואָס מיר זעהען? ווייסען מיר וואָס מיר זעהען? וואו איז טאַקע אהינגעקומען א בעוועגונג פון דער האַנד? אדער א בליק פון מיין אויג? און די מיליאָנען לעבענס

פון דור דורות? קיינער ווייס ניט. וועגן די אייביגע רעטענישען קען דער מענשליכער שכל בלויז פרעגען... — בלאָנדזשען מיר אין דער דונקעלהייט און זוכען און ווייסען אליין ניט וואָס און וועמען...

„איך אליין אויך ווייס ניט וועמען און וואָס זוך איך אין דער נאַכט
און צו וועמען איז געווענדט די בעוועגונג פון מיין האנד...
אין דער טיעפעניש פון נאכט בין א־ך איינזאם און אליין
פון דער גאנצער וועלט א סימבאל..."

אַט דאָ איז אויסגעדריקט דער לעבענס־פּלאָנטער אין א פּאָר שורות. דער גרעניץ און די אייביגע אונרוה. דער דראנג צו בעגרייפען זיך און די וועלט. און דער ווילען צו ענטלויפען פון דעם שווער בעגרענצטען און ארויסרייסען זיך פון איהם. צו לויפען פון זיך און בעהאלטען זיך פון דער וועלט.

שפּארט מען זיך אזוי לאנג, ביז מען קלאפּט זיך אָן אָן די אייזערנע שטאָכעטען... און נ י ט אָ ו ו א ו ז י ך צ ו ב ע ה אָ ל ט ע ן. די וועלט איז דאָך אזוי גרויס — און איז דאָך צו קליין פאר א מענש...

: : :

ה. לייוויק איז דער סימבאָלישער דיכטער, וואָס רייט אויף צוויי פערד — א שווארצען און א ווייסען. דעם ווייסען זעהען אלע, נאָר דעם שווארצען זעהט דער רייטער אליין. אויף איינעם וואָלט איהם געווען שווער דורכצורייטען די דונקעל פערדרעהטע וועגען פון די טעג...

לייוויק'ס ליעדער האָבען אלעמאָל א פיעלדייטיגען זין. זיי זיינען פ י ו ג י ס ט י ש, אין זיי קלינגען אלעמאָל דורך עטליכע טענער צוזאמען. און איין טאָן פערלירט זיך אין צווייטען אריין אויף א מיסטעריעזען אופן...

דאָס ליעד: „איך דאנק אייך גוטע מענשען" קען גענומען ווערען אלס אן איינפאכע געזעגענונג מיט די מענשען פון דעם קאלטען לאנד סיביר. און אויב איהר ווילט, איז דאָ אָנגעריהרט דער טרויעריגער סוד פון אונזער לעבען: אז צוויי מאָל איבערלעבען דאָס זעלבע, קען מען ניט. וואָס א מענש טהוט איינמאָל, איז פערפאלען אויף אייביג. די גוטע אָדער די שלעכטע מינוטען, וואָס

מיר האָבען געהאַט, וועלען זיך קיינמאָל ניט ווידערהאָלען, בלויז איינמאָל וואַנדערען מיר דורך אונזער לעבענס־וועג:

„איך האָב געזעהן איך איינמאָל  
און וועל ניט זעהן שוין מעהר;  
מיין וועג איז ווייט, וועל קיינמאָל  
ניט קומען מעהר אַהער.

צו וואָס איך גיב אַ ריהר זיך  
איז דאָס דער לעצטער ריהר:  
אָט מאַך איך אייער טיר צו, —  
פֿילייכט די לעצטע טיר...“

דער צער פון בעוואוסטזיין, מיט יעדער בעוועגונג, וואָס מיר מאַכען פערגעהען מיר... דער אונפערמיידליכער טראַגיזם איז דער אונטערטאָן פון אַלע לייוויק׳ס לידער. די קללה פון צופאַל און אויך פון אונפערמיידליכקייט... די גלייכגילטיגקייט צום צוגענגליכען און דער *דראַנג צום אונמעגליכען*...

לייוויק׳ס לידער זיינען כמעט אַלע סימבאָליסטיש פילאָזאָפיש. אין דער סעריע „אין שניי“ האָט ער אונז ניט בלויז דערצעהלט פון דעם קאַלטען וועג, אויף וועלכען ער איז אין שרעק געלאָפען פון סיביר, נאָר מיר דערפיהלען, אַז דאָס איז אויך דער וועג פון אונזער לעבען — וואו אַלע מענשען לויפען און ווילען זיך בעפרייען... פון דער איינזאַמקייט — פון זיך אַליין... אָבער ניטאָ וואוהין צו לויפען... ניטאָ קיין וועג. אַלעס וואָס מיר קענען טהאָן איז זיך פערשפּיעלען, *פערשכור׳ן אונזער בעוואוסטזיין*. אז ניט, איז שווער אַריבערצוטראָגען די מאָנאָטאָניע, די לעהרקייט, די אונרוה...

יאָ. מיר *זיינען געצוואונגען* צו שפּיעלען:

קינדער האָבען שפּיעלעכלאַך,  
שפּיעלען ווען זיי ווילען;  
גרויסע שפּיעלען נאָר מיט זיך,  
מוזען אייביג שפּיעלען.“

לייוויק איז מזל׳דיג דערמיט, וואָס ער איז געקומען אין א צייט, ווען די אידישע פּאָעזיע האָט זיך שוין געהאט אויסגעטראטען א וועג. ער האָט פיעל צו פערדאנקען די דיכטער בעפאָר איהם. אבער ער האָט ניט גענומען פון זיי. לייוויק איז אָריגינעל סיי אין אינהאלט, סיי אין פאָרם. אין דעם לעצטען איז ער אונפערגלייכבאר. זיין פערז איז אזא געזונטער, קאָנצענטרירטער. ער שרייבט ניט נאָר אין קורצע שטריכען, מינאַטור־שטימונגען. דאָס האָבען שוין אנדערע געטהאָן. ער טהוט פיעל מעהר. ער נעהמט לעבענסרעטענישען, אויף וועלכע אנדערע דיכטער וואָלטען פערשווענדט הונדערטער שורות, און שרויפט זיי צוזאמען אין צוויי דריי סטראפען. און וויפיעל וועריאציעס ער מאכט מיט׳ן ריטהם און מעטער, קומען דאָך זיינע לידער ארויס אזוי איינפאך, אז מען פיהלט ניט די ווערטער ווען מען לעזט, נאָר ס׳דאכט זיך, אז דאָס זיינען אונזערע אייגענע געדאנקען און געפיהלען.

לייוויק׳ס אָריגינעלקייט ווייזט זיך ארויס אין זיינע ליעבע לידער. ווי ניי, פּסיכאָלאָגיש און אייגענארטיג זיי זיינען.

אנדערע פּאָעטען האָבען געשריבען ליעבע לידער אזוי ווי אין אלע צייטען. אפילו די גאָר אָריגענעלע האָבען נאָר צוגעגעבען נייע פארבען און בלויז וואריאירט מיט דער סענטימענטאַליטעט. אָבער לייוויק שרייבט וועגען ליעבע אויף א גאנץ בעזונדערען שטייגער. עס ווערט אפילו אין זיי ניט דערמאָנט דאָס וואָרט ל י ע ב ע. ער זוכט צו זיין געטריי צו זיך אויך דאָ — אין זיין בעציהונג צום צווייטען געשלעכט. ניטאָ ביי איהם קיין פארטיגע, שוין פון לאנג זינגלאָזע סענטימענטאלע ווערטער. ער בעזינגט ניט, אידעאליזירט ניט די געליעבטע אָדער די ליעבע. דאָס זיינען אויבענאויפיגקייטען. לייוויק׳ן ציהט אימער אין די טיעפקייטען. ער דערצעהלט די אונזיכערקייט, פרעמדקייט און ציטערקייט, וואָס איין געשלעכט פיהלט צום צווייטען. דאָס ליעבען און פיינטען אין דער זעלבער צייט...

„לעבערליך און שעהמעוודיג“, איז דאָס בעסטע ליעבע ליעד, וואָס איז ווען געשריבען געוואָרען. עס גיט אויף אזא איינפאכען אופן איבער דעם זיגזאג פון ליעבע און כאראקטעריזירט אין דערזעלבער צייט אזוי גוט די שטילע ציטעריגע נאַטור פון דעם דיכטער:

„לעכערליך און שעהמעוודיג
שטעה איך לעבען דיר;
הייסט מיך זיצען — זעץ איך זיך,
גיב זיך ניט קיין ריהר.

הייסט מיך עסען — פאָלג איך דיר,
ווערג זיך שטילערהייט,
שנייד פון גרויס צומישעניש
מיט'ן גאָפּעל ברויט.

שטרעקסטו אויס די הענט צו מיר,
פינגער — ווייס און דין,
מיין איך, אז דו זעגענסט זיך —
גולם וואָס איך בין!"

לייוויק'ס בעוואוסטזיין איז אימער וואך. דערפאר געדענקט ער ווי ער האָט אויסגעזעהן אונטער די פערשיעדענסטע אומשטענדען. ער צוגלידערט אלץ און האלט אימער אן אויג אויף זיך. ער דערזעהט זיך טהיילמאָל אין זעהר א לעכערליכע פּאזע. און זייענדיג טאָפּעל סענסיטיוו האָט ער מורא פאר זיך און פאר'ן צווייטען. ציטערט עס זאָל ניט עפּעס אומגעריכטעס געשעהן. ווייל עפּעס א צופאל הענגט איבער יעדען מענשענס מזל. דערפאר זיין בעציהונג צום צווייטען געשלעכט אזוי פערפרעמדט, צוטומעלט, אונענטשלאָסען:

„איך ציטער אזוי זיך, — איך ווייס ניט
פאר זיך, צי פאר דיר, צי פאר ביידען
איך שרעק מיך מיט דיר זיך צו טרעפען
און נאָך מעהר מיט דיר זיך צו שיידען..."

אויך אין לייוויק'ס געזיכט קען מען טהיילמאָל דערקענען אזא בעהאלטענעם שרעק. ער ווערט אין גאנצען ציטעריג, ווי די מיסטישע פיגורען פון איעק. ס'איז איהם געבליבען אזא אונמעכטיגער געפיהל פון זיין ווייסע איינזאמקייט.

די פלאמען פון אמאליגען כעס זיינען איצט שוין ניטא. אלץ האָט זיך ביי איהם איבערגעברענט. געבליבען איז אבער אזא

ו ו י י ס ע ר  א ש. וואָס ליגט צושאָטעז אויף אַלע זיינע שטי־
מונגען. לעצטענס האָט אָבער לייוויק דערפיהלט דעם פערבליבע־
נעם אש ווי אַן איבריגע לאַסט — און עס איז ביי איהם געבווירען
געוואָרען די האָפענונג צו דערלייזונג...

: : :

אויסערליך מערקט זיך דאָ און דאָרט לייוויק'ס עהנליכקייט
צו ראַלניק'ן. אָבער אין גרונד זיינען זיי פערשיעדען. ניטאָ ביי
ראַלניק'ן דער דואַליזם פון מענשען. ראַלניק איז  ג אַ נ ץ  א י ן
ז י ך — ביי לייוויק'ן איז  ד אָ  א ז אַ  צ ו ש פּ אַ ל ט ע נ־
ק י י ט.  פון דעם איינענעם איך. ראַלניק פיהרט קריעג מיט דער
וועלט — לייוויק מיט זיך אַליין...

ביידע, אי ראַלניק, אי לייוויק, פּאַסען אויף דאָס לעבען ווי
אַ נעפּענגעניש. דאָך ווי פערשיעדען זיינען די וועגען פון ביידע
דיכטער.

ראַלניק האָט דערזעהן אַז מיר זיצען אין איינצעלנע צעלען:

„און יעדער שלאָגט זיך בעזונדער
דעם קאָפּ אַן דער וואַנד פון זיין תפיסה,
ווען טויזענדע נאָהענטע כאָרכלען
אין לעצטע מינוטען פון גסיסה.“

און קיינער קען פון דאָרט ניט אַרויסגעהן, זאָגט ער אונז.
וויל:

„די אייביגע ווענד זיי פערשטעלען.“

ראַלניק איז טאַקע פערבליבען אין זיין תפיסה. די תפיסה
איז געוואָרען זיין  ה י י ל י נ ע ר  ט ע מ פּ ע ל.  זיין גרויס
קעניגרייך.

לייוויק זאָגט:

„איינגעשמידטע זיינען מיר,
יעדער אין אַ קאַמער זיצט בעזונדער:
איינגעשפּאַרטעהייט ביים טיר
שטעהען מיר און וואַרטען אויף אַ וואונדער:
פּלוצלונג עמיץ שטילערהייט
עפענען וועט אַלע טירען,
וועט צורייסען אונזער קייט,
אונז פון תפיסה אַרויספיהרען“.

ביי לייוויק'ן פיהלט איהר דעם דראנג צו זעלבסט בעפרייאונג. ער וויל זיך אויסלייזען פון זיך אליין: „עס האט דערעסען מיר צו זיצען אין דער טונקעלהייט אין ווינקעל, און איינגעמאטערט איז מיין אויג געווארען אויף זיך אליין צו קוקען...“

און ער בענקט „...מיט פייערען זאל ווערען פול מיין צימער, און זאלען קומען געסט, אי פריינד, אי פרעמדע צווישען זיך און עסען, טרינקען, ריידען און ליכטיג זאלען זיין ביי אלעמען די אויגען און רוהיג, רוהיג...“

ווייל ער איז שוין מיעד פון זיין איינזאמקייט:

„איינגעמאטערט איז מיין הארץ געווארען,
פאר מיר אליין צו קלאפען...“

ער האט זיך דעריבער אנגעהויבען רייסען צו ליכטיגקייט: „און איצט מעג זיין ליכטיג, מיין קאפ איז ניט אייביג געבויגען. איך קוק דיר שוין גלייך אין די אויגען, — דורך אפענע אויגען ארויס וועט דער אונרוה פון ביידען, און איצט צינד אן פייער...“

לייוויק וויל זיך בעפרייען פון די וואכעדיגקייט, פון די שווארצע נעבלען. ער זוכט נייע פארבען, נייע ליכטיגקייט. אין פיעלע ליעדער פליהט ביי איהם שוין דורך עפעס ווייסעס:

„אין דער פינסטער זיינען מיר
ווייסער נאך געווארען,
אין א ווייסען שרעק אזא
ביידע זיך פארלארען.

קוקסט אויף מיר, און איך אויף דיר, —
דו בעהאלסט די אויגען:
עפעס ווייסעס איז אין לופט
אונז פערביי געפלויגען.“

זוי פיעל טרייסט ליגט אין די הארציגע ווערטער: אין דער פינסטער זיינען מיר ווייסער נאך געווארען“? און וואס פאר א גרויסע האפענונג וועקט אין אונז דער דיכטער מיט דעם סימבאל: „עפעס ווייסעס איז אין לופט אונז פערביי געפלויגען“.

איז דאס ניט קיין אנזאג אויף א נייע פרייד? אז נאך אלען מיספיהלען, ראנגלערייען, און קריעגען, וועט דאך קומען דער פריעדען וואס וועט דערנעהנטערען איין מענש צום צווייטען....

לייוויק איז דער סימבאליסט פון דעם מענשענס בעוואוסטזיין און פון די אינטימסטע שטימונגען. און ס'איז א פרייד צו וויסען אז ער, דער איינזאמסטער צווישען די איינזאמע, האט דערזעהן דעם פאך פון א ווייסען פליגעל...

דאס ווייסע וואס פליהט דורך, — דאס איז דער העלער שיין, וואס שטראהלט אויף, ווען איין מענש דערנעהענט זיך צום צווייטען אין אויסערגעוועהנליכע מאמענטען. יענע רגעס זיינען די טהייערסטע אין לעבען. מען דערפיהלט דעמאלט, אז מען איז דאך ניט אין גאנצען אליין אויף דעם עלענדען פלאנעט. אבער יענע מאמענטען זיינען זעלטענע ביי יעדען מענשען.. אמעהרסטען זיינען מיר אליין אין דער וועלט. מיר בלאנדזשען יעדער פאר זיך הינטער הויך געמויערטע ווענד... פון צייט צו צייט הערען מיר איינער דעם צווייטענס הויכען געלעכטער און פערצווייפעלטע שטימען... פרעהליכע טענץ און פערביסענע זיפצען... אבער מיר ווייסען קיינמאל ניט ווי מיר זעהען אויס... אייזערנע גראטען פערשטעלען אונז איינער פון צווייטען. נאר אמאל קומט א דיכטער מיט אזוניגע נשמה און צוגליהט די אייזערנע גראטען — דאן פליהט דורך עפעס ווייסעס... אזא העלער שטראהל פון איין נשמה צו די צווייטע...

אין זיין סעריע ליעדער „אין שניי“ מערקט זיך שוין לייוויק'ס דערגעהן צו ווייסקייט, ליכטיגקייט. ער האט פערקליידעט אלע זיינע שרעק־שטימונגען אין שניי און ס'איז פון זיי געבווירען געווארען א ווייסער טרוים... דער טרוים פון זיכבעפרייאונג!...

שניי, ליכט, ווייסע טרוימען זיינען זעהר כאראקטעריסטישע טרוימערייען ביי לייוויק'ן. אליין איז ער אויך אין גאנצען א ווייסער. זיינע האר זיינען בלאנד ווייס, זיינע אויגען־ברעמען העלווייס, זיין גאנץ געזיכט איז ליכטיג ווייס.

און פיהרען פיהרט ער אונז אויף אין א ווייסע וועלט....

: : :

